שאול פערדמאַן

# בילדער און געשטאַלטן

ליטעראַרישע כרעסטאָמאַטיע

צווייטער טייל



1974

יידישע שול אין מעקסיקע

שואל פֿערדמאַן

# בילדער און געשטאַלטן

ליטעראַרישע כרעסטאָמאַטיע

צווייטער טייל



1974

ייִדישע שול אין מעקסיקע



# ~הערשלען~

אַן אָנדענק און דערמאָנונג



## יהואש — מזמור שיר ליום השבת

— מזמור שיר ליום השבת!
ווי עס גיסט זיך דורכן האַרצן
אַזוי יום־טובֿדיק און פֿריילעך
אין אַ כאָר פֿון זיסע קלאַנגען:
— מזמור שיר ליום השבת!

ס'שטאַמט דאָס ליד ניט פֿון קיין מענטשן,
נאָר מלאָכים ווײַסע האָבן
דאָס געזונגען אין גן־עדן
אין דעם ערשטן הויכן שבת
נאָך דער גרויסער וועלט־באַשאַפֿונג,
און די זון און אויך די שטערן
אַלע האָבן מיטגעזונגען:
מזמור שיר ליום השבת!



און די בלומען פֿון גן־עדן
האָבן שמעקעודיק געוויגט זיך,
האָבן אויפֿן פֿאַרביק־דופֿטיק־ (1)
בלומען־לשון מיטגעזונגען:
— מזמור שיר ליום השבת!

אויף זײַן כּסא־כּבֿוד דעמאָלט
מיט אַ געטלעך גוטן שמייכל
האָט דער בורא מיטגעזונגען:
— מזמור שיר ליום השבת!

1. שמעקעדיק.

| יצחק־לייבוש פרץ | דער אוצר |
|---|---|

## א.

צו שלאָפן תּמוז־צײַט אין אַ שטיבל פון ד' על ד' (1), צוזאַמען מיט אַ ווײַב און אַכט קינדערלעך, איז נישט קיין גרויסער תּענוג (2), כאָטש פּרײַ־טיק צו נאַכטס. כאַפּט זיך טאַקע שמערל האַלצהעקער אויף נאָך האַלבער נאַכט אָן אָפּגעקאַכטער און אָן אָטעם, גיסט זיך געשווינד אָפּ די נעגל (3), כאַפּט אויף זיך דאָס כאַלאַטל (4) און לויפט אַ באָרוועסער פון גיהנום אַרויס. קומט ער אין גאַס אַרײַן — שטיל, אַלע לאַדן (5) פאַרמאַכט, און איבערן שלאָפנדיקן שטעטל שטייט אַ הויכער, שטילער, אויסגעשטערנטער הימל. דאַכט זיך אים, אַז אַצינד איז ער איינער אַליין מיט גאָט, ברוך הוא. מאַכט ער (6), אַרויפקוקנדיק צום הימל: „נו, רבונו־של־עולם, אַצינד איז צײַט, זאָלסט מיך אויסהערן און בענטשן מיט אַן אוצר פון דײַנע אוצרות“.

ווי ער זאָגט דאָס אַרויס, דערזעט ער, אַז פאַר אים לויפט עפּעס אַ פלעמל (7) פון שטעטל אַרויס. פאַרשטייט ער, אַז דאָס איז עס. וויל ער נאָכ־לויפן, דערמאָנט ער זיך, אַז עס איז שבת, אַז לויפן טאָר מען ניט, — גייט ער נאָך. און אַזוי פּאַמעלעך ווי ער גייט, אַזוי פּאַמעלעך הייבט אויך דאָס פלעמל אָן צו גיין, און דער מהלך (8) צווישן אים און דעם פלעמל ווערט נישט לענגער, נישט קירצער. גייט ער. טייל מאָל רופט זיך אים עפּעס אָן אין הארץ: שמערל, זײַ קיין נאַר נישט, נעם אַראָפּ דאָס כאַלאַטל, טו אַ שפּרונג אונטער און וואַרף עס אַרויף אויף דעם פלעמל! פאַרשטייט ער אָבער, אַז דאָס רעדט אין אים דער יצר־הרע (9). דאָס כאַלאַטל נעמט ער פון זיך אַראָפּ, גרייט צו וואַרפן איז ער, נאַר להכעיס (10) דעם יצר־הרע מאַכט ער נאָך קלענערע טריט, און דערפרייט זיך, זעענדיק, אַז זינט ער מאַכט קלענערע טריט, רוקט זיך דאָס פלעמל אויך פּאַמעלעכער.

---

1. פיר אײלן אויף פיר — זייער ענג. 2. פאַרגעניגן. 3. וואַשט די הענט.
4. אַזאַ קאַפּאָטע. 5. פענצטער־טירלעך. 6. זאָגט. 7. פײַערל. 8. דיסטאַנץ.
9. אינעווייניקסטער כּוח, וואָס רעדט אָן מענטשן צו שלעכטס. 10. a despecho.

גייט ער אזוי פּאַמעלעך דעם פלעמל נאָך און גייט, קומט ער פּאַמע־לעך אַרויס פון שטעטל. דער וועג שלענגלט (11) און דרייט זיך איבער פּעל־דער און לאַנקעס (12), און דער מהלך צווישן אים און דעם פלעמל ווערט אַלץ נישט לענגער, נישט קירצער. און אַז ער זאָל וואַרפן דאָס כאַלאַטל, וואָלט ער צום פלעמל נישט דערגרייכט. דערווייל צעמישן זיך אים אין קאָפּ די געדאַנקען: ווען ער זאָל כאַפּן דעם אוצר, וואָלט ער אויף דער עלטער קיין האַלצהעקער נישט געווען; ער האָט שוין נישט דעם כּוח צו דער אַרבעט, וואָס אַ מאָל. דעם ווײַב וואָלט ער געקויפט אַ שטאָט (13) אין דער ווײַבערשער שול, זי זאָל נישט האָבן קיין פאַרשטערטע שבתים און ימים־טובים דערפון וואָס מען לאָזט זי אין ערגעץ נישט זיצן. ראש־השנה און יום־כּיפּור פאַלט זי נעבעך גאָר פון די פיס — די קינדער האָבן איר די כּוחות צוגענומען! און ער וואָלט איר אַ נײַ קלייד געמאַכט, אַ פּאָר שנירלעך פּערל געקויפט... די קינדער וואָלט ער אין בעסערע חדרים אָפּ־געגעבן, פאַר דעם עלטסטן מיידל וואָלט ער זיך שוין אומגעקוקט וועגן אַ שידוך. אַזוי, נעבעך, טראָגט זי דער מוטער נאָך די קיישלעך מיט אויפּס (14) און האָט קיין מאָל קיין צײַט נישט אַפילו זיך רעכט צו פאַרקעמען. און צעפּ האָט זי לאַנגע, לאַנגע, און אויגן — ווי אַ סאַרנע(15)...

— עס וואָלט אַ מצווה געווען צו כאַפּן דעם אוצר...

— ווײַטער דער יצר־הרע! — טראַכט ער. — אַז עס איז נישט באַ־שערט, איז נישט! אין דער וואָכן וואָלט ער שוין געוווּסט וואָס ער האָט צו טון...

## ב.

ער זיפצט אָפּ און גייט אַלץ ווײַטער און ווײַטער, און וואַרפט פון צײַט צו צײַט אַן אויג אין הימל אַרײַן: „רבונו־של־עולם, וועמען ווילסטו דאָ אויס־פּרוּוון? שמערל האַלצהעקער? ווילסט געבן — גיב!" דאַכט זיך אים, אַז דער אוצר הייבט זיך אָן צו רוקן אַ ביסל פּאַמעלעכער. נאָר אין דער רגע דערהערט ער — אַ הונט בילט. דערקענט ער דאָס בילן: דאָס איז פון ערשטן דאָרף הינטער דער שטאָט; און ער דערזעט שוין, ווי עס וויגן זיך אין דער פרישער פאַרטאָג־לופט ווײַסע פלעקן, דאָס זײַנען די פּויערישע הײַזלעך. און באַלד דערמאָנט ער זיך, אַז עס מוז שוין זיין אַ תּחום־שבת (1); שטעלט ער זיך אָפּ.

— יאָ, עס איז אַ תּחום־שבת, — טראַכט ער און זאָגט, ווי אין דער וועלט אַרײַן: — וועסט מיך נישט אַראָפּפירן פון וועג! עס איז נישט קיין גאָטזאַך, גאָט מאַכט נישט קיין חוזק פון מענטשן — מעשה לץ (2) איז עס!

---

11. דרייט זיך. 12. prados. 13. שטענדיקער פּלאַץ אין בית־הכּנסת.
14. פּרוכטן. 15. venado.
1. די גרענעץ, ביז וואַנען מע מעג גיין אום שבת. 2. טײַוול.

און ער ווערט אַ ביסל בייזלעך אויפֿן בעל־דבֿר (3), און דרייט זיך צוריק אוים צום שטעטל, און גייט האַסטיק (4) צוריק. טראַכטן טראַכט ער: אין דער היים אויסזאָגן וועל איך נישט; ערשטנס, וועט מען מיר נישט גלייבן... און אַז יאַ, וועט מען לאַכן פֿון מיר! און צו וואָס זאָל איך מיך רימען (5)?... דער בורא־עולם ווייסט — איז גענוג. און זי וואָלט זיך נאָך אפשר געבייזערט, ווייס איך? די קינדער אַוודאי — נאָקעט און באָרוועס, נעבעך!

ניין, ער וועט עס פֿאַרן מויל נישט ברענגען... ער וועט אַפֿילו דעם רבונו־של־עולם דעריינען קיין מאָל נישט דערמאָנען. האָט ער דערמיט עפּעס גוטס געטון, וועט ער אַליין געדענקען...

און פּלוצעם דערפֿילט ער אין זיך עפּעס אַ מאָדנע, ליכטיקע רויִקייט, אין אַלע אבֿרים צעגיסט זיך אים אַ שטילער נחת. „געלט איז פֿאַרט נישט מער ווי קיִ און שפּיִ! עשירות קאָן נאָך אַראָפּפֿירן פֿון רעכטן וועג". און עס ווילט זיך אים דאַנקען גאָט דערפֿאַר, וואָס ער האָט אים נישט געברענגט צו קיין נסיון (6). עס ווילט זיך אים כאַטש אַ ליד זינגען. „אָבֿינו מלך" דערמאָנט ער זיך פֿון די יונגע יאָרן, נאָר ער פֿאַרשעמט זיך פֿאַר זיך אַליין און האַקט אָפּ. ער וויל זיך דערמאָנען אַ הזנישע זאַך — פּלוצלונג אָבער דערזעט ער, אַז דאָס אייגענע פּלעמל, וואָס ער האָט געלאָזט הינטער זיך, איז אים צוריק אַרויסגעקומען פֿון פֿאָרנט, און עס רוקט זיך פֿאַר אים גאַנץ פּאַמעלעך צום שטעטל... צום שטעטל... און דער מהלך צווישן אים און דעם פּלעמל ווערט ווײַטער נישט לענגער, נישט קירצער, גלײַך דאָס פּלעמל שפּאַצירט, און ער שפּאַצירט — אַזוי אַ ביסל, לכּבֿוד שבת. פּרייט ער זיך שטיל און קוקט נאָך. דער הימל ווערט בלאַסער. שטערנדלעך הייבן זיך אָן לעשן, דער מיזרח רייטלט (7) זיך אַ ביסל, עס צעגיסט זיך ווי אַ שמאָל רויטלעך טײַכל אין דער לענג — און דאָס פּלעמל רוקט זיך אַלץ אין שטעטל אַרײַן, גייט אין זײַן גאַס. אָט איז זײַן שטוב. די טיר פֿון זײַן שטוב, זעט ער, שטייט אָפֿן. ער האָט זי אַפֿנים פֿאַרגעסן צו פֿאַרמאַכן...

און אָט: דאָס פּלעמל גייט אַרײַן, צו אים אין שטוב אַרײַן גייט עס! גייט ער נאָך, זעט ער, ווי עס לאָזט זיך. דאָס פּלעמל, אונטערן בעט אַרונטער. אַלע אָרום שלאָפֿן — גייט ער שטיל צו, בייגט זיך אײַן, זעט ער, דאָס פּלעמל דרייט זיך אונטערן בעט ווי אַ דריידל, אויפֿן אָרט. נעמט ער און וואַרפֿט אַרונטער אונטערן בעט דאָס כאַלאַטל און דעקט דאָס פּלעמל צו. — קיינער הערט נישט, און דאָ גנבֿעט זיך שוין אין שטוב אַרײַן אַ גאָלדענער מאָרגנשטראַל דורך דעם שפּאַלט פֿון לאָדן.

זעצט ער זיך אויפֿן בעט. טוט אַ נדר (8), אַז איבער שבת וועט ער קיינעם קיין וואָרט נישט זאָגן, קיין האַלב וואָרט נישט — עס וועט קומען

---

3. געמיינט: דער טײַוול. 4. גיך און מיט אַ מאָל. 5. presumir. 6. אויספּרווו.
7. ווערט רויט. 8. גיט זיך אַ וואָרט.

חלילה צו חילול שבת (9)... זי וועט זיך נישט אײַנהאַלטן; זיי, די בנים, אוודאי נישט, זיי וועלן באַלד וועלן איבערציילן, באַלד וויסן; וויפל! און באַלד וועט דער סוד פון שטוב אַרויס, און אין שול, אין בית־המדרש און אין אַלע גאַסן וועט ווערן אַ גערעדערײַ וועגן זײַן עשירות... וועגן מזל... און קיינער וועט נישט דאַווענען, נישט וואַשן זיך, נישט בענטשן, ווי עס דאַרף צו זײַן, — און ער וועט נאָך פאַרזינדיקן זײַן הויזגעזינד (10) און אַ האַלבע שטאָט. ניין — קיין פּיפּס נישט... און ער ציט זיך אויס אויף דעם בעט און מאַכט זיך שלאָפן.



און אין דעם זכות (11), אַז ער האָט נאָך הבדלה זיך אַראָפּגעבויגן אונטערן בעט און אויפגעהויבן דאָס כאַלאַטל, איז אונטן טאַקע געלעגן אַ זאַק מיט אַלפי־אַלפים גאָלדענע מטבעות. — און שמערל איז טאַקע געוואָרן אַ גביר שבגבירים.

און ער האָט שוין אָפּגעלעבט אין נחת די יאָרן.

נאָר דאָס ווײַב פלעגט אים אַלע מאָל פאַרוואַרפן (12): „רבונו־של־עולם, ווי האָט עס אַ מענטש אַ האַרץ ווי אַ שטיין, אַ גאַנצן זומערטאָג אַ

9. פּראָפּאַנאַציע. 10. משפחה. 11. אַ דאַנק דעם. 12. אויסרעדן (reprochar).

וואָרט נישט צו זאָגן, פאַרן אייגענעם ווײַב קיין איינציק וואָרט... און איך האָב, — דערמאָנט זי זיך, — דעמאָלט בײַ „גאָט פון אַבֿרהם״ (1) זיך אַזוי אָנגעוויינט, אַזוי אָנגעוויינט... עס איז קיין דרײַער אין שטוב ניט געווען״...

און ער טרייסט זי מיט אַ שמייכל:

— ווער ווייסט, אפשר האָט זיך עס טאַקע אין זכות פֿון דײַן „גאָט פון אַבֿרהם״ אַזוי גוט אויסגעפֿירט.




אוי, באָבעניו, זאָג נאָך ניט „גאָט פון אַבֿרהם (1),
וואָס איז דאָס מיט דיר הײַנט דער אײַל (2)?
אין מערבֿ־זייט איז נאָך די זון ניט פאַרגאַנגען,
אוי, באָבעניו, וואַרט נאָך אַ ווײַל!

צעשטער ניט דעם פרידן (3) פון הייליקן שבת,
די שטילע, די הייליקע רו,
מע זעט נאָך ניט שײַנען אין הימל קיין שטערן —
אוי, וואַרט כאָטש אַ רגעלע צו.

דער „גאָט פון אַבֿרהם״, ער שפּאַנט אונדז צוריק אײַן
אין שווערן טאָג־טעגלעכן יאָך (4), —
צו שלעפּן דעם גלות, דעם חדר, דעם רביך,
דעם עול און די דאַגות פון וואָך... —

דאָך בלײַבט זי פאַרשטיינערט בײַם פענצטער די באָבע,
זי איז צו מײַן בעטן ווי טויב.
„אוי, גאָט פון אַבֿרהם״. און ס'קײַקלט אַראָפּ זיך
אַ טרער אויף דער טרוקענער שויב...

---

1. תּפילה פון פרויען שבת פאַר נאַכט. 2. אײַלעניש, יאָגן זיך. 3. שלום.
4. שווערקייט, לאַסט.

לעווין קיפּניס

# עידו שיקט
# אַ לשנה טובֿה

## א.

אַזאַ „שוועבער“ (1) ווי עידו האָט — האָט קיינער ניט! ניט נאָר ער פליט הויך — ער איז אויך וווּנדער שיין. אַ פּנים האָט ער פון אַ מגן־דוד; ער איז געמאַכט פון עם שיינעם טשערעט (2), וואָס וואַקסט בײַם ברעג טײַך הירקון; ער איז באַצויגן מיט דורכזיכטיקן־פאַרביקן שטײַפּפּאַפּיר. און דער עק איז מיט פראַנדזן (3) ווי צעפּ, און דערצו אַ גרויסער שלעפּ (4).

ווער האָט געמאַכט דעם „שוועבער“? עידוס טאַטע.

עידוס טאַטע האָט גאָלדענע הענט און בריליאַנטענע פינגער; אַלץ מאַכט ער. האָט ער טאַקע געמאַכט דעם „שוועבער“.

עידוס טאַטע — מע רופט אים אַבֿי־עידו — איז דערצו אויך אַ געזונטער און בראַווער מאַן, ער קען גוט שיסן מיט אַ ביקס. ער איז געווען פון די ערשטע, וואָס האָבן זיך פאַרשריבן צו שטיין אויף דער וואַך בײַם גרענעץ, ניט ווײַט פון עם יישובֿ הניתה.

גאַנצע טעג פאַרברענגט עידו בײַ דעם ברעג ים. אַ באָרוועסער, אָנגעטאָן אין אַ באָדאָנצוג און מיט אַ גלאַנציקן דאַשעק אויף זײַן שטערן, לויפט ער אַרום. ניט ער באָדט זיך, ניט ער שפּילט זיך אין זאַמד, ניט ער קלײַבט פּערלמוטערנע שיסעלעך, ניט ער כאַפּט פישעלעך. וואָס דען טוט ער? ער לויפט און לאָזט פליען זײַן „שוועבער“.

נאָך קינדער מיט „שוועבערס“ לויפן אַרום בײַם ברעג; דער ברעג איז גרויס און פרײַ, נישטאָ קיין פּלויטן און קיין גערטנער; אַפילו טעלעפאָנישע דראָטן זײַנען זייער ווייניק דאָ. —אַ פרײַע וועלט פון דער ערד ביזן הימל. און די „שוועבערס“ פליען אַזוי זיכער העכער און העכער. אָבער עידוס „שוועבער“ פליט העכער פון אַלע.

ווילן די קינדער וויסן, וואָס פאַר אַ סוד ליגט פאַרבאָרגן אין דעם „שוועבער“! טאַפּן זיי דעם „טשערעט“, גלעטן זיי דעם פּאַפּיר, מעסטן זיי דעם עק און פאַרקנופּן זיך מיטן קנויפּ... זיי האָבן געפּרוּווט אים נאָכמאַכן, אָבער ס'האָט זיך זיי נישט אײַנגעגעבן.

---

1. cometa. 2. וואַסער־געוויקס. 3. flecos. 4. עק.

עידו איז בײַ זיך שטאָלץ מיט זײַן טאַטנס אַרבעט: „ווען מײַן טאַטע וועט קומען פון חניתה, — אַזוי קלערט ער, — וועל איך אים שוין דער־ציילן, וואָס פאַר ווונדערלעכן „שוועבער“ ער האָט געמאַכט!“

## ב.

ערבֿ ראש־השנה — עידו, ווי זײַן שטייגער איז, לויפט אַרום בײַם ים. אַזוי ווי ער לויפט, פאַלט אים אַרײַן אַ געדאַנק: אפשר איז דער טאַטע שוין געקומען? ער האָט דאָך געשריבן, אַז ער קומט אויף יום־טוב אַהיים!

הייבט אָן עידו וויקלען דעם קנויל; דער פאָדעם איז לאַנג. אפשר הונדערט מיט צוואַנציק מעטער, און דער „שוועבער“ ציט צוריק דווקא, ער האָט גאָר קיין חשק נישט אַראָפּצוגיין. ס'האָט אים אָבער נישט געהאָלפֿן; און ער האָט געמוזט זיך אַראָפּלאָזן. כאַפּט אים עידו און לויפט אַהיים.

ער קומט אַהיים, טרעפֿט ער דער מאַמען שטיין בײַם פענצטער, און זי זעט אויס טרויעריק. לעבן איר ליגט אַ בריוו. נעמט עידו לייענען. דער טאַטע שרײַבט, אַז בײַם גרענעץ איז נישט רויִק, ווײַל רויבערס ווילן באַ־פאַלן דעם ייִדישן יישובֿ, קען ער נישט פאַרלאָזן די וואַך און, צום באַדויערן, וועט ער נישט קומען אַהיים אויף יום־טובֿ.

עידו ענדיקט לייענען, בלײַבט אַ סעקונדע פאַרקלערט, נאָך דעם נעמט ער אַרום דער מאַמען און זאָגט:

— מאַמע, זייער גוט, וואָס דער טאַטע איז געבליבן אויף זײַן וואַך! דער טאַטע איז אַ גיבור. ער דאַרף באַוואַכן אונדזער לאַנד.

— דו האָסט רעכט, מײַן קינד! — זאָגט די מאַמע און קושט אים.

זיי האָבן זיך געזעצט עסן. בײַם טיש זאָגט די מאַמע:

— ווען דער טאַטע וואָלט געשריבן פריִער, אַז ער וועט דאָרטן בלײַבן, וואָלטן מיר אים געשיקט אַ „שנה־טובֿה“...

נאָכן עסן איז עידו אַרומגעגאַנגען פאַרטראַכט:

— אַ שאָד וואָס מיר האָבן נישט געשיקט דעם טאַטן אַ „שנה־טובֿה“! ער איז דאָך אין געפאַר... איצט איז שוין שפּעט, ערבֿ ראש־השנה, נאָך מיטאָג... אָך, ווען איך האָב אַן עראָפּלאַן, וואָלט איך געפלויגן צום טאַטן, דאָרט בײַם גרענעץ ווו ער וואַכט!...

אַזוי ווי ער טראַכט, גיט ער זיך אַ כאַפּ, זעצט זיך אַוועק און שרײַבט אַן אַ שנה־טובֿה־קאַרטל:

איך ווינטש דיר, טאַטע, אַ גוט יאָר!
איך בין גרויס בײַ זיך, וואָס מײַן טאַטע
איז אַ גיבור. ווען איך וועל אויסוואַקסן,
וועל איך אויך גיין באַשיצן אונדזער לאַנד.
איך און די מאַמע האָבן דיך שטאַרק ליב.
זײַ שטאַרק!

**דײַן זון — עידו.**

אויף דער צווייטער זײַט פון דעם קאַרטל שרײַבט ער אַן דעם אַדרעס: איבערגעבן צו אַבֿי־עידו, וואָס שטייט אויף דער וואַך בײַ חניתה.

נעמט עידו דאָס ווינטשקאַרטל און שפּיליעט צו מיט אַ זיכער־שפּילקע צום עק פונעם „שוועבער“ און לויפט צום ים.

דער ווינט בלאָזט, דער קנויל דרייט זיך, דער פאָדעם ציט זיך — דער „שוועבער“ פליט.

פלאַטערלעך פליען אָפּ אין אַ זײַט, פייגעלעך וואַנדערן זיך. דער ווינט ווערט שטאַרקער. ווען דער ווינט וואָלט געקענט לייענען, וואָלט ער איבערגעשיקט די שנה־טובֿה קיין חניתה. קען ער נישט לייענען. אָבער דערפאַר שפּילט ער זיך מיטן עק פונעם „שוועבער“. וואַרפט אים אַהין און אַהער. די שטראַלן קוקן אַרײַן אין דעם שנה־טובֿה־קאַרטל און באַגילדן די אותיות מיט לויטער גאָלד.

ג.

פּלוצעם האָט די לופט אַ ציטער געטאָן: — ז... ז... ז...

אַן עראָפּלאַן האָט זיך באַוויזן אויפן הימל און האָט זיך אַראָפּגעלאָזט נידעריק איבער די דעכער, געמאַכט גרויסע קרײַזן איבערן ים און זיך געלאָזט פליִען גלײַך מיטן ברעג.

פליט דער עראָפּלאַן אויבן און עידו לויפט אים נאָך פון אונטן, און טרײַבט זײַן „שוועבער“ וואָס ווײַטער, וואָס העכער.

— פּלופּס! — — —

דער קנויל־פאָדעם האָט זיך אַרויסגעריסן מיט אַ מאָל פון זײַן האַנט. ביז וואָס ווען — נישטאָ קיין „שוועבער“, נישטאָ קיין עראָפּלאַן...

אין עראָפּלאַן איז געזעסן אַ יונגער פליִער. זעט ער: אַ „שוועבער“ האָט זיך אָנגעטשעפּעט אינעם פענצטער. שטרעקט ער אַרויס די האַנט און שלעפּט אים אַרײַן. ער באַטראַכט דעם „שוועבער“ און באַמערקט דאָס שנה־טובֿה־קאַרטל. לייענט ער איבער און פאַרקלערט זיך:

ער האָט אויך אַ פרוי מיט אַ קינד; ער האָט אויך באַדאַרפט קומען אַהיים אויף יום־טובֿ — און קען נישט. וואָלט ער כאָטש דערהאַלטן פון זיי אַ בריוו...

ער קלערט, און דער עראָפּלאַן פליט דערווײַל ווײַטער וווּהין ער דאַרף. פּלוצעם נעמט דער פליִער, גיט אַ דריי אויס דעם עראָפּלאַן און ער לאָזט זיך פליִען צו חניתה.

ד.

אויף אַ בערגל, נישט ווײַט פון חניתה, שטייט דאָרט אַבֿי־יעדו מיט אַן אָנגעלאָדענער ביקס.

די זון האַלט בײַ פאַרגיין. אַרום און אַרום איז שטיל, רויִק. שטייענערנע ריזיקע בערג ווערן באַדעקט מיט אַ טונקעלן קאָליר. ווער ווייסט, צי אַ באַנדע רויבערס לויערן נישט דאָרט פון אונטער אַ באַרג...

שטייט אזוי אַבֿי־עידו פאַרקלערט אין טונקעלע געדאַנקען: „שוין אַריי־בער אַ יאָר, אַ שווער יאָר. קרבנות פאַלן, טײַערע, שיינע, ליבע ייִדישע קינדער". —

דאַ דערמאַנט ער זיך אין זײַן פאַמיליע: זײַן פרוי און זײַן עידו, ווי זיי זיצן אַליין בײַם יום־טובֿדיקן טיש.

פֿון דער ווײַטנס האָט זיך דערהערט אַ זשומען: — ז... ז... ז...

„איז דאָס נישט אַ שׂונאס עראָפּלאַן"?

דער עראָפּלאַן דערנענטערט זיך, אָט איז ער איבער זײַן קאָפּ.

„ניין, דאָס איז אונדזערער". — ער ווייסט שוין אַלע סימנים פֿון אַ ייִדישן עראָפּלאַן. „ער זוכט מן־הסתּם דאָס באַהעלטעניש פֿון די באַנדעס צווישן די בערג" — קלערט אַבֿי־עידו און קוקט אַרויף.

— פּלופּס! — עפּעס איז אַראָפּגעפֿאַלן לעבן זײַנע פֿיס.

ער בייגט זיך אײַן און הייבט אויף אַ קנויל... אַ קנויל מיט פֿאָדעם. ער ציט דעם פֿאָדעם, ער גיט אַ צי — אַ גרויסער „שוועבער" האָט זיך אַראָפּגעלאָזט גלײַך אויף זײַן פּנים...

„דאַכט זיך, דאָס איז עידוס „שוועבער"...

ער נעמט אָן בײַם עק און געפֿינט דאָס שנה־טובה־קאַרטל. — — — —

די זון איז שוין אין גאַנצן פֿאַרגאַנגען... אַבֿי־עידו שטייט און לייענט אין דער פֿינצטער נאָך אַ מאָל און נאָך אַ מאָל די שנה־טובֿה, און זײַן פּנים שײַנט גליקלעך און זײַנע ליפּן שעפּטשען:

„זײַ געזונט! זײַ שטאַרק"!

די מעשׂה האָט זיך געענדיקט, אָבער ס'איז נאָך נישט דער סוף.

עידו האָט געוווּסט, אַז ער האָט מצליח געווען; ער האָט געזען ווי זײַן „שוועבער" האָט זיך אָנגעטשעפּט אין דעם פֿלײַענדיקן עראָפּלאַן; אָבער ער איז נישט געווען זיכער, צי די שנה־טובֿה איז אָנגעקומען צו זײַן טאַטן.

יעדע נאַכט האָט ער געחלומט פֿאַרשיידענע חלומות:

אַ פֿאַרביקער פֿויגל טראָגט אַ שטרוי איר מויל... אַ ווײַסע טויב טראָגט אַ צעטל אויף די פֿליגל...

ערשט אויף סוכּות קומט אַבֿי־עידו אַהיים און דערציילט די מעשׂה מיטן „שוועבער".

עידו איז געווען גליקלעך.

ער האָט זיך אויך געפֿרייט מיטן „שוועבער", וואָס האָט זיך אומגע־קערט צו אים. ער איז שוין מער נישט געגאַנגען מיט זײַן „שוועבער" צום ים, ווײַל ס'האָט זיך אָנגעהויבן דאָס לערנען אין שול. האָט ער באַהאַלטן דעם „שוועבער" אויף איבעראַיאָר.

# ראש־השנה

י. י. סיגאַל

נײַ־יאָר טוט זיך אָן אין יום־טובֿ, זומער — יום־טובֿדיק אין זײַד,
כאָטש דער זומער אײַלט שוין אונטער, שטייט שוין באַלד פֿון יענער זײַט.
זע נאָר, ייִדיש קינד, דו טײַערס, סאַראַ געסט עס קומען אָן:
ראש־השנה מיט אַ שופֿר, שׂמחת־תּורה מיט אַ פֿאָן.

אַלטע געסט און אייביק נײַע, תּמיד אָנגעלייגט און ווויל,
זון און פֿרייד אין זייערע אויגן, זיסער שמייכל אויפֿן מויל.
דאַרף מען נישט קיין ברכה מאַכן, וואָס מיר טרעפֿן זיך נאָך הײַנט
מיט דעם שיינעם ראש־השנה און מיט אַלע זײַנע פֿרײַנד?



יצחק־לייבוש פרץ

# נ י ס י ם  א ו י פ ן  י ם

## א.

אין דער מדינה האָלאַנד, אין אַ האַלב איַנגעזונקן היַזל בײַם ברעג פון ים האָט געוווינט אַ ייִדישער פישער מיטן נאָמען סאַטיע. פון אָבֿות אָבֿותיו (1) אַ פישער, פאַרברענגט ער טעג און יאָרן אויפן ים. סאַטיע כאַפּט פיש, דאָס ווײַב זײַנס שטריקט נעצן (2) און פירט די שטוב, די קליינע קינ־דערלעך וואַלגערן זיך אין זאַמד און זוכן בורשטין (3)... און אַז סאַטיע גייט אויפן ים און עס מאַכט זיך אַ שטורעמווינט, עס ווערט סכּנת־נפשות (4), קען ער אַפילו קיין שמע־ישׂראל נישט זאָגן.

און פון וואַנען האָבן זיי געזאָלט וויסן מער? צו פוס גיין אין קהילה אַרײַן — איז ווײַט; פאָרן האָט די אָרעמע פאַמיליע, וואָס האָט קוים פּרנסה געהאַט, נישט געקאָנט, און אַ חוץ דעם, לאָזט דער ים נישט אַוועק. סאַטיעס פאָטער, סאַטיעס זיידע און עלטערזיידע זײַנען אומגעקומען אויפן ים, נאָר אַזאַ כּוח האָט ער שוין, דער ים: ער איז דעם מענטשנס געפערלעכסטער שׂונא, און — ליב האָט מען אים, און ציִען ווערט מען צוגעצויגן צו אים, ווי מיט צוואַנגען (5)... און מע קאָן זיך פון אים נישט אָפּרייסן, וויל מען לעבן אויף אים און אונטערגיין אין אים...

נאָר איין ייִדישער מנהג איז אין דער משפּחה געבליבן — יום־כּיפּור!

ערבֿ יום־כּיפּור אין דער פרי האָט מען אויסגעקליבן דעם גרעסטן פיש, און די גאַנצע משפּחה איז געגאַנגען מיטן פיש אין שטאָט אַרײַן, און אָפּגעגעבן האָט מען דעם פיש דעם קהלשן שוחט, בײַ וועלכן מע פלעגט זיך פאַר־פאַסטן און עסן נאָכן תּענית.

יום־כּיפּור בײַם דאַווענען פלעגט דעם פישערס משפּחה זיצן אין בית־המדרש און קוקן צום אָרון־קודש; דאַווענען האָבן זיי נישט געקאָנט. טייל מאָל פלעגט סאַטיע פאַר מידקייט אײַנדרימלען, האָט אים אַ שכן צום אויפ־שטיין געוועקט.

---

1. פון אַ סך דורות. 2. redes. 3. ámbar. 4. זייער געפערלעך. 5. דאָ: זייער שטאַרק.

און באלד נאָך יום־כּיפּור פלעגט סאַטיע מיטן ווײַב און מיט די קינ־דערלעך זיך אויפהייבן, געזעגענען זיך מיטן שוחט און זײַן הויזגעזינד (6) און אַוועקגיין און וואַנדערן אַ גאַנצע נאַכט צום ים. נישט „אַהיים“ פלעגט מען זאָגן, נאָר — „צום ים!“

קיין בעל־דברן (7) איז סאַטיע נישט — דער ים לערנט שווײַגן. די שטאָט האָט ער פײַנט: ענג, אָן לופט און אָן הימל. אַ פּאַסיקל צווישן דאַך און דאַך... אויפן ים אָבער אַ רחבוֹת (8), עס אָטעמט זיך...

— עס איז דאָך אײַער שׂונא... אײַער טויט! — רעדט מען צו אים.

— אָבער אַ גוטער טויט!

ער וויל האָבן זײַן פאָטערס און זײַן זיידנס סוף — אײַנגעשלונגען ווערן געזונטערהייט פון ים, נישט קרענקען און גוססן (9) אַ צײַט לאַנג אויף אַ בעט...

און מע גייט צו פוס אַהיים, צום ים...

און אַז מע גייט צו פוס איבער נאַכט, און עס הייבט אָן גרויען דער טאָג, און מע דערזעט דעם גאָלדענעם אָפּגלאַנץ פון זאַמדיקן ברעג, און דער־נאָך בליצט אויף דער שפּיגל פון ים, — דערפרייט מען זיך, פּאַטשט מען מיט די הענט...

און אַזוי גייט עס פון יאָר צו יאָר...

## ב.

ויהי היום, איין מאָל פאַר טאָג, קוים געררויטלט האָט זיך דער מזרח, שטיל וועקט זיך אויף דער ים, קוים ער אָטעמט, קוים עס הערט זיך זײַן ברומען. ער ציט זיך פויל און נאָך פאַרחלומט אוס און ציט זיך אײַן... ווו נישט ווו פלאַטערט (1) אין דער בלויער לופט אַ ווײַסע פאַר פליגל, שרײַט אויס אַ פויגל, און ווידער שטיל... שטילע גלאַנצן פליִען איבערן ים, גאָל־דענע פלעקן גליטשן זיך איבערן געלן זאַמד. פאַרמאַכט זײַנען די שיפער־שטיבלעך איבערן ברעג, נאָר איין טיר סקריפּעט (2) — סאַטיע גייט אַרויס...

ערבֿ יום־כּיפּור איז הײַנט, פרום און ערנסט איז זײַן פּנים, שטיל לויכטן אים די אויגן: ער גייט טאָן אַ מצווה — כאַפּן אַ פיש אויף יום־כּיפּור! און ער גייט צום שיפל צו און נעמט אָן די קייט. מיט וועלכער עס איז געווען צו־געבונדן צום ברעג. די קייט קלינגט, און קולות דערהערן זיך רעכטס און לינקס:

— ניטע, ניטע (3)!

דאָס רופן צו אים די שכנים, וואָס האָבן אַרויסגעשטעקט די קעפּ פון די קליינע פענצטערלעך.

---

6. משפּחה. 7. וואָס רעדט אַ סך. 8. ברייטקייט. 9. אַגאָניזירן.

1. פליט דורך. 2. rechina. 3. טו דאָס ניט!

רויק און שטיל ליגט וויַט און ברייט אויסגעגאָסן דעם ים, צוזאַמענ־געגאָסן מיטן זוים (4) פון פרישן, לאַכנדיקן, פריילעכן הימל... קוים ער אָטעמט, דער ים, קוים ער רונצלט (5) זיך ביַים ברעג און, ווי ביַי אַ גוטער באָבען, טאַנצן ליכטיק־גלאַנציקע שמייכלען צווישן די רונצלען... און עפּעס מורמלט ער, אַ באָבע־מעשׂה דערציילט דער ים די צעוואָרפענע, מיט לאַנגע וואַסערפלאַנצן, ווי מיט האָר באַוואַקסענע שטיקער פעלדזן (6), און ער גלעט זיי איבער די האָר, שמייכלענדיק, שפּילנדיק.

דער פישער אָבער קען בעסער ים, און ער גלייבט אים נישט.

— ניטע...

דער ים וויגט זיך און וועט זיך צעוויגן, און פּלאַצן וועט דער ליכטיקער שפּיגל, און פון שפּיגל וועט ווערן אַ געשריי און געפּילדער, און פון רונצלען וועלן אויפשטיין וואַלן(7), וואָס וועלן שלינגען שיפלעך און שיפן.

און אַ באָרוועסער אַלטער מאַן, מיט אַ גרויען קאָפּ אָן אַ היטל, מיט אַן איַינגעשרומפּטן (8) פּנים, ווי דער ים, נאָר אָן זיַין פּאַלשן, זיסן שמייכל, — קומט אַרויס פון אַ שטיבל, גייט צו סאַטיען צו און לייגט אים אַרויף די האַנט אויפן אַקסל און ער וויַיזט אים אַ קליין שוואַרץ פּינטעלע, וואָס נאָר אַ פישעראויג קאָן דערזען אויפן זוים פון הימל:

— פון דעם וואַקסט אַרויס אַ וואָלקן...

— כ׳וועל פריִער צוריק אין דער היים זיַין, — ענטפערט סאַטיע, — איין פיש וויל איך נאָר כאַפּן.

און ערנסטער ווערט דאָס פּנים ביַי זיַין אַלטן שכן:

— האָסט אַ וויַיב און קינד, סאַטיע!

— און אַ גאָט אין הימל! — ענטפערט סאַטיע מיט בטחון (9); ער גייט זיַין מצווה טאָן... און ער שטופּט אָפּ דאָס שיפל און שפּרינגט אַריַין...

און ליַיכט, ווי אַ פעדער, טראָגט זיך סאַטיעס שיפל איבערן ים, און דער ים וויגט עס אַרום זיס ברומענדיק, אַזוי ליבלעך, און זוימט עס און וויקלט עס אַרום מיט די שענסטע פּערל, וואָס ער פאַרמאָגט... און דער אַל־טער פישער שטייט אויפן ברעג און קוקט אים נאָך מיט שרעק.

## ג.

ליַיכט טראָגט זיך סאַטיעס שיפל איבערן ים. געשיקט (1) וואַרפט סאַטיע אַראָפּ זיַין נעץ, און שווער און שווערער ווערט די נעץ, און מיט אַלע כּוחות ציט ער זי קוים אַרויס און געפינט אין איר וואַסערפלאַנצן, ים־שטערן — נאָר נישט קיין איינציקן פיש...

---

4. ראַנד, ברעג. 5. se arruga (arrugado.) 6. שטיינער. 7. כוואַליעס. 8. צעקנייטשט 9. האָפענונג, זיכערקייט אין גאָט.

1. פלינק, גיך.

דער אַלטער פּישער אויפֿן ברעג האָט דאָס שיפֿל שוין פֿאַרלוירן פֿון אויג. סאַטיע ציט שוין צום דריטן מאָל און צום פֿערטן מאָל אַרויס די נעץ; נישט לײַכט איז זי אַרויסצוציִען. אַלערליי וואַסערפֿלאַנצן האָבן זיך אין אירע אויגן פֿאַרפֿלאָכטן — נאָר קיין איינציקער פֿיש..

און דער ים וויגט זיך און צעוויגט זיך וואָס אַ מאָל שטאַרקער, און אויפֿן הימל איז שוין אַרויסגעשוווּמען די זון. נאָר פֿײַכט איז איר גלאַנץ — אַ פֿאַרהויינטע זון. און דאָס שוואַרצע פֿינטעלע אין עק הימל האָט זיך אויסגעצויגן האַרט בײַ דער זון, ווי אַ ברוינע שלאַנג, און ווערט טונקעלער און טונקעלער און רוקט זיך צו דער זון...

עס איז שוין האַלבער טאָג, און סאַטיע שווימט און שווימט. פֿרגווּט און פּרגווּט דאָס מזל.

— גאָט, — טראַכט ער, — וויל נישט, איך זאָל דאָס יאָר מקיים זײַן די מצווה. און טרויעריק ווערט אים אויפֿן האַרצן, און ער נעמט דעם רודער (2) פֿעסט אין דער האַנט אַרײַן און וויל שוין אויסדרייען דאָס שיפֿל צוריק, נאָר אין דער זעלבער רגע באַקומט ער אַ שפּריץ אין פּנים אַרײַן. דרייט ער זיך אויס און דערזעט, ווי אַ גרויסער גאָלדענער פֿיש וואַרפֿט זיך, שפּילנדיק איבערן ים און שפּריצט מיטן עק איבערן וואַסער.

— דעם פֿיש מוז ער כאַפּן! — און ער דרייט צוריק אויס און יאָגט נאָך דעם פֿיש...

און דער ים איז שוין צעוויגט, כוואַליעס הייבן זיך העכער און העכער... אַ האַלבע זון איז שוין מיט אַ וואָלקן באַדעקט, נאָר עטלעכע ווײַסע שטראַלן רייסן זיך קרום פֿון אונטערן וואָלקן.

און דער פֿיש שווימט איבער די פֿלייצעס פֿון די כוואַליעס און סאַטיעס שיפֿל נאָך, נאָך... און פֿאַרשווינדן ווערט פּלוצלונג דער פֿיש — צווישן אים און סאַטיעס שיפֿל הייבט זיך אויף אַ וואַל, אויפֿגעבלאָזן, אויפֿגעיאָגט פֿון ווינט...

— עס נאַרט מיך, עס בלענדט (3) מיר די אויגן! — טראַכט סאַטיע און וויל ווײַטער אויסדרייען דאָס שיפֿל און שווימען צוריק. אין דער זעלבער רגע לייגט זיך אָבער די כוואַליע, ווי זי וואָלט מיט אַ מאָל אײַנגעזונקען געוואָרן: פּמעט צום שיפֿל שווימט צו דער פֿיש און קוקט אויף אים מיט גרויסע אויגן, גלײַך ער בעט זיך: „נעם מיך, נעם מיך!...

דרייט סאַטיע צוריק אויס — פֿאַרלוירן ווערט דער פֿיש! אַ נײַע כוואַליע שווימט אויף צווישן אים און דעם שיפֿל, און עס הייבט זיך ווידער אָן דער שטורעם פֿון ים! און גלײַך זי וואָלט זיך פֿאַרן ים דערשראָקן, באַהאַלט זיך אונטערן וואָלקן די זון... און דער ווינט צעיאָגט זיך מיט גרוים צאָרן (4), און ער שמײַסט און פּאַטשט ווי מיט ריטער, און רייצט נאָך מער אויף דעם

---

.timón .2    .3 פֿאַרפּירט, נאַרט אָפּ. .4 גרויסער כּעס.

ים, און דער ים ברויזט און קנאַקט, גלײַך טויזנטער באַסן (5) שפּילן אין זײַנע געדערעם (6), קעסלפּויקן (7) אין זײַנע כוואַליעס...

— אַהיים, אַהיים! — קלאַפּט בײַ סאַטיען דאָס האַרץ. און ער נעמט צוזאַמען די נעצן אין שיפל אַרײַן, און כאַפּט שטאַרקער אָן דעם רודער, און אַרבעט מיט אַלע כּוחות. די אָדערן אין דער האַנט ווילן פּלאַצן. ווי אַ הוילע נוס וואַרפט זיך דאָס שיפל אויף און אָפּ איבער די כוואַליעס; פאַרשוואַרצט איז דער הימל, ברוין־צאָרנדיק דער ים. און ער אַרבעט אַלץ — אַהיים, אַ־היים...

פלוצלינג דערזעט ער, עפּעס שווימט צו אים פון דער זײַט — אַ מענטש־לעכער קערפּער שווימט, אַ דערטרונקענער. אַ פרוי איז עס; פאַר איר שווי־מען די האָר — זײַן ווייב האָט אַזוינע האָר... פון אונטער די האָר באַווײַזן זיך ווײַסע הענט — זיין ווייב האָט אַזוינע הענט... און אַ קול רופט: „ראַטע־וועט!" — זײַן ווײַבס קול... זי האָט אים געמוזט נאָכשווימען אויפן צווייטן שיפל. זי טרינקט זיך, זי רופט נאָך זײַן הילף...

און ער דרייט דאָס שיפל אוים רעכטס און וויל צו צום קערפּער — דער ים לאָזט נישט! כוואַליעס הייבן זיך אין דער מיט, דער שטורעם רײַסט און וואָיעט — נאָר אין דעם שטורעם הערט ער איר קול: „העלף! סאַטיע, העלף!"...

און ער שטרענגט אָן אַלע כּוחות צוזשווימען. און אָט איז ער שוין נישט ווײַט פון ווײַסן פלעק; די האָר זעט ער שוין נישט, נאָר דאָס שווי־מענדיקע, זינקענדיקע קלייד מיטן רודער צו דערלאַנגען... נאָר אין דער מיט, צווישן אים און זיין ווייב, הייבט זיך אויף אַ וואַל, שטויסט זי אָפּ אין איין זײַט, דאָס שיפל — אין דער צווייטער.

— אַ פאַרבלענדניש! — טראַכט ער, זיך דערמאָנענדיק, אַז דאָס זעל־בע האָט ער געהאַט מיטן גאָלדענעם פיש; און נישט ווילנדיק, וואַרפט ער אָן אויג צום ברעג, זעט ער, ווי עס לײַכטן זיך שוין אין די פישער־הײַזלעך די פענצטער.

— יום־כּיפּור! — דערמאָנט ער זיך, און לאָזט פלוצלינג אַרויס דעם רודער פון דער האַנט.

ד.

און דער ווינט רײַסט, און די כוואַליעס וואַרפן דאָס שיפל; און סאַטיע, ווי ער האָט אַרויסגעלאָזט דעם רודער פון דער האַנט, אַזוי זיצט ער רויק, און קוקט מיט אָפענע אויגן אַ מאָל צום פאַרשלאָסענעם הימל אַרויף, אַ מאָל צום קאָכנדיק־שוימענדיקן (1) ים אַראָפּ.

---

5. דאָ: מוזיק־אינסטרומענטן. 6. entrañas. 7. פּויקן.

1. espumoso.

— טו מיט מיר, גאָט, וואָס דו ווילסט! זאָל דײַן רצון געשען...

פלוצעם דערמאָנט ער זיך אַ יום־כּיפּורדיקן ניגון, און ער הייבט אָן נאָכצוזינגען דעם ניגון. דער הימל ווערט שוואַרצער און שוואַרצער, די כוואַליעס הייבן זיך העכער און העכער, שאַרפער נאָך בלאָזט דער ווינט... דאָס שיפל וואַרפט זיך באַרג־אויף, באַרג־אָפּ. איין כוואַליע וואַרפט עס צו דער צווייטער... איינע רײַסט אים אַרויס און שלײַדערט (2) אים אַוועק דעם רודער, אַ צווייטע קומט אָן פון הינטן און יאָגט זיך נאָכן שיפל מיט אַן אָפן מויל... דער ווינט רײַסט ווי טויזנטער וועלף — און אין דעם גערודער (3) אַרײַן זינגט סאַטיע דעם יום־כּיפּורדיקן ניגון... סאַטיע וויל שטאַרבן זינגענדיק...

די כוואַליע שלאָגט אין שיפל אַרײַן און דאָס שיפל קערט זיך איבער...

אָבער סאַטיען איז נאָך דער טויט נישט באַשערט...

צוויי ווײַסע געשטאַלטן, ווי פון נעפּל געוועבט (4), גייען, האַלטנדיק זיך בײַ די הענט, באַרוועס, מיט צעפלאָסענע האָר און לײַכטנדיקע אויגן איבערן ים. און ווי סאַטיע דרייט זיך איבער מיטן שיפל, קומען זיי צו, הייבן אים אויף, נעמען אים צווישן זיך און גייען מיט אים אונטער די אָרעמס איבער די כוואַליעס, ווי איבער טאָלן און בערגלעך, און פירן אים, אַזוי געאָרעמט, צווישן ווינט און געטומל. ער קוקט און וויל רעדן, עפּעס פרעגן וויל ער — נאָר זיי זאָגן אים:

— זינג בעסער, סאַטיע, זינג! דײַן געזאַנג וועט גובֿר זײַן (5) דעם צאָרן פון ים...

זיי גייען מיט אים, און סאַטיע הערט, ווי דאָס שיפל זײַנס גייט אים נאָך... ער דרייט זיך אום — דאָס שיפל מיט דער נעץ, און אין דער נעץ איז פאַרוויקלט דער גאָלדענער פיש...

און אַז זיי האָבן אים צוגעפירט צום ברעג און געלאָזט אים אַהיים, האָט ער געטראָפן בײַ זיך דעם שוחט מיט דער שוהטקע.

אין שטאָט איז אַ שׂרפה געווען, זענען זיי געקומען צו אים צו גאַסט...

---

2. וואַרפט שטאַרק. 3. גערויש. 4. tejido. 5. בײַקומען, זײַן שטאַרקער.



יהואש

# דער צענטער צום מנין

די נאַכט פון יום־כּיפּור קוקט הייליק אַרונטער
מיט טויזנטער גאָלדענע אויגן,
אַזוי ווי אַ יום־טובֿדיק סאַמעט פּרוכת,
דער הימל די וועלט האָט באַצויגן...
די גאָלדענע אויגן זיך מערן און מערן...
עס שטייען נײַן ייִדן און קנײטשן דעם שטערן,
צום דאַוונען די צײַט רוקט זיך נענטער,
דאָך קען זיך דער חזן ניט שטעלן צום עמוד,
און זינגען „כּל נדרי“ און „יעלה“ ווי תּמיד.
עס פעלט זיי צום מנין אַ צענטער...
פאַרקלעמט איז דאָס האַרץ זיי: שוין דאַוונען ביחידות
וועט מוזן די קליינע קהילה,
מע וועט צו מאָל קדיש ניט קענען הײַנט זאָגן,
ניט ענטפערן אָמן אפֿילו...
אָ, גאָט, צי ניט קענסטו אַ וווּנדער באַווײַזן? —

און פּלוצלינג... באַמערקט נאָר... מיט האַסטיקע שפּרײַזן
אַ גרײַז־גראָער ייִד איז געקומען!
אַוועק שוין די מורא, אַ דאַנק צו זײַן נאָמען,
מ'עט קדיש שוין זאָגן און ענטפערן אָמן —
און שנעל זיך צום דאַוונען גענומען...
דער גרײַז־גראָער גאַסט שטייט אַליין אין אַ ווינקל,
ער רעדט מיט קיין מענטשן אַ וואָרט ניט,
ער קוקט אין זײַן מחזור אַ גאַנצן מעת־לעת נאָר,
ער רירט זיך צו מאָל פון זײַן אָרט ניט,
אַזוי ווי ער וואָלט ניט געהערן צום ציבור...
דאָך ווי נאָר דער הייליקער טאָג איז אַריבער
און אַלע אַהיים זיך געקליבן,
האָט פּלוצלינג דער אורח באַדעקט זיך מיט שטראַלן,
פאַר אַלעמענס אויגן געוואָרן פאַרפאַלן,
קיין שפּור איז פון אים ניט געבליבן.

זינאַ ראַבינאָוויטש

# סכך פאַר דער סוכּה

ווי נאָר די נײַ אָריבערגעקומענע ייִדן פון תּימן זײַנען געקומען פון שול סוף יום־כּיפּור, נאָך אָפּפאַסטן אַ נאַכט מיט אַ טאָג, האָבן זיי זיך אויס־געזעצט אויף די דילן (1) פון זייערע געצעלטן (2). זיי האָבן עפּעס געגעסן און געדאַנקט גאָט, וואָס ער האָט זיי געבראַכט אין זייער לאַנד. באַלד האָט זיך דערהערט אַ שטילער ניגון. די שכנים פון דעם נײַ געגרינדעטן (3) מושבֿ, אין די בערג פון אפרים, האָבן באַלד דערקענט, אַז דאָס איז סעדיהס גע־דרייטער ניגון, וואָס זיי האָבן נאָך געקענט פון זייער אַלטער היים אין תּימן. זיי האָבן זיך אַלע געוווּנדערט: וואָס האָט דער נאַרישער סעדיה זיך שוין צעזונגען?

אָבער סעדיהס משפּחה, זײַנע זין, טעכטער, שניר און איידעמס, זיי האָבן שוין געקענט דעם אַלטן: ווען ער צעזינגט זיך מיט זײַן אומעטיקן געזאַנג, איז עס אַ סימן, אַז ער שרעקט זיך פאַר עפּעס... זאָל זײַן אַז ער שרעקט זיך. וואָס אפשר האָט ער נישט אויסגעבעטן בײַ גאָט אַ גוט יאָר פאַר זיך און פאַר גאַנץ ישׂראל? אָדער אפשר האָט ער פאַרטראַכט אַ זאַך, וואָס ער האָט מורא, אַז ער וועט עס נישט קאָנען דורכפירן? עפּעס מוז דאָ זײַן.

דאָס, וואָס סעדיה האָט פאַרטראַכט, האָט אים אי געריייצט אי גע־שראָקן. ער האָט פאַרטראַכט, אַז מאָרגן, מיט גאָטס הילף, באַלד נאָך דער אַרבעט, וועט ער זיך שטעלן בויען אַ סוכּה. פאַרשטייט זיך, נישט פאַר זיך אַליין, נאָר פאַרן גאַנצן דאָרף־מושבֿ. ווען ער האָט געטראַכט וועגן דעם, האָט ער זיך דערמאָנט, אַז זײַנע ברידער, די תּימנער, האָט מען צוזאַמען מיט אים אַריבערגעבראַכט אויף יענעם גרויסן „פויגל" קיין מדינת ישׂראל, און פון דאָרט, ווו דער פויגל האָט זיך אַרונטערגעלאָזט, האָבן גרויסע אויטאָבוסן זיי אַלעמען געבראַכט אַהערצו, אין די ווילדע בערג פון אפרים. דעמאָלט האָבן אַלע געלאַכט פון אים, ווען ער האָט זיי באַלד צוגעזאָגט, אַז אין פיר וואָכן אַרום וועלן זיי האָבן אַ סוכּה, אַ פּראַכט, וואָס זיי האָבן אַזאַ קיין מאָל אין זייער לעבן נישט געזען. איצטער, ווען ער ברומט זײַן ניגון, וווּנדערט ער זיך. ווי האָט זיך גענומען צו אים אַזאַ קוראַזש, אַזאַ לשון, צוצוזאָגן זײַנע ברידער, אַז זיי וועלן האָבן אַ סוכּה? ווען ער האָט זיי

1. פּאָדלאָגעס. 2. בײַדלעך (tiendas de campaña.) 3. אויפגעשטעלטן.

דאָס צוגעזאָגט, זײַנען זײ אַלע געשטאַנען אַרום אים מיט פּאַרוויינטע אויגן. זײ האָבן געקוקט אויף די פעלדזן (4) און שטיינער, די איינציקע געוויקסן אין די ווילדע בערג, און זײ האָבן געפרעגט: „וואָס וועלן מיר דאָ טאָן? עס איז דאָך אַפילו נישטאָ דאָ קיין שול צו דאַווענען, צו בעטן גאָט!"

אָבער ער, סעדיה, האָט גאָר אַנדערש געטראַכט:

דאַרפט איר נאָך אַ שענערע שול? גיט נאָר אַ קוק אויף דעם שיינעם הימל, ווי אַ דאָך איבער אונדז, וואָס גאָט אַליין האָט פאַר אונדז אויסגעפּוצט מיט גרויסע זילבערנע שטערן. אין דער פרײ איז דער דאָך העל בלוי, און כּדי די שטראַלן פון דער זון זאָלן נישט פאַרמישן די אותיות פון אונדזערע סידורים און מחזורים. ווען מיר וועלן אין זײ אַרײַנקוקן, וועלן מיר זיצן אין אונדזערע געצעלטן, ווי עס פלעגט זיצן אַבֿרהם אָבֿינו. אַ ספר־תּורה האָבן מיר דאָך מיטגעבראַכט, אַ שופר אויף ראש־השנה האָבן מיר, ווער ס'זאָל בלאָזן האָבן מיר אויך, אַפילו אַ חזן האָבן מיר מיט אונדז. איז וואָס זשע קלאָגט איר, טײַערע ברידער? לאָמיר נישט וויינען, הענט האָט אונדז גאָט געגעבן, וועלן מיר אַלע צוזאַמען זיך נעמען צו דער אַרבעט, און אַרויסרײַסן די שטיינער און ווילדע פעלדזן, און אויף זייער אָרט וועלן מיר פאַרזייען, און עס וועט וואַקסן, און מיר וועלן האָבן שפּײַז פאַר אַלעמען! וויינט נישט און קלאָגט נישט, עס וועט געדויערן אַ שטיקל צײַט, און מיר וועלן אויפשטעלן דאָ, אין די בערג פון אפרים, אַ דערפל, אַז אַלע וועלן אונדז מקנא זײַן.

— און ווו וועסטו נעמען סכך פאַר דער סוכּה? — האָט זיך געריצט מיט אים איינער, וואָס האָט זיך געהאַלטן פאַר אַ גאַנצן חכם.

דער, וואָס טוט מיט אונדז ניסים יעדן טאָג, ער וועט אונדז העלפן, — האָט שטילערהייט געענטפערט סעדיה.

אָבער איצטער, ווען ער איז געזעסן אין זײַן געצעלט און געברומט זײַן ניגון, האָט סעדיה געטראַכט: „גערעכט איז אפשר געווען יענער „גרויסער חכם" וואָס האָט זיך געריצט מיט מיר, ווײַל צווישן די שטיינער און פעלדזן, וואָס מען האָט אונדז דאָ געגעבן, אַז מיר זאָלן פון זײ מאַכן אַ פעלד, אפשר נאָך אויך אַ ווײַנגאָרטן, וואַקסט נאָך דערווײַל נישט קיין טראָפּעלע גרינס. ווו־היך מע וואַרפט אַן אויג, זעט מען: גרוי, האַרט און וויסט. ווו טאַקע וועל איך נעמען סכך פאַר דער סוכּה, וואָס איך האָב זײ צוגעזאָגט אויפצושטעלן?"

סעדיהס ניגון ווערט אומעטיקער, ער טראַכט זיך: גאָט אין הימל, וועסטו דערלאָזן אַז איך, סעדיה, וואָס היט אַלע דײַנע געבאָטן, זאָל נישט קאָנען האַלטן מײַן וואָרט? סעדיה פאַרמאַכט די אויגן, לאָזט אַראָפּ זײַן קאָפּ, גלעט זײַן באָרד, ער וואַרט, ווי ער וואָלט זיך געגרייט צו הערן אַן ענטפער פון אויבן, פון הימל, פון דאָרט זאָל מען אים העלפן קריגן סכך פאַר דער סוכּה, וואָס ער גרייט זיך אויפצושטעלן.

---

.rocas .4

די שכנים פון דעם נײַעם דערפל, וואָס זיצן ארום אים, האָבן באַלד באַמערקט, אַז עפּעס איז שטיל געוואָרן, מע הערט שוין אַפילו נישט סעדיהס שטילן ברומען. אַלע האָבע געמיינט, אַז ער איז אײַנגעשלאָפן. אויך זײַנע קינדער האָבן געמיינט, אַז דער „אַלטער"" איז אײַנגעשלאָפן בײַם לעצטן ביסן, נאָכן אָפּפאַסטן. זיי האָבן זיך אַלע שטילערהייט אויפגעשטעלט און יעדער איז זיך געגאַנגען צו זײַן געצעלט. זיי זײַנען דאָך אַלע געווען מיד און שוואַך נאָכן לאַנגן פאַסטן און בעטן גאָט. דער „אַלטער", זאָל לעבן, האָט פײַנט אַז מע נאַרט אָפּ דעם רבונו־של־עולם: מע טאָר נישט כאַפּן די תּפילות, מע דאַרף זאָגן פונקט ווי עס איז געדרוקט. אַזוי האָט ער זיי געלערנט און טאַקע אויסגעלערנט. און יום־כּיפּור איז דאָך דער הייליקסטער טאָג, ווען יעדער איינער, אַפילו אַ קינד, דאַרף אָפּגעבן אַ חשבון צו גאָט.

עס איז געוואָרן שפּעט, אַלע האָבן זיך געגרייט צו גיין שלאָפן. אין דאָרף איז געוואָרן אַזוי שטיל, אַז מע האָט געקאָנט הערן, ווי עס וויינען די שאַקאַלן, וואָס לויפן אַרוים פון זייערע היילן (5), און ווי עס פאַלט אָן אײַנגעדרעמלטער פויגל פון אַ שפּיץ בוים, וווּ ער האָט זיך אויסגעבויט זײַן נעסט.

סעדיה האָט אין דער שטיל אַ כאַפּ געטאָן אַ גרויס מעסער, האָט אַרומגעבונדן אַ שטריק אַרום זײַן בויך, און שנעל זיך געלאָזט שפּאַנען צווישן די פעלדזן צום גוט אײַנגעפונדעוועטן קיבוץ פון די „אַשכּנזים" (6), ניט ווײַט פון זײַן מושבֿ, וווּהין מען ברענגט אַלע טוריסטן, זיי צו ווײַזן, וואָס די יונגע חלוצים האָבן באַוויזן.

יעדן טאָג, ווען סעדיה גייט צו זײַן אַרבעט, גייט ער פאַרבײַ דעם פּרעכטיקן פּרדס (7), וואָס די יונגע חלוצים האָבן געפלאַנצט. און וואָס איז פול מיט פאַרשידענע פּרוכטן. ער זעט אויך דאָס וועלדל, מיט די סאָסנעס (8), וואָס רופן צו זיך מיט זייערע קילע שאָטנס. ער זעט פון דער צווייטער זײַט אַלערליי פּרוכטן, וואָס רייצן די אַפּעטיטן פון אַלעמען. ער פאַרגינט (9) זיי דאָס אַלץ מיטן גאַנצן האַרצן. ער טראַכט בײַ זיך: „מיר, תּימנער, זײַנען פונקט אַזעלכע גוטע חלוצים. גיט אונדז נאָר אַ צען־פופצן יאָר, וועלן מיר שוין ווײַזן, וואָס מיר וועלן אויפטאָן". אָבער איצטער, אין דער שטילער נאַכט, האָט ער געטראַכט, „זײַט אַזוי גוט און גיט אונדז אַ ביסל סכך פאַר אונדזער סוכּה. איך האָב הייליק צוגעזאָגט מײַנע ברידער פון תּימן".

אַזוי האָט דער אַלטער סעדיה גערעדט צו זיך. אָבער זיכער איז ער ניט געווען, צי די ברידער פון דעם קיבוץ וועלן זיך צוהערן צו זײַן געבעט. אָט שטייט ער שוין בײַ די דראָטן, וואָס צאַמען אַרום דעם גאַנצן גאָרטן. אַ סך צווײַגן זײַנען אַזוי אָנגעפילט מיט פּרוכטן, אַז זיי הענגען שוין אַריבער דער צוים, ווי זיי וואָלטן זיך געבעטן, מע זאָל זיי פאַרזוכן און פון זיי הנאה האָבן.

---

5. cuevas. 6. דאָ: אייראָפּעישע ייִדן. 7. גאָרטן פון מאַראַנצן א"אַ פּרוכטן.
8. pinos. 9. איז נישט מקנא, ווינטשט זיי.

סעדיה הייבט אויף זײַנע אויגן צו דער פולער לבֿנה און ער שיקט זײַן געבעט צו גאָט: „רבונו של עולם, דו קאָנסט דאָך דײַן קנעכט סעדיהן. האָב איך עפּעס צוגעזאָגט, האָב איך מיט אַלע מײַנע כּוחות געזען צו האַלטן וואָרט. דו ווילסט דאָך נישט, אַז איך זאָל בלײַבן פאַרשעמט בײַ מײַנע ברי־דער און שוועסטער פון תּימן. איך האָב זיי צוגעזאָגט אַ סוכּה, וועל איך שוין, מיט דײַן הילף, האָבן די סוכּה, אָבער קיין סכך פאַר דער סוכּה האָבן מיר דאָך נישט. בעט איך דיך, רבונו של עולם, העלף מיר קריגן סכך פאַר אונדזער סוכּה. זאָלן ייִדישע קינדער נישט האָבן קיין פאַרשטערטן יום־טובֿ".

ווי ער שטייט אַזוי און רעדט צו גאָט, איז אָנגעקומען אַ ווינט, און האָט געבויגן די צווײַגן מער און מער. סעדיה האָט אײַנגעהאַלטן זײַן אָטעם. ער האָט אַרויסגענומען זײַן מעסער, אָנגעהויבן שנײַדן די צווײַגן און גע־רעדט צו גאָט: „דו ווייסט דאָך, רבונו של עולם, אַז סעדיה איז קיין מאָל קיין גנבֿ נישט געווען און איצטער אויך נישט. עס איז נישט קיין גנבֿה. מיר דאַרפֿן נישט די פּרוכטן, וואָס שמעקן אַזוי זיס און גוט. מיר דאַרפֿן נאָר האָבן די צווײַגן צוצודעקן אונדזער סוכּה".

אַזוי האָט סעדיה גערעדט צו זיך און דערבײַ האָבן זײַנע הענט זייער שנעל געאַרבעט און געשניטן די צווײַגן. ער האָט זיי פלינק צונויפגעבונדן מיט דעם שטריק, וואָס ער האָט מיטגעבראַכט, פאַרלייגט דעם גרויסן פּאַק אויף זײַנע פּלייצעס און זיך געלאָזט שנעל גיין אַהיים. אויפן וועג האָט ער ווײַטער גערעדט צו זיך: „רבונו של עולם, עס איז נישט קיין גנבֿה. איך האָב דעם קיבוץ נאָך געטאָן אַ טובֿה. ביימער דאַרפֿן, אַז מע זאָל זייערע צווײַגן אַ מאָל שנײַדן, האָב איך עס איצטער געטאָן, כּדי ייִדישע קינדער זאָלן קאָ־נען זיצן אין סוכּה".

ער איז געגאַנגען געבויגן מיטן פּאַק אויף זײַנע פּלייצעס און האָט פאַרצויגן אַ ניגון, אָבער געזונגען האָט ער פריילעך, מיט האַרץ: „אַ דאַנק דעם אייבערשטן, וואָס ייִדישע קינדער וועלן קאָנען זיצן אין אַ כּשרער סוכּה"!



## שלמה טענעראָווסקי — אַ סוכּה

— „וואָס איז דאָס זיידע, פאַר אַ שטיבל מיט אַ מאָדנעם דאַך?"
— „דאָס שטיבל, קינד מײַנס, רופט מען סוכּה, און דער דאַך הייסט סכך."
— „ווער זשע, זיידעניו, וועט וווינען אין דעם מאָדנעם הויז?
טרײַבט אונדז עמעץ דען פון אונדזער שיינער היים אַרויס?
ס'איז דאָ אויך ניטאָ קיין מעבל, בלויז אַ טיש, אַ באַנק, —
ווער זשע, זיידע, וועט דאָ וועלן וווינען און ווי לאַנג?"

— „ניין, מײַן קינד, עס טרײַבט אונדז קיינער ניט אַרויס פון הויז,
און מיר וועלן אין דער סוכּה זיבן טעג זײַן בלויז.
יעדער מענטש וועט סוכּות פילן, אויך אַ רײַכער מאַן,
ווי עס פילט אַ מאַן אָן היים, און סתּם אַן אָרעמאַן.
געבן הילף דעם אָרעמאַן, אַ הונגעריקן — ברויט,
אויסשטרעקן אַ האַנט צו יענעם, וואָס ער איז אין נויט.

דאַרף אַ מענטש צופרידן זײַן, ניט וועלן גאָר אַ סך, —
נאָר געזונט און ברויט, אַ קלייד, און איבערן קאָפּ אַ דאַך".

## שמעון פרוג — שׂמחת־תּורה

פריילעך און פריש
זעצט זיך צום טיש,
מאַכט סעודת מלך!
קוויקט זיך און טרינקט,
ייִדעלעך, זינגט,
לעבעדיק, פריילעך!

אָן וואָג און אָן מאָס
אַ כּוס נאָך אַ כּוס —
האָט ניט קיין מורא!
קוויקט זיך און טרינקט,
ייִדעלעך, זינגט
לכּבֿוד התּורה!

שלום־עליכם

# דוד מלך ישׂראל

## א

שטאַרק געקריזלטע באָרד און פּאות, ווײַס ווי געפּאַלענער שניי, אַ נאָפּאָלעאָנקע (אַ פּאַרצײַטיקער מין היטל) אויפן קאָפּ, אַ לאַנגער גראָבער שטעקן אין די הענט, אַ זאַק אויף די פּלייצעס. אײַנגעבויגן ביז צו דער ערד, גייט ער אַלע ערבֿ שבת און אַלע ערבֿ יום־טובֿ פון שטוב צו שטוב צונויפ־נעמען חלה פאַר די אָרעמע ייִדישע אַרעסטאַנטן, וואָס אין טורמע.

דאָס איז דער אַלטער דאַדי, אָדער „דוד מלך ישׂראל", וואָס איז אַלט אפשר הונדערט יאָר. אַלע קענען אים, אַלע ווייסן שוין, וואָס ער וויל. קיי־נער דינגט זיך נישט מיט אים. ווער עס האָט און ווער עס וויל — דער גיט; ווער עס האָט נישט און וויל נישט, גיט נישט. דער אַלטער דאַדי וועט נישט האָבן קיין פּאַראיבל (1). וואָרעם אַז אַלע וועלן האָבן וואָס צו געבן און אַלע זאָלן וועלן געבן, הײַנט ווער וועט נעמען? און אַז ס׳וועט נישט זײַן ווער ס׳זאָל געבן און ווער ס׳זאָל נעמען, פון וואַנען זשע וועט זיך נעמען רחמנות און צדקה און מעשׂים טובֿים אויף דער וועלט?

אָט אַזוי פּלעגט חקירהן (2) דער אַלטער דאַדי. ער איז געגאַנגען מיט דעם גאַנג, אַז ווי דער אייבערשטער פירט, אַזוי איז גוט.

ווער איז געווען דער אַלטער דאַדי, אָדער דער דוד מלך ישׂראל, און וואָס איז ער געווען פריִער, איידער ער איז געווען אַן אַלטער ייִד פון אפשר הונדערט יאָר און איידער ער האָט זיך פאַרנומען מיט צונויפקלײַבן חלה פאַר די אָרעמע אַרעסטאַנטן, וואָס אין טורמע? — דאָס ווייסט קיינער נישט.

פון וואָס לעבט דער אַלטער דוד? ווי האַלט ער זיך אויף? וויפל יאָר איז ער אַלט? ווו זענען זײַנע קינדער און אייניקלעך? — דאָס ווייסט קיי־נער נישט, ס׳איז אַ סוד פאַר דער וועלט. עס איז נישטאָ פּשוט דער מענטש, וואָס זאָל געדענקען. און בײַ אים אַליין אַז איר וועט פרעגן, וועט ער אײַך נישט ענטפערן. פּרוּווט זיך גאָר נישט, איר וועט ערגער מאַכן: וואָרעם מיט אים אַז איר וועט זיך אַרײַנלאָזן אין אַ לאַנגן שמועס, וועט ער אײַך

---

1. וועט נישט זײַן ברוגז. 2. פילאָזאָפירן.

בעטן, איר זאָלט עפּעס שענקען פּאָר זײַנע אָרעמע ייִדישע אָרעסטאַנטן, וואָס אין טורמע, און פון וואָס איר זאָלט מיט אים נישט רעדן — אויף זײַנע אַרעסטאַנטן מוזט איר אַרויף!

— רב דאָדי! ווו האָט איר געגעכטיקט הײַנטיקע נאַכט?

— געלויבט דער אייבערשטער (3), אָבי נישט אין טורמע. האָט איר נישט עפּעס איין אַלטן בגד פאָר מײַנע אַרעסטאַנטן?

— רב דאָדי! ווו זענען אַהינגעקומען אײַערע קינדער מיט אַלע אייניקלעך אײַערע?

— געלויבט דער אייבערשטער. צעקראָכן זיך דער אַהער, דער אַהין, צעשפּרייט איבער אַלע זיבן ימים. אַנדערע זענען געשטאָרבן, אַנדערע לעבן. ווי אַזוי זיי לעבן, גוט, שלעכט — אָבי נישט חלילה אין טורמע. געפינט זיך נישט בײַ אײַך, אַ פּאָר אַלטע הויזן פאָר מײַנע אַרעסטאַנטן?

— רב דאָדי! וויפל זענט איר אַלט ביז הונדערט צוואַנציק יאָר?

— געלויבט דער אייבערשטער. נישט קיין יונגערמאַן. לאָז אײַך גאָט געבן נישט ווינציקער יאָרן, נאָר מער מזל, און דער עיקר — איר זאָלט נישט וויסן פון קיין טורמע, כּל־זמן איר וועט לעבן. געפינט זיך נישט בײַ אײַך אַ פּאָר אַלטע שטיוול פאָר מײַנע אַרעסטאַנטן?

אָט דאָס איז געווען דער אַלטער דאָדי, אָדער דוד מלך ישׂראל.

## ב

פאָר וואָס זשע האָט מען אים גערופן „דוד מלך ישׂראל"?

דערפאַר. וואָס איין מאָל אין יאָר איז ער געווען אַ מלך, אַ מלך בײַ ייִדישע קינדער, און דאָס איינע מאָל איז געווען דער טאָג פון שׂמחת־תּורה.

קומט שׂמחת־תּורה — איז נישט צו דערקענען דעם אַלטן דאָדי. דער רוקן אויסגעגלײַכט, די באָרד און פּאות אויסגעקעמט. די נאַפּאָלעאָנקע איבערגעקערט אויף דער לינקער זײַט, דער ברייטער ווײַסער קאָלנער אויסגעגלעט. אָן דעם שטעקן, אָן דעם זאַק — כ'איז גאָר נישט דער דאָדי. דאָס פּנים שײַנט, די אויגן גלאַנצן. גענומען לכּבוד יום־טובֿ אַ ביסל בראָנפן, איז דער אַלטער דאָדי גאָר אַן אַנדער מענטש מיט אַן אַנדער נשמה — אַ לעבעדיקע, אַ פריילעכע נשמה.

צונויפגענומען קליינוואַרג, ייִנגלעך פון אַלע שולן, און אויסגעשטעלט זיי שורותווײַז אַרום און אַרום זיך, גייט ער, דער אַלטער דאָדי, אין מיטן, די הענט אַרויף צום הימל, און זינגט אויף אַ קול:

— צאן קדשים (3)!

ענטפערט אים קליינוואַרג:

— מע־ע־ע!

---

3. הייליקע שעפעלעך.

— ווער גייט מיט אײַך?
— אונדזער מלך דוד, מע־ע־ע!
— ווי אַזוי רופט מען אים?
— דוד מלך ישׂראל, מע־מע־ע!
— שרײַט זשע, ייִדישע קינדער, מיטן שיינעם ניגון: דוד מלך ישׂראל! חי וקיים!
— דוד! מלך! ישׂראל!
חי וקיים! מע־ע־ע!

צו די קינדער שטייען צו נאָך קינדער; די מחנה וואַקסט; דער עולם, וואָס גייט נאָך, ווערט אַלע מאָל גרעסער; דאָס קול ווערט אַלע מאָל שטאַרקער און רינגלט אַרום דאָס גאַנצע שטעטל. בײַ יעדער סוכּה שטעלט זיך אָפּ דוד מלך ישׂראל. באַלעבאַטים טראָגן אים אונטער אַ ביסל לחיים. ווײַבער זענען אים מכבד מיט לעקעך. דאָס ביסל לחיים טרינקט ער אויס, און דעם לעקעך צעטיילט ער צווישן קליינוואַרג, רופט אויס מיט אַ ניגון:

— צאן קדשים!
— מע־ע־ע!
— וואָס האַלט איך דאָ?
— לעקעך, מע־ע־ט!
— וואָסער אַ ברכה מאַכט מען איבער דעם?
— מזונות, מע־ע־ע!
— זאָגט זשע מיר איצטער, ווער גייט מיט אײַך?
— אונדזער מלך דוד, מע־ע־ע!
— ווי אַזוי רופט מען אים?
— דוד מלך ישׂראל, מע־ע־ע!
— שרײַט זשע, ייִדישע קינדער, מיטן שיינעם ניגון: דוד! מלך! ישׂר־אל! חי! וק־יים!



| א קריגעלע בוימל —<br>א קריגעלע וואַנדער | אַלף כּץ |
|---|---|

א קריגעלע בוימל — א קריגעלע וואַנדער —
מיר האָבן מיט זיך מיטגעבראַכט,
וואָס וויַיזט אונדז שוין העכער צוויי צענדליק יאָרהונדערט
דעם ריכטיקן וועג אין דער נאַכט.

דאָס קריגעלע וואַנדער אַ טרייסט און אַ פרייד איז
אויף שטענדיק פאַר אונדז און דערקוויקט (1)
די הערצער מיט פלאַמיקן שיַין פון די זיידעס,
וואָס האָבן געקעמפט און געזיגט.

דער בוימל פון טיַיערן קריגעלע פלעמלט (2)
אין אונדזערע חנוכּה-ליכט,
דערמאָנט אונדז, מיר זאָלן אַצינדער, ווי דעמלט,
געדענקען די הייליקע פליכט (3);

געדענקען דאָס וואָרט, דאָס געבאָט (4) פון דעם נעכטן,
וואָס ברענט אין די ליכטלעך די אַכט,
מיר זאָלן זיך קיין מאָל נישט לאָזן פאַרקנעכטן (5),
נישט קניִען צום אָפּגאָט פון מאַכט (6).

איז לאָמיר דאָס קריגעלע היטן, דאָס קליינע, —
ס'איז קליין, אָבער טיף, ווי דער ים;
מיר שעפּן (7) פון דאָרטן די וואַנדער די ריינע,
פאַר פריַיהיַיט — אַ הייליקן פלאַם!

---

1. מאַכט פריילעך. 2. ברענט. 3. חובֿ, זאַך וואָס מע דאַרף טאָן. 4. באַפעל, אָנזאָג. 5. מאַכן פאַר קנעכט. 6. poder. 7. נעמען אַרויס.

שמעון פרוג

# מתתיהו

באַגאַסן מיטן שײַן פון דער ליכטיקער און װאַרעמער זון און אַרומ־גערינגלט מיט פּאַלמעס און אײלבערט־בײמער (1), שטײט אויף אַ באַרג דאָס קלײנע שטעטעלע מודיעין. װוּ עס האָבן געװױנט מתתיהו מיט זײַנע פינף זין: יוחנן, שמעון, יהודה, אליעזר און יהונתן.

שטיל און רויִק איז געװען אין דעם קלײנעם שטעטעלע פיל יאָרן, ביז עס איז געקומען דאָס גרױסע אומגליק אויף דעם גאַנצן לאַנד — די גזירות (2) פון אַנטיוכוסן — און פאַרכאַפּט אױך דאָס רויִקע, שטילע שטעטעלע.

אַ גאַנצע מחנה גריכן מיט זײער קאָמאַנדיר האָבן פאַרנומען אַלע גאַסן אין מיטן שטעטל. אויפן מאַרק שטײט שוין אַ מזבח צו די גריכישע אָפּגעטער.

— גײט, גײט! — באַפעלט דער שׂר (3) פון די גריכן. — קניט, בוקט זיך צו אונדזערע געטער, פאַר װעלכע עס קניט און בוקט זיך דער גרױסער, שטאַרקער קעניג אַנטיוכוס. װאַרפט אַװעק אײַער גאָט, װעלכער האָט אײַך פאַרלאָזן און אײַך איבערגעגעבן אין אונדזערע הענט. װאַרפט אַװעק אײַער תורה, װאָס צוליב איר װערט איר געהרגעט אַלע טאָג. אײַער בית־המקדש איז פּוסט. אײַערע פּאַלאַצן זײַנען פאַרװיסט, אײַערע אוצרות צערויבט. טויזנטער און טויזנטער פון אײַך זײַנען געפאַלן פון אונדזער שװערד. אין דעם נאָמען פון מײַן קעניג, דעם גרויסן, דעם שטאַרקן אַנטיוכוס, װעלכן עס זײַנען אונטערטעניק (4) צענדליקער פעלקער און פאַר װעלכן עס ציטערט די גאַנצע װעלט, אין זײַן נאָמען זאָג איך אײַך — — —

אין דער מינוט האָט זיך דאָס פאָלק צעטײלט אויף בײדע זײַטן און דורכגעלאָזט אַן אַלטן גרויען מאַן.

— דער כּוהן־גדול גײט! — האָט זיך דערהערט פון אַלע זײַטן.

אָנגעטאָן אין די הײליקע קלײדער, איז צוגעגאַנגען צו דעם שׂר פון די גריכן דער אַלטער גרויער מתתיהו. זײַנע לאַנגע שנײ־װײַסע האָר און זײַן גרויע באָרד האָבן געגלאַנצט אין דעם שײַן פון דער זון. אין די אויגן האָט

1. אַליװן. 2. שלעכטע געזעצן. 3. עלטסטער אָפיציר. 4. אונטערגעװאָרפן.

גענליט אַ הייסער פײַער פון פאַרבאַרגענעם צאָרן (5) און איבער זײַנע בלייכע ליפּן איז צײַטנווייז איבערגעלאָפן אַ ציטער.

— מתּתיהו! — האָט זיך געווענדט דער שׂר צו דעם אַלטן כּוהן: — דײַן קאָפּ איז באַדעקט מיט גרויע האָר. האָב רחמנות אויף זיך, אויף דײַן הויזגעזינד (6) און אויף דײַן פאָלק, וואָס וועט דיך פאָלגן און טאָן אַלץ, וואָס דו וועסט באַפעלן. דער גרויסער שטאַרקער קעניג אַנטיוכוס רעדט צו דיר מיט מײַנע ליפּן: גיי צום מזבח און ברענג דעם קרבן, ווײַלכער — — — —

— ניין! — האָט אַ געשריי געטאָן דער אַלטער מתּתיהו. — ניין! איך וועל נישט צוטרעטן צו דײַן מזבח, איך וועל נישט קניִען און איך וועל זיך נישט בוקן צו דײַנע שטומע און טויטע אָפּגעטער. איך האָב דיך פײַנט. דו ביסט דער שׂונא פון מײַן פאָלק. דו ביסט געקומען מיט פײַער און שווערד אין אונדזער לאַנד. האָסט פאַרשוועכט (7) אונדזער בית־המקדש, צעריסן אונדזערע הײַזער, געשטאָכן פרויען און קינדער מיט דײַן שווערד. אָבער איך שרעק זיך נישט פאַר דיר.

— שווײַג, — האָט אויסגעשריִען דער האַר פון די גריכן און אַרויסגעכאַפּט זײַן שווערד, — שווײַג! — פאַר דײַנע רייד וועט דיר באַצאָלט ווערן אין גיכן. אָבער וואַרט אויס, באַלד וועסטו זען, ווער פון אונדז איז שטאַרקער.

— סאָלדאַטן, -- האָט ער געגעבן אַ באַפעל זײַנע זעלנער, — ציט אַרויס אײַערע שווערדן, רינגלט אַרום דאָס פאָלק פון אַלע זײַטן! און איר, — האָט ער זיך געווענדט צום פאָלק, — איר פאַרשאָלטענע קנעכט, גייט צו נעענטער צום מזבח! — קניט! קושט די שטיינער. ווײַלכע ליגן דאָ פאַר אײַך.

די רייד האָבן אָנגעוואָרפן אַ שרעק אויף די ייִדן. איינער פון די אײַנוווינער איז צוגעגאַנגען צום מזבח, זײַן קאָפּ אײַנגעבויגן און, ציטערנדיק, איז ער געפאַלן אויף די קני...

—הוראַ! — האָט אויסגעשריִען דער האַר מיט פרייד.

— הוראַ! — האָבן געענטפערט הונדערטער קולות פון די סאָלדאַטן.

מיט פלאַמענדיקע אויגן, פאַרציטערט פון צאָרן, איז אויפגעשפּרונגען דער אַלטער גרויער מתּתיהו. אין זײַן דאַרער, אַלטער האַנט האָט אַ בליץ געטאָן אַ גרויס שאַרף מעסער, און אין איין מינוט זײַנען געפאַלן צו זײַנע פיס דער ייִדישער פאַררעטער (8) און דער שטאַרקער, שטאָלצער שׂר פון די גריכן.

— ברידער מײַנע, קינדער! — האָט אויסגעשריִען דער אַלטער כּוהן גדול. — שטייט אויף, שטייט אויף,איר צעשראָקענע, דערשלאָגענע, אומגליק־לעכע! צו מיר! צו מיר!

---

5. כּעס. 6. משפּחה. 7. פראָפאַנירט. 8. traidor.

אַ גרויס שרעק איז באַפאַלן די זעלנער פון אַנטיוכוסן, ווען זיי האָבן דערזען, אַז זייער קאָמאַנדיר איז געפאַלן טויט. זיי, די גרויסע העלדן, זײַנען אַנטלאָפן ווי האָזן

און פון דעם שפּיץ באַרג האָט געדרופן הויך דאָס קול פון אַלטן, גרויען מאַן:

— שטייט אויף, שטייט אויף, מײַנע ברידער, מײַנע קינדער. ווער איז צו גאָט — צו מיר! פאָרויס, פאָרויס!

ווי אַ דונער, וואָס וועקט אויף הונדערטער ווידערקלאַנגען פון באַרג און טאָל, אַזוי איז געגאַנגען דער רוף פון דעם אַלטן גרויען מאַן איבער די שטעט און דערפער פון יהודה. שטאַרקע און גרויסע מחנות זעלנער האָבן זיך צונויפגעקליבן אַרום מתתיהון און זײַנע פינף זין די גיבורים. עס האָט זיך פאַרקאָכט אַ מלחמה אין אַ סך ערטער אויף איין מאָל.

נישט איין טאָג און נישט צוויי טעג האָט געדויערט די מלחמה. פיל טעג זײַנען פאַרגאַנגען, פיל בלוט איז פאַרגאָסן געוואָרן, ביז עס איז געקו־מען דער גרויסער, הייליקער טאָג: כ"ה כסלו.

די גאַנצע וועלט האָט געקלונגען מיט דעם נאָמען פון דעם גרויסן יידישן העלד, יהודה המכבי.

און דאָס לאַנד יהודה איז געווען רויִק אַ סך יאָרן, באַפרײַט און באַ־שיצט פון שרעק.



# יהודה

## לייב נײַדוס

טרײַ איז יהודה זײַן שבֿועה מקיים —
דאָרט אין די טונקעלע בערג פון אפרים
קאָכט שוין די בלוטיקע שלאַכט.
ס׳זשומען אין לופטן די האַסטיקע פײַלן (1),
ס׳בליצן די פּאַנצערס (2) אין שטויביקע זײַלן (3),
ס׳אָטעמט מיט גרויזאַמער (4) מאַכט;

רײַטוואָגנס, פערד און די העלפאַנטן־ריזן,
שווערדן אויף שווערדן און שפּיזן אויף שפּיזן (5) —
אָבער יהודה איז דרײַסט!
אונטן — דער גלויבן, דער בורא — פון אויבן,
ווער זשע וועט קאָנען די מוטיקייט רויבן (6),
רויבן דעם געטלעכן גײַסט?

רײַך איז דער שׂונא אין פּאַנצערס געשמידטע,
שטאַרק איז דער שׂונא אין רײַטערס געניטע,
אָבער ווי אָרעם און שוואַך
קעגן דעם ריזיקן דראַנג (7) פון נשמה,
וועלכע דערלאָזט ניט צו מאַכן זי טמא,
שטייענדיק טרײַ אויף דער וואַך (8)!

ס׳טרעטן די העלפאַנטן אָפּ אויף אַהינטער,
ס׳אײַלן די קריגערס פון גריך אַלץ געשווינדער
לויפן צעטומלט אַוועק;
ס׳ווערן אַלץ גרעסער דעם שׂונאס בהלות (9),
ס׳לויפן צעמישטע דעם שׂונאס חיילות,
ווי אין אַ גרויזאַמער שרעק.

סוריאַס געפּאַנצערטע קראַפט איז געבראָכן,
הייליק און גרויס איז יהודהס נצחון —
ס׳איז שוין צו ענדע דער קריג!
הייליק און גרויס איז די ייִדישע גבֿורה —
אײַלט צו דעם פאָלק און זאָגט אָן אים די בשׂורה:
זיג! זיג! זיג!

---

1. flechas. 2. corazas. 3. קאָלומנעס. 4. ברוטאַלער, שרעקלעכער.
5. lanzas. 6. צונעמען. 7. שטרעבונג. 8. היטן אָפּ. 9. פּאַניק.

# דער מענטש
## (אַ חנוכּה־מעשׂה)

### יצחק קאַצענעלסאָן

פּונקט צום ערשטן חנוכּה־ליכטל איז אויסגעפאַלן אַ ווייכער, טיפער שניי. ער איז געפאַלן אויף דעכער, אויף פּלויטן (1), אויף קעפּ און אויף גאַסן. מער פון אַלץ איז ער געפאַלן אין פעלד.

בעני — אַ יינגל מיט אַ פּאָר שוואַרצע אויגן איז אין פעלד געוועזן, נישט ווײַט פון זייער שטוב. ער מיט נאָך עטלעכע יינגלעך האָבן אויפגעשטעלט אַ שניימענטש. בעני האָט אים געקלעפּט און די אַנדערע האָבן אים געהאָלפן.

אַז דער מענטש איז פאַרטיק געוואָרן, האָט יאָסל, אַן עלטער יינגל, אַ זאָג געטאָן צו בענין:

— ווען דו האָסט איצט דעם „שם המפורש“ (2), און גיסט אים אַ שטעק אַרײַן אין שניימענטש, ווערט ער באַלד אַ לעבעדיקער און ער פאָלגט דיך אין וואַסער און אין פײַער. וואָס דו זאָלסט נישט באַפעלן — פאָלגט ער דיר גלײַך!

— וואָס? וואָס איז דאָס פאַר אַ זאַך, דער „שם־המפורש“?

— דער „שם המפורש“ דאָס זײַנען אַזעלכע הייליקע ווערטער — אָבער קיינער ווייסט נישט, וואָס זיי זײַנען...

ס'איז שוין געווען טונקל און אַלע יינגלעך האָבן זיך אַ לאָז געטאָן אַהיים. אויפן ווייסן פעלד איז פאַרבליבן בלויז דער ווײַסער מענטש איינער אַליין.

בעני איז אַרײַנגעלאָפן אין שטוב:

— דער זיידע איז שוין דאָ?

דער זיידע איז נאָך אין דער היים נישט געווען — נאָך נישט געקומען פון דאַווענען. דער טאַטע אָבער איז שוין געשטאַנען בײַם פענצטער און זיך געפּאָרעט (3) בײַם צוגרייטן דאָס ערשטע ליכטל.

---

1. bardas. 2. נאָמען פון גאָט, וואָס מע טאָר אים נישט אַרויסזאָגן. 3. געווען פאַרנומען.

בעני האָט גאָר פאַרגעסן, וואָס הײַנט איז, און ער האָט פאַרוווּנדערט געקוקט אויפן טאַטן: אין שטוב ברענט שוין די עלעקטרע, און ער פאַרעט זיך מיט אַ ליכטל.

דער טאַטע האָט זיך דערפרייט מיט בענין און אים אַ רוף געטאָן:

— קום, בעני, וועסטו הערן בענטשן דאָס ערשטע חנוכּה-ליכטל.

— אוי, כ'האָב שיר נישט פאַרגעסן — הײַנט איז חנוכּה! הײַנט האָט יהודה המכּבי באַוויזן גרויסע ווּנדער!

— יהודה המכּבי טאָר מען נישט פאַרגעסן, — האָט דער טאַטע געזאָגט.

דער זיידע איז טאַקע באַלד אַרײַנגעקומען פון שול. מע האָט גע־בענטשט חנוכּה-ליכט. בעני האָט זיך צוגעהערט און געענטפערט „אָמן“.

בעני איז שטיל צוגעגאַנגען צום זיידן און שעמעוודיק אַ זאָג געטאָן:

— זיידע...

— אַהאַ! -- האָט דער זיידע אַ זאָג געטאָן. — דו ווילסט מסתמא חנוכּה-געלט.

— ניין, זיידע, נישט דאָס.

— ווילסט אַ דריידל?

— ניין, זיידע.

— וואָס זשע ווילסטו?

— זיידע, גיב מיר דעם „שם-המפורש“.

דער זיידע מיטן טאַטן האָבן זיך ביידע צעלאַכט. די מאַמע וואָלט אַוודאי אויך געוועזן געלאַכט, נאָר זי האָט נישט פאַרשטאַנען בענים בקשה.

— וואָס וויל דאָס בעני? — האָט די מאַמע געפרעגט.

— אדרבה, זאָל ער דיר אַליין אויסטײַטשן! — האָט שמייכלענדיק געענטפערט דער טאַטע.

— איך וויל דעם „שם-המפורש“, אַ הייליק וואָרט אַזאַ,— האָט בעני פאַרשעמט געענטפערט, — איך דאַרף עס האָבן.

— דו? — האָט דער זיידע פאַרוווּנדערט געפרעגט.

— נישט פאַר מיר,— האָט בעני געענטפערט. — פאַר אַן אַנדערן, ער שטייט דאָרט אין דרויסן און וואַרט אויפן „שם-המפורש“.

— פאַר וועמען? ווער וואַרט? — האָבן אַלע אויסגערופן.

— אַ מענטש שטייט אין פעלד און וואַרט,— האָט בעני געענטפערט.

— וועלכער מענטש?

— מײַן מענטש.

— וואָס הייסט „דײַן מענטש“? — האָט דער טאַטע איבערגעפרעגט.

— איך האָב געמאַכט פון שניי אַ מענטשן, אַזאַ גרויסן מענטשן! שטײט ער אין פעלד און וואַרט... זיידע, דו ווייסט דאָך... דו דאַוונסט דאָך.

דער זיידע האָט זיך ווידער צעלאַכט און אַ פרעג געטאָן:

— וואָס־זשע ווילסטו?

— דעם „שם־המפורש“ גיב מיר! — האָט שוין בעני אומגעדולדיק (4) געענטפערט.

דער זיידע האָט זיך אַ ווײַלע פאַרטראַכט און געזאָגט:

— אין תּפילין־זעקל בײַ מיר איז דאָ אַ קליין סידורל, פול מיט מיליאָנען אותיּלעך. צווישן די אותיּלעך געפינט זיך דער „שם־המפורש“ — גאָר גיי ווייס, וועלכע פון זיי עס זײַנען דער „שם־המפורש“!

בעני איז אַ ווײַלע געבליבן שטיין אַן אומעטיקער. נאָר פּלוצעם האָבן אים אַ גלאַנץ געטאָן די אייגעלעך: אַלע מאָל ווען בענין איז אײַנגעפאַלן אַ געדאַנק, האָט ער זיך באַלד אָפּגעשפּיגלט אין זײַנע אויגן.

אַ פּאָר מינוט שפּעטער האָט בעני זיך אַרײַנגעגנבעט אין זיידנס צימער, וווּ דעם זיידנס תּפילין־זעקל איז געלעגן. ער האָט דאָס געעפנט, אַרויסגענומען דאָס קליינע דיקע סידורל, באַקוקט און באַטראַכט און אַ שטילן זיפץ געגעבן.

— אַז דער זיידע קאָן דעם „שם־המפורש“ נישט געפינען — ווי וועל איך אים געפינען? שאַ! איך ווייס שוין! איך ווייס שוין!

ער איז שטיל אַרויסגעלאָפן פון שטוב מיטן סידורל אין די הענט. אויפן ווײַסן שניי איז געשטאַנען דער „מענטש“ און געוואַרט.

—- איך טראָג! איך טראָג! — האָט בעני פרייליך נאָר שטיל געשעפּטשעט.

— דעם „שם־המפורש“ טראָג איך! ער איז דאָ אין סידורל! פינקטלעך ווו

— ווייס איך נישט, דער זיידע ווייסט אויך נישט! קיינער ווייסט נישט!

בײַם שײַן פון דער לבֿנה האָט ער געעפנט דאָס סידורל און גענומען לייענען: „שמע ישׂראל!“ ווער ווייסט? אפשר איז דאָס דער „שם־המפורש“!

מיט אַ ציטערדיק הענטל האָט בעני געהאַלטן דאָס סידורל. מיט פאַרמאַכטע אויגן האָט ער אויסגערופן:

מענטש!

נעם דעם „שם־המפורש“, נעם,\
זאָג: וווּ ווילסטו אים — דעם שם?\
אין די פּיס, צי אין די הענט?\
אין דעם קאָפּ, צי אין די לענד? (5)\
ניין: ניט דאָ, און אויך ניט דאָרט!\
זאָל דאָס זיין דאָס ריינסטע אָרט!\
כ'שפּאַר דיר אים אין האַרץ אַרײַן,\
זאָל דער שם אין האַרץ דיר זײַן!

גיי־זשע איצטער —\
גיי און וואַנדער,\
פרעג ביי ייִדן זיך פונאַנדער\
אויף מכּבין, אויפן גיבור. —\
שפּרינג אויף בערג און\
איבער גריבער,\
גיי דורך פײַערן און פלאַמען,\
שפּרײַז (6) דורך וואַסערן און ימען,

---

4. impaciente. 5. cintura. 6. גיי.

און דערזעסטו אים — באַגריס אים,
זאָג, אַז בעני וואַרט אויף ניסים,
ס'וואַרט די באָבע, ס'וואַרט
דער זיידע,

טאַטע־מאַמע, אַלע ביידע,
ס'וואַרט אויף אים מײַן
שוועסטער פּעני —
מער פון אַלעמען וואַרט בעני!

בעני האָט פאַמעלעך אַרײַנגעשטופּט זײַן הענטל מיטן סידורל טיף אין שניימענטשנס האַרץ. געלאָזט דאָס סידורל, שטיל אַרויסגעצויגן דאָס הענטל, אַ ווײַלע געוואַרט — און געעפנט די אויגן...

נישטאָ דער מענטש — פאַרשוווּנדן...

דער זיידע איז אין דער פרי אויפגעשטאַנען, זיך געוואַשן, פאַרוויקלט זיך אין טלית, די תּפילין אָנגעטאָן, אַרײַנגערוקט די בלייכע האַנט אין זעקעלע נאָכן סידורל — דאָס סידורל איז נישטאָ. דער זיידע האָט דעם נעכטיק; שמועס מיט בענין שוין לאַנג פאַרגעסן.

ער זוכט דאָ, ער זוכט דאָרטן, און רעדט צו זיך אַליין: „דאַכט זיך, אַז איך האָב עס אין תּפילין־זעקעלע אַרײַנגעלייגט. און אפשר — האָ!"

בעני האָט זיך דערווײַל אויפגעכאַפּט, געעפנט די גרויסע אויגן און איז אויפגעשפּרונגען.

דער זיידע האָט אים סתּם אַזוי אַ פרעג געטאָן:

— זאָג נאָר, דו ווערוריק, האָסט אפשר מײַן סידורל ווו געזען?

בעני האָט אַ לאַך געטאָן און שטיפעריש (7) געזאָגט:

— דאָס סידורל מיטן „שם־המפורש" זײַנען שוין לאַנג אין דעם מענטשנס האַרץ...

— האָ? — האָט דער זיידע אויסגעשטעלט אויף בענין אַ פּאָר פאַרוווּנדערטע אויגן, — וואָס פּלאַפּלסטו (8) וואָס? וועלכער מענטש? ווו איז ער דער מענטש?

— האָ! — האָט בעני אויסגערופן.— דער מענטש? ער מוז שוין אוודאי זײַן העט־ווײַט אין ארץ־ישׂראל!

דער זיידע האָט צום אָנהייב זיך גענומען בייזערן אויף בענין און מאָנען בײַ אים דאָס סידורל. נאָר ווען בעני האָט אים אַלצדינג דערציילט, האָט דער זיידע זיך שטיל פאַרטראַכט, און געמאַכט ווען דעם אַ שווײַג... און שאַ — קיינער האָט דערפון נישט געוווּסט, נאָר בעני און דער זיידע.

יעדע נאַכט שטייט בעני בײַם פענצטער לעבן די אָנגעצונדענע ליכטלעך, קוקט אַרויס אין דער פינצטערער נאַכט, אין הערט, און הערט... דער עולם זיצט בײַם טיש און מע שמועסט. נאָר דער זיידע זיצט בײַם אויוון — און גיט פלוצלונג אַ פרעג: „נו, בעני, וואָס?"...

קיינער בײַם טיש האָט דעם זיידנס פראַגע נישט געהערט, און וואָלטן זיי געוווּסט געהערט — וואָלטן זיי סײַ ווי סײַ נישט פאַרשטאַנען.

---

7. travieso.   8. רעדסט נאַרישקייטן.

קינדער, איר ווילט געווים וויסן דעם סוף פון דעם „מענטש“? ווע׳ל איך אײַך זאָגן, נאָר מיטן תּנאי (9), איר זאָלט עס בענין נישט דערציילן — ער וועט האָבן צער (10).

דער מענטש איז טאַקע געגאַנגען דורך מדבריות און ימען, ער איז געגאַנגען און געגאַנגען, ביז ער איז דערגאַנגען קיין ארץ־ישׂראל — און איז צעגאַנגען... די זון אין ארץ־ישׂראל איז אַ הייסע, און דער „מענטש“ האָט עס נישט אויסגעהאַלטן און — איז צעגאַנגען...

בענים שליחות האָט ער אָבער מקיים געווען (11): אַ ייִד פון תּימן איז איין פרימאָרגן פאַרבײַגעגאַנגען יהודה המכּבים קבֿר, און האָט אויפן בערגל ערד אַ סידורל געפונען...

9. condición. 10. טרויער. 11. אויסגעפירט.






ווײַט אין נגבֿ שטייט אַ בוים,
שטייט ער אויסגעצויגן.
און שיין איז ער, מאַמעניו,
סע פאַרנעמט די אויגן.

קוק איך אויפן שיינעם בוים,
וואָס שטייט ניט גלאַט סתּם (1) דאָ,
און כ׳פרעג אים: טאַקע אַליין
צווישן בערג און זאַמדן?

„אַני, דו בטלן (2), סאַראַ שאלה“,
מאַכט ער, — „איז פאַראַן דאָ?
יאָ אַליין, צי נישט אַליין —
כ׳בין דאָך אין מײַן לאַנד דאָ!“

1. אַזוי זיך, פּשוט. 2. דאָ: נאַר.

# פון טרומפעלדאָרס טאָגבוך

— — — נאָך פאַר דעם ווי די מלחמה הייבט זיך אָן, איז אונדזער צאָל קליין, און איינער פון אונדזערע חברים, פון די נייטיקסטע, האָט אונדז שוין פאַרלאָזט. דאָס איז פאַרשטענדלעך, אַ גרויסער פאַרלוסט (1), אָבער איך בין זיך נישט מייאש (2) אין אַלגעמיין, איך ווייס נישט, וואָס עס מיינט יִאוש. ווער עס וויל עפּעס מתקן זײַן (3) אין זײַן לעבן, דער טאָר זיך נישט מייאש זײַן; מיר טאָרן זיך נישט מייאש זײַן.

— — — זעקס טעג בין איך דאָ, אין דער קאָלאָניע, בײַ אַ באַקאַנטן; כ׳בין אַהער געקומען מיט אַ באַזונדערער כּוונה אויף צען טעג אויסצופּרובירן זיך אַליין און אויך לערנען, כאָטש אַ ביסל, לאַנדווירטשאַפט (4). הײַנט אין דער פרי האָט גערעגנט און מע האָט נישט געקאָנט אַרויסגיין אַרבעטן. נוץ איך דאָס אויס און שרײַב. כ׳האָב אויספּרובירט מײַנע כּוחות און איך מעג זאָגן, אַז די רעזולטאַטן זײַנען באַפרידיקנדיקע (5). פינף אָדער זעקס מינוט, ווי כ׳האָב גענומען דעם אַקעראײַזן (6) אין האַנט, האָט די אַרבעט זיך אַ ריר געטאָן. אַלץ איז געווען אין אָרדענונג און כ׳האָב געאַקערט אַ גאַנצן טאָג, און שפּעטער. אין אָוונט, האָב איך נישט געפילט קיין שום מידקייט. לויט דער מיינונג פון די פּויערים, אַקער איך, ווי אַן אויסגעצייכנטער לאַנד־אַרבעטער. נאָך מער: נעכטן זײַנען געקומען צו מיר יואל און מאַטיע מ. און איך האָב זיי געלערנט אַקערן.

איך ווייס נישט, ווי אַזוי איך וועל זיך אַרויסווײַזן, ווי אַן אַרבעטער, און וואָס פאַר אַן אַרבעטן איך וועל קאָנען טאָן. כ׳האָב כּוחות. איך האָב אַ סך געדולד: איך בין גרייט אַ גאַנצן חודש צו גיין צופוס, פערציק קילאָמעטער יעדן טאָג — און איך וועל נישט מיד ווערן. וועל איך אַרבעטן — וועל איך טאָן מײַן אַרבעט אויפן בעסטן אופן. נישט אַזוי שנעל, האָף איך, וועל איך מיד ווערן. אָבער... איר ווייסט דאָך, וואָס איז מיט מיר געשען אין דער

---

1. דאָס פאַרלירן. 2. no desespero. 3. דערגרייכן, גוט מאַכן. 4. ערדאַרבעט.
5. גאַנץ גוטע. 6. arado.

מלחמה (7). אַט דאָס קאָן מיר אַ סך שטערן. נישט יעדע אַרבעט קאָן איך טאָן. צבֿי שרײַבט, אַז י. וווּנדערט זיך, ווי אַזוי איך שנײַד און אַקער מיט מײַן איינציקער האַנט. די זאַך איז זייער פּשוט: מײַן צווייטע האַנט איז אַ קינסטלעכע (8). כ'קאָן זי בלויז באַוועגן, ווײַל אַ טייל ביז דעם געלענק (9) צוזאַמען מיט די מוסקלען (גענוג שטאַרקע) זײַנען מיר פֿאַרבליבן.. צו דער האַנט, דער קינסטלעכער, זײַנען צוגעגעבן געוויסע אינסטרומענטן, וואָס מיט זייער הילף קאָן איך נישט בלויז שנײַדן און אַקערן, נאָר אויך טאָן אַנדערע אַרבעטן. — — — איך האָף, דעריבער, אַז איך וועל זיך אויסטויגן צו אַ סך סאָרטן פֿון אַרבעט.

— — — נישט קיין שווערד טראָגן מיר קיין ארץ־ישׂראל, נאָר שלום. נאָר אַן אויסערגעוויינלעכע לאַגע קאָן אונדז צווינגען צו איבערשמידן (10) אונדזערע אַקער־אײַזנס אין שווערדן...

— עס מאַכט נישט אויס, ס'איז גוט צו שטאַרבן פֿאַר אונדזער לאַנד.

— די ייִדישע געשיכטע וועט אונדז קיין מאָל נישט מוחל זײַן, אַז מיר האָבן זיך נישט באַוויזן ווי פֿרײַע מענטשן און נישט געקאָנט באַשיצן (11) דעם כּבֿוד פֿון ייִדישן פֿאָלק אין די יאָרן 1903־1905.

— ווי אַ פֿלעק וועט פֿאַרבלײַבן דער פֿאַקט, אַז די ייִדישע רעוואָלו־ציאָנערע פּאַרטייען זײַנען נישט געווען אימשטאַנד (12) אויפֿצושטעלן אַ זעלבשוץ, וואָס זאָל ווערט זײַן איר נאָמען; אַז זיי האָבן זיך אויך נישט גע־קאָנט דעררעדן צווישן זיך און אַז אַט די פֿראַגע איז אַלע מאָל געווען די לעצטע אין דער ריי; אַז ווען ייִדיש בלוט האָט זיך געגאָסן, זײַנען זיי געווען פֿאַרנומען מיט פּאַרטיייִשן האַנדל.

— דו גייסט דאָך קיין ארץ־ישׂראל נישט מתקן צו זײַן (13) די נשמה, נישט כּדי צו דערפֿילן איינעם פֿון דײַנע קאַפּריזן, נאָר צוליב ארץ־ישׂראל אַליין, צוליב דעם ייִדישן פֿאָלק, וואָס די ווידעראויפֿלעבונג פֿון ארץ־ישׂראל דאַרף אים דערהייבן פֿון זײַן געפֿאַלנקייט. געדענקען זאָלסטו, אַז קיין ארץ־ישׂראל גייסטו נישט צו באַווײַזן העלדישע אויפֿטוען, נישט צו ברענגען קיין קרבנות, נאָר צו אַרבעטן.

— חילול־השם (14) איז ערגער פֿון טויט, און כּבֿוד און שטאָלץ (בפרט פֿון אַ פֿאָלק) זײַנען וויכטיקער פֿון לעבן. ס'וואָלט בעסער געווען צו שטאַרבן ווי מענטשן פֿון ערע (15), ווי צו זײַן אַן אָביעקט פֿון אויסלאַכן, וואָס ווערט פּראַקטיצירט אויפֿן חשבון פֿון אונדזער פֿאָלק.

---

7. יוסף טרומפּעלדאָר האָט פֿאַרלוירן איין האַנט אין דער יאַפּאַניש־רוסישער מלחמה פֿון 1904. 8. פּראָטעזע. 9. articulación. 10. איבערמאַכן. 11. פֿאַרטיידיקן. 12. האָבן נישט געקאָנט. 13. דאָ: פּערפֿעקציאָנירן. 14. פּראָפֿאַנאַציע. 15. כּבֿוד.



לייב יפה

# ביי די קבֿרים

(דעם אָנדענק פון טרומפעלדאָר און זיינע חברים)

מיר באָדן זיך אין זון און גאָלד, די געגנט רוט
פאַרחלומט, שטיל. מע הערט נאָר ברומען
דעם וואַסערפאַל פון ווייטן ביז מתולה.
פון רויקייט און שווייגן אַ מינוט,
דאָס פעלד פאַרדעקן רויטע בלומען —
אַ ים פון סאַמעטענעם (1) בלוט...
תל־חי, כפר־גלעדי,
ביים פוס פון שניי־געזאַלבטן (2) חרמון.

אויף בערג און טאָלן בלאַנדזשעט פי (3),
עס ווערן דאָ געפלאַנצט מיט פרייד און מי (4)
אויף היגלען (5) גערטנער, לייכטנדיקע פערמען.
די בלומען לייכטן — טראָפּנס בלוט.

זיי שימערן (6), ווי רויטע שטראַלן, —
אַ יוגנט שטאָלץ און טריי און גוט
איז דאָ אין הייסן קאַמף געפאַלן...
דאָ ווייסט מען ווי צו זאָגן פאַרן טויט:
„ס'איז גוט פאַר אונדזער לאַנד צו שטאַרבן"...

מיט בלוט און טרערן איז דאָס פעלד געזייט,
מיט לידער בינדט מען דאָ די גאַרבן (7)!

---

1. de terciopelo. 2. דאָ: באַדעקט מיט שניי. 3. קי, שאָף א״אַ. 4. אַרבעט.
5. בערגלעך. 6. שיינען, גלאַנצן. 7. בינטלעך תבֿואה.

מנחם פּאָזנאַנסקי

# די שלאַכט אין תּל־חי

— — — — — — יענעם טאָג, אין דער פרי, איז טרומפּעלדאָר געווען אין כּפר־גלעדי. אין פאַרלויף פון פרישטיק, אין דער מיט פון שמועס און וויצלען זיך, האָבן זיך דערהערט שאָסן. מע האָט געמאָלדן, אַז אַראַבער באַפאַלן תּל־חי. ניין מענטשן, מיט טרומפּעלדאָרן אין שפּיץ, זיינען אַוועק תּיכּף אין אַ „קייט". אין תּל־חי האָבן זיי געפונען דאָס הויז אַרומגערינגלט פון אַראַבישע אָנפאַלערס. צווישן זיי עטלעכע רייטערס (1), וואָס האָבן זיך אַרומגעיאָגט אַהער און אַהין און געשאָסן אין דער לופטן. אַלץ האָט אָנגעזאָגט אַ שטורעם. אינעווייניק, אין הויז, זיינען אַלע געווען אויסגעשטעלט, גרייט אויף זייערע פּאָזיציעס. פון כאַלסאַ (2) איז געקומען קאַמיל־עפענדי (3) מיט זיין קוזין און דריי אָפיצירן און אַ מאַסע אַראַבער, אַלע באַוואָפנט. שוין פריִער איז איינער פון די הויפּטן (4) אין דעם אָנפאַל געקומען מיט אַ טענה אין הויף אַריין, געשריגן און געשאָלטן, פאַר וואָס די ייִדן העלפן אַרויס די פראַנצויזן (5). איצט האָבן זיי געפאָדערט אַריינגעלאָזט צו ווערן אין הויז און זען, צי דאָרט זיינען אַ מאָל נישט באַהאַלטן קיין פראַנצויזן. די באַציונג מיט כאַלסאַ איז דעמאָלט געווען אַ פריינדלעכע און זיי פלעגן אָפט קומען קיין תּל־חי מיט דעם אויסרייד (6). אויך דאָס מאָל האָט טרומפּעלדאָר דערלויבט זיי אַריינצוגיין און זען. נאָכדעם ווי קאַמיל־עפענדי מיט זיינע 4 באַגלייטער זיינען דורכגעגאַנגען אין דער באַגלייטונג פון טרומפּעלדאָרן אַלע צימערן; פון אונטערשטן טייל פון הויז, זיינען זיי אַרויף אין די צימערן, וווּ עס האָבן זיך געפונען דבֿורה דראַכלער, שׂרה טשיזשיק, מונטער, שערף און קאַניעווסקי. טרומפּעלדאָר איז אָפּגעטראָטן אויף אַ ווײַלע, און אין דעם מאָמענט האָט זיך דערהערט די ציטערנדיקע שטים פון דבֿורה דראַכלער פון אייבערשטן שטאָק:

— טרומפּעלדאָר, זיי האָבן ביי מיר צוגענומען דעם רעוואָלווער!

— פייער! — האָט באַפוילן טרומפּעלדאָר.

1. וואָס פאָרט אויף פערד. 2. די פּראָווינץ־הויפּטשטאָט. 3. הויכער פונקציאָנאַר; אויך — פּריץ. 4. אָנפירערס. 5. אין יענער צייט האָט זיך געפירט אַ מלחמה פון די סירישע אַראַבער קעגן דער הערשאַפט פון די פראַנצויזן. 6. תּירוץ, פּרעטעקסט.

ס'איז געווען אַ שטאַרקע קאַנאָנאַדע. טאָקער, וואָס איז געשטאַנען אַנטקעגן דעם טויער, האָט אויסגעשאָסן אין קאַמיל־עפּענדים קוזין און אים אָוועקגעלייגט. קאַמיל און זײַנע באַגלייטער, וואָס האָבן זיך געפֿונען אויבן, האָבן געשאָסן; פֿון זייערע רעוואָלווערן און אַראָפּגעוואָרפֿן אַ גראַנאַט. עטלעכע מאָל האָבן זיי אַראָפּגעשאָסן אין טאָקערן און אים געהרגעט. ס'איז געוואָרן אַ בהלה. וואָס אויבן איז געשען — האָט קיינער גענוי נישט געוווּסט. טרומפּעלדאָר איז צוגעלאָפֿן צום טויער, נישט אַרײַנצולאָזן די שטורמענדיקע אַראַבער. דרײַ מעטער פֿון דער טיר, וואָס איז אַרויס אין הויף, איז ער פֿאַרוווּנדיקט געוואָרן. „לעזאזל" (7)! שניאורסאָן! — האָט ער אויסגעשריגן. — כ'האָב אַרײַנגעכאַפּט אַ קויל. דו וועסט זײַן דער קאָמענדאַנט". ער האָט זיך אָנגעשטרענגט און פּרובירט צו גיין, אָבער איז ווידער פֿאַרוווּנדיקט געוואָרן.

— אָך, טרומפּעלדאָר, טרומפּעלדאָר! — האָב איך אויסגערופֿן, און ער האָט מיט דעם שטענדיקן גוטן שמייכל געענטפֿערט:

— אין דבר (8), אין דבר... פֿאַרבינד מיר די וווּנד.

ער ליגט לעבן מיר און איך פֿאַרטיידיק דעם טויער. אַלע ווײַלע בעט איך אים: „כ'וועל דיך אַרײַנפֿירן אין הויז". און ער ענטפֿערט: „אין דבר, נישטאָ איצט קיין צײַט, גיב זיי אַ קויל אין; טויער, גיב זיי!" איך שיס אין טויער. און ער ווענדט זיך צו מיר אַ מאָל מיט אַ באַפֿעל: „גיב זיי אַ שאָס!" און אַ מאָל מיט אַ בקשה: „בינד מיר איבער די וווּנד!"

מיט שוועריקייטן, אין מיטן פֿון דער שיסערײַ, איז געלונגען אַרײַנצושלעפּן פֿאַמעלעך טרומפּעלדאָרן אין הויז אַרײַן. ער איז שטיל געלעגן. ער האָט געבעטן, מ'זאָל אים אַרײַנלייגן די קישקעס (9), וואָס זײַנען אַרויס; קיינער אָבער האָט נישט געפֿונען אין זיך קיין מוט דאָס צו טאָן. דאָן האָט ער געזאָגט: „אין דבר. וואַשט די הענט, און איך וועל אײַך ווײַזן, ווי אַזוי דאָס צו טאָן". קאַלטבלוטיק האָט ער זיך צוגעקוקט, ווי די הענט לייגן אַרײַן זײַן אינגעווייד (10). מע האָט אים פֿאַרבונדן מיט אַ האַנטעך.

„דאָס זײַנען מײַנע לעצטע מינוטן... — האָט ער געזאָגט. — זאָגט זיי אָן, אַז זיי זאָלן שטיין ביז דער לעצטער מינוט פֿאַר דעם כּבוד פֿון פֿאָלק". — ער האָט געפֿאָדערט, אַז דער קאָמענדאַנט זאָל פֿון מאָל צו מאָל קומען צו אים און מעלדן, וואָס עס הערט זיך.

נאָך אַ שווערן קאַמף אין פֿאַרלויף פֿון עטלעכע שעה, נאָך שיסערײַען, באָמבאַרדירונגען און פֿאַרהאַנדלונגען (11), האָט זיך סוף־כּל־סוף אין הויף באַרויִקט. מען איז אַרויפֿגעגאַנגען און דערזען: צוגעדעקט מיט דעקן און קישנס און אַרומגעשטעלט מיט טישן און בענק, זײַנען געלעגן טויטע: מונטער, שׂרה, דבֿורה און שערף. פֿון אונטער איין דעק האָט זיך דערהערט אַ קרעכץ. דאָס איז געווען קאַניעווסקי, אַ פֿאַרוווּנדיקטער. מע האָט אים אַרויס־

7. „צום טײַוול"! (אויסרוף). 8. עס מאַכט נישט אויס. 9. intestinos. 10. entrañas.
11. שמועסן צווישן ביידע צדדים.



דענקמאָל פאַר די העלדן פון תל־חי. — סקולפטור פון אהרון מעלניקאָוו.

געגומען און אַרומגעבונדן. טאַקערן האָט מען אַרײַנגענומען שוין פרײַער פון הויף אין הויז אַרײַן. נאָך אַ קנאַפּער שעה איז ער געשטאָרבן. צווישן די אַראַבער זײַנען געווען עטלעכע טויטע און אַרום פופצן פאַרוווּנדעטע.

דער טאָג איז פאַרגאַנגען. טרומפּעלדאָר האָט באַפוילן, אַז דרײַ זאָלן גיין קיין כפר־גלעדי, קומען אַהין פאַר יעדן פּרײַז און ברענגען פון דאָרט דעם דאָקטאָר און עטלעכע מענטשן. דרײַ מענטשן האָבן זיך באַוואָפנט, אָנגעטאָן גרויע מלבושים און אַוועק. נאָענט פון כפר־גלעדי האָבן זיי געטראָפן פופציק הבֿרים, צווישן זיי דעם דאָקטאָר, וואָס זײַנען געגאַנגען קיין תל־חי.

טרומפּעלדאָרס לעבן איז כמעט געווען אָן האָפענונג. דער דאָקטאָר האָט אים געטראָפן זייער אָן אָפּגעשוואַכטן, כאָטש ער איז געווען בײַם באַוווּסטזיין. ער האָט געבעטן אים איבערצובינדן: ער איז געווען פאַרוווּנדיקט אין אייבערשטן טייל פון בויך און אין זײַן רעכטער האַנט. אויף דער פראַגע פון דאָקטאָר, ווי ער פילט, האָט ער געענטפערט: „אין דבר, טוב למות בעד ארצנו"... דער דאָקטאָר האָט אים דערקלערט, אַז מע וועט אַריבערפירן די פאַרוווּנדעטע קיין מתולה צו אַן אָפּעראַציע. ער האָט געבעטן דאָס ווי אַמשנעלסטן צו טאָן. אויסער אים זײַנען נאָך געווען פינף פאַרוווּנדיקטע, פון זיי צוויי זייער שווער.

מען איז צוגעטראָטן אַריבערצופירן די פאַרוווּנדיקטע קיין כפר־גלעדי. דער ערשטער איז געווען טרומפּעלדאָר. מע האָט אים אַוועקגעלייגט אויף אַ טראָגבעטל. ווען מע האָט זיך אַ ביסל דערווײַטערט פון תל־חי, האָט ער זיך באַקלאָגט אויף אַ שרעקלעכן קאָפּווייטאָג. מען האָט אים צוגעלייגט צום קאָפּ אַ קאָמפּרעס. נאָך עטלעכע מינוט, אין האַלבן וועג צווישן תל־חי און כפר־גלעדי, האָט אים ווי אַרומגענומען אַ קאַנווולסיע; ער האָט אויסגעדרייט ס׳פּנים צו דער ערד און אויסגעהויכט זײַן נשמה.



# אַזוי פיל דורות...

נחום יוד

אַזוי פיל דורות שוין אַריבער
און צײַטן דורכגעשוועבט (1) פאַרבײַ,
דאָך לעבן מיר נאָך איצטער איבער
די וויִיטע צײַטן פון דאָס נײַ.

אָט זע איך אַחשורוש-שוטה,
וואָס ווייסט ניט קיין מאָל אוים צי אײַן,
ער וואַלגערט זיך (2) בײַ טישן גרייטע,
אַן אָנגעזויפענער (3) פון ווײַן.

און אָט איז ער, דער צורר המן,
וואָס האָט אויף אונדז זיך אויפגעשטעלט
און האָט פאַרטראַכט אין זײַן נקמה
אונדז אומצוברענגען פון דער וועלט.

און מרדכי — בײַ דעם מלכס טויער —
וואָס שטייט פאַר המנען ניט אויף...
די שטילע אסתּר, בלייך פון טרויער,
וואָס לאָזט זיך גיין צום מלכס הויף.

און שפּעטער — המנס סוף דער ווינסטער,
די פרייד, וואָס איז בײַ אונדז געווען;
ס'וועט מיט די נײַע המנס איצטער
געווים דאָס זעלביקע געשען.

און שׂינאים וועט נאָך אונדזער שטערן
ביז אין דער אייביקייט אַרײַן,
די וועלט וועט אויסגעלײַטערט ווערן (4)
און ס'וועט אַ נײַער פּורים זײַן!

1. דורכגעפלויגן. 2. ליגט. 3. שיכּור. 4. ווערן ריין.

| | |
|---|---|
| הערש־לייב זשיטניצקי | # פורים<br>נאָך דער סעודה |

א

נאָך דער פורימדיקער סעודה איז, אַ הוץ די שכנים מיט די ווײַבער און קינדער, אַרײַנגעקומען צום זיידן אויך אַ האַלבער עולם פון דער חבֿרה „אהבֿת אחים", בײַ וועלכער דער זיידע איז געווען גבאי (1). עס זײַנען אויך געקומען די זינגערס פון דער חבֿרה — עס איז געווען לעבעדיק ביז גאָר. די קינדער האָבן געהאַלטן די המן־קלאַפּערס און נישט־ווי און נישט־ווען האָבן זיי גענומען טאַקע גראַגערן און קלאַפּן, אַז די באָבע האָט זיך אַזש אָנגעכאַפּט בײַם קאָפּ.

אַ וואונדערלעך בילד האָט פאַרגעשטעלט מיט זיך דער טיש. אויף אַ גרויסער זילבערנער טאַץ, אויבנאָן, איז געלעגן דער סעודה־קוכן; אַ ברוי־נער, אַ שמעקנדיקער. האָט ער געהאַט אַ באַזונדערס שטאָלצן אויסזען, ווי ער וואָלט געווען קעניג פון די קוכנס. דערנעבן איז געשטאַנען אַ גרויסע שיסל מיט אויסגעזאָטענע אַרבעס; ווײַטער — געקאָכטע פלוימען, ראָזשינ־קעס, מיט וועלישע נים; שיסעלעך מיט קרעפּלעך, וואַזעס מיט מאַרינירטן הערינג; טעצלעך המן־טאַשן; טעלערס מיט פּאָמעראַנצן, גאַנצע און צעשני־טענע, וואָס האָבן אַזוי ווי געלאַכט מיט אַ מאַלינאָווע זאַפּטיקייט (2); חוץ דעם זײַנען געווען צעשטעלט פאַרשידנאַרטיקע לעקעכלעך און טאָרטלעך, וועלכע דער זיידע האָט באַקומען שלח־מנות. דער הענגלײַכטער (3) האָט אַראָפּגעלויכטן פון סופיט מיט אַלע זײַנע רערלעך; אויפן טיש האָבן גע־ברענט צוויי פּאָר מעשענע לײַכטער, די וואַנטערלעך האָבן אַראָפּגע־פינקלט (4) פון די ווענט. און דער טיש האָט אַרײַנגעזאַפּט (5) אין זיך די אַלע פלעמלעך, פאַרהאַלטן זיי, אָפּגעשפּיגלט זיי אין זײַנע גלעזער, טעצלעך, לעפל און גאָפּל, אַרומגערינגלט זיך ווי מיט אַ קראַנץ פון צויבער (6) און באַקומען דאָס לעגענדאַרע אויסזען פון יענע טישן, אַרום וועלכע עס זיצן און לאָזן זיך וווילגיין די צדיקים אין גן־עדן.

---

1. איינער פון די אָנפירערס. 2. jugo. 3. קאַנדעלאַבער. 4. געשײַנט.
5. אַרײַנגענומען אין זיך. 6. כישוף (דאָ: שיינקייט).

נאָכדעם ווי די באָבע האָט יעדן געגעבן עפּעס צו פאַרזוכן, האָבן וועלוול און מענדל־בער, די זינגערס פון דער חבֿרה, גענומען זינגען דעם נײַעם „שושנת יעקבֿ", וואָס זיי האָבן צוזאַמענגעשטעלט אויף פּורים. דאָס איז געווען אַ וווּנדערלעכער ניגון, אַן עכט שטיקל חזנישע קונסט. דער נײַער „שושנת יעקבֿ" האָט אַלעמען באַצויבערט. נאָר ער האָט נישט געקענט פאַרענדיקט ווערן, ווײַל אין מיטן דרינען זײַנען אָנגעקומען די פּורים־שפּילערס. די ערשטע פּאַרטיע האָט געשפּילט „עקדת יצחק".

די באָבע האָט געגעבן אַבֿרהם אָבינון אַ שטיק סעודה־קוכן און יצחקן, דעם קלענערן, אַ לעקעכל, צוגעגעבן זיי נאָך אַ פּאָר גראָשן, און זיי זײַנען ביידע אַוועקגעגאַנגען מיט אַ הויכן: „אַ גוטן פּורים! אַ גוטן פּורים!"

פּלוצלינג האָט זיך די טיר ווײַט אויפגעפּראַלט, ס'האָט זיך דערהערט דאָס קלינגען פון אַ גלאָק, און ס'איז אַרײַנגעקומען אַ בערן־טרײַבער מיט אַ בער! אַלע קינדער האָבן זיך צעקוויטשעט און זיך באַהאַלטן הינטער די מאַמעס. דער בער איז געווען ווי אַן אמתער, ער איז געקראָכן אויף אַלע פיר, דער קערפּער און דער קאָפּ זײַנען געווען באַדעקט מיט שוואַרצער פעל. ער האָט געהאַלטן אַלץ אין איין ברומען און כאָרכלען (7), געוואָרפן מיטן קאָפּ אויף אַלע זײַטן, און פּלוצלינג האָט ער געגעבן אַ שפּרונג צום טיש, אַראָפּגעכאַפּט אַ טאָרט און מיט זײַן אומגעשיקטער בערן־לאַפּע אומגעדרייט דאָס טעלערל מיט געקאָכטע פלוימען.

— אוי־וויי מיר נישט געשען! — האָט זיך די באָבע אויפגעכאַפּט פון איר שטול. — ער וועט מיר אומדרייען דעם גאַנצן טיש!

— פּאַרטיק זיי אָפּ! פּאַרטיק זיי אָפּ! — האָט זיך אויך דער זיידע אויפגעשטעלט פון אָרט.

שפּעטער האָבן אַפילו מענדל־בער און וועלוול געפּרוּווט נאָך אַ מאָל איבערזינגען דעם „שושנת־יעקבֿ", נאָר זיי האָבן ווידער געמוזט אויפהערן אין מיטן, וואָרעם ס'איז אָנגעקומען די פּאַרטיע, וואָס שפּילט „מכירת יוסף". צוזאַמען מיט די שפּילערס איז אויך אָנגעקומען אַ האַלבע שטאָט קינדער, אַזוי אַז דעם זיידנס שטוב האָט זיך געבראָכן און איז שיִער נישט איבער־געדרייט געוואָרן מיטן קאָפּ אַראָפּ און מיט די פיס אַרויף.

ב

נאָך דעם, ווי די שכנים און די געסט זײַנען שוין אַוועק, די זינגערס פון דער חבֿרה אויך און אין זיידנס שטוב איז ענדלעך אַרײַנגעטראָטן אַ שטילקייט, האָבן זיך דער זיידע און די באָבע פּלוצלינג אַרומגעזען, אַז דאָס אייניקל, חיימל, איז נישטאָ. זיי זײַנען געבליבן שטיין און זיך איבערגע־וואָרפן מיט אַן אומרויִקן בליק.

---

7. אַרויסגעבן אַ פאַרשטיקטן געררויש דורכן האַלדז.

— גלייב מיר, דער קליינער איז מיטגעלאָפן מיט די פּורים־שפּילערס, — האָט זיך אָנגערופן דער זיידע.

די באָבע האָט געוואָרפן אויף אים אַ צאָרנדיק־טרויעריקן בליק:

— אויף דיר קאָן מען זיך שוין איין מאָל פאַרלאָזן, הערסטו... כ׳בעט דיך זייער, וואָס האָסטו געהאַט אַזוי פיל צו טאָן? האָסט נישט געקאָנט אָנהאַלטן ס׳קינד בײַ דער האַנט?

נאָר דער זיידע איז נישט געווען פון די, וואָס לאָזן זיך.

— קום, קום, קריגן זיך האָסטו צײַט אַ צווייט מאָל. קום, לאָמיר אים ליבער גיין אויפזוכן.

די באָבע האָט שוין געהאַט פון פריִער אויסגעזוכט דאָס טיכל. זיי זײַנען אַרויס פון שטוב, און זיך אַוועקגעלאָזט זוכן דאָס אייניקל.

אָפּגעגאַנגען אַ פּאָר טריט, האָבן זיי באַגעגנט אַ ייִדענע, אַ שכנטע פון צווייטן הויז.

— כ׳בעט אײַך זייער, חנה־לאה, — האָט די באָבע זי אָפּגעשטעלט, — האָט איר נישט ערגעץ געזען מײַן חיימלען?

— וואָס, אײַער חיימל איז אויך אַוועקגעקומען? — האָט געענטפערט חנה־לאה. — ווי געפעלט אײַך דאָס, מײַן בערעלע איז דאָך אויך נישטאָ... שוין אַ שעה צייט, ווי כ׳וואַנדער אַרום און זוך אים. אוי, קינדער לאָבוסעס (1), נישט אײַנצוהאַלטן זיי מיט אײַזערנע צוואַנגען (2)... נאָר לויפן נאָך די פאַרשטעלטע...

און אַז דער זיידע און די באָבע זײַנען שוין געווען אַוועקגעגאַנגען פון איר, האָט זיי די ייִדענע נאָכגערופן:

— שרה־יענטע!... גייט אַהין צו רב מאיר הינדעס, דאָרט שפּילן איצט די פאַרשטעלטע „מכירת יוסף“. אפשר וועט איר אים דאָרט געפינען.

דער זיידע און די באָבע האָבן זיך טאַקע געלאָזט אַוועק צו רב מאיר הינדעס. די גאַס איז געווען באַלעבט. די נאַכט איז געווען אַ שטילע, העל באַלויכטן פון דער לבֿנה; אין דער לופט האָט זיך געפילט דער וווּנדערלעך־צאַרטער (3), קילער הויך (4) פונעם נאָך נישט אָנגעקומענעם נאָר אָט־אָט אָנקומענדיקן פרילינג.

— ער האָט צו מאָל נישט אָנגעטאָן דאָס מאַנטעלע, — האָט די באָבע געזאָגט צום זיידן, ווי ער וואָלט שולדיק געווען אין אַלעם. — יאָ, יאָ, אַזוי איז, אַז מע פאַרלאָזט זיך אויף דיר...

עס איז אָנגעקומען אַקעגן אַ ייִנגל אין אַ רויטער מאַסקע מיט אַ גרינער נאָז.

— הער נאָר, ייִנגל, — האָט אים צוגערופן דער זיידע, — האָסט נישט ערגעץ געזען חיימלען?

---

1. דאָ: שטיפערס, צעלאָזטע. 2. tenazas. 3. ווייך, ליבלעך. 4. בלאָז.

— חיימלען?... — האָט געענטפערט דאָס יינגל, פאַרטראַכטנדיק זיך אויף אַ ווײַלע. — אפשר איז ער בײַ שמואל בריינעס... דאָרט שפּילט מען איצט „בר־כוכבא“.

— בר־כוכבא... — האָט דער זיידע אונטערגעברומט, נאָך דעם, ווי ער איז שוין אָפּגעגאַנגען ווײַטער אַ שטיקל וועג. — אַ פאַרשטעלעניש אויף זיי... די גאַנצע שטאָט האָט זיך פאַרשטעלט...

און באמת, פון אַלע, וועלכע זיי האָבן באַגעגנט, איז קיינער נישט געווען גלאַט אַזוי אַ מענטש, נאָר אַלע זײַנען געווען פאַרשטעלט. פון אַלע פענצטער האָט אַרויסגעבליצט אין גאַס אַרײַן דער שײַן פון ליכט און פון לאָמפּן, פון אומעטום האָט אַרויסגעהילכט געלעכטער און געזאַנג. טירן האָבן זיך געעפנט און עס זײַנען אַרויסגעקומען פאַרשטעלטע; אַנדערע טירן האָבן זיך געעפנט און די פאַרשטעלטע זײַנען אַהין אַרײַן. די פּורים־שפּילערס האָבן געצויגן איבער דער גאַס, טייל איינציקווײַז, אַנדערע פּאַרטיעסווײַז, צו עטלעכע מיט אַ מאָל. עס זײַנען געווען פאַרשטעלטע אין ציגײַנער (5), אין סטראַזשניקעס (6), אין סוחרים, אין אַ רבֿ מיט אַ שטרײַמל און מיט לאַנגע פּאות... זיי זײַנען אַדורך די גאַס שטילערהייט, ווי זיי וואָלטן געהאַט עפּעס באַהאַלטענע צילן, וועלכע מ׳דאַרף נישט הויך אַרויסזאָגן.

און די לבֿנה האָט שטיל, ווי מיט אַ פאַרבאָרגענעם שמייכל, אַראָפּגעקוקט פון דער הייך אויף דעם דאָזיקן פאַרשטעלטן, פאַרשפּילטן פאָלק. אַרום איר האָבן, דאָ און דאָרט, אין דעם הויכן, גרווילעך־בלויען, ווײַט אויסגעשפּרייטן הימל, געבליצט מיט אַ פאַרטראַכטן גלאַנץ קליינינקע שטערנדלעך. און פון ערגעץ ווײַט, פון יענער זײַט שטעטל, האָט שוין אַהער געאָטעמט דאָ אין די געסלעך אַרײַן דער וווּנדערלעכער אָטעם פון דעם נאָך נישט אָנגעקומענעם פרילינג, וועלכער האָט אַרײַנגעטריפט (7) אין דער לופט אַ פאַרשיכּורנדע פרישקייט.

---

5. gitanos. 6. זשאַנדאַרמען. 7. אַרײַנגעגאָסן.



## משה דלוזשנאַוווסקי

# נאָך אַ נס פון פורים

די ייִדישע אײַנוווינער פון דעם קליינעם מאַראָקאַנער שטעטל סימכאַד, וואָס ליגט האַרט בײַם אַטלאַנטישן אָקעאַן, האָבן זיך געגרייט צום יום־טובֿ פורים, געגרייט זיך אויסצוקלײַבן, צווישן די ייִדישע מיידלעך פון שטאָט, אַ קעניגין אסתּר, אַ מרדכי הצדיק און אַ המן. זיי האָבן זיך אויך געגרייט פון די אָפּגעשפּאָרטע (1) פּרוטות צו באַזאָרגן די שטיבער מיט אַ ביסל גוטע זאַכן צו שיקן שלח־מנות.

עס איז געווען צוויי טעג פאַר פורים. די זון, וואָס שײַנט דאָ כּמעט אַ גאַנצן ווינטער און ווערט זעלטן פאַרשטעלט פון וואָלקנס, האָט דעם טאָג נישט געשײַנט. פון דרום־זײַט, פון די אַטלאַס־בערג, איז מיט אַ ווילדער קראַפט און בייזקייט אָנגעקומען אַ שטורעמווינט. אַ טאָג מיט אַ נאַכט און אויך אויפן צווייטן טאָג האָט דער שטורעם זיך געטראָגן מיט אַ ווילדן גע־וואָי, אויסגעריסן יונגע ביימלעך מיט די וואָרצלען, איבערגעקערט די בײַד־לעך אין די פעלדער. מע האָט אין שטאָט נישט געקענט האַנדלען און נישט אַרויסגיין פון די שטיבער.

ניסים בענסוסאַן, דאָס פריילעכסטע ייִנגל פון סימכאַד, דער בעסטער שווימער אין שטעטל, איז הײַנט געווען זייער טרויעריק. ער איז געשטאַנען בײַם קליינעם פענצטער אין שטוב און אַרויסגקוקט אינעם טריבן (2) דרויסן. זעלטן ברעכן אויס אין מאַראָקאָ שטורעמווינטן אין דער צײַט פון ווינטער, אָבער קוים ברעכן זיי יאָ אויס, האַלטן זיי אָן אַ וואָך צײַט און מער. הײַנט איז ניסימס טאַטע אין וועג, ער האָט געזאָלט אַהיימקומען אויף פורים, ברענ־גען אַ ביסל געלט צו קויפן גוטע זאַכן פאַר שלח־מנות. אָבער ווי אַזוי וועט ער קומען? ער קריכט איבער די אַראַבישע דערפער, קויפט אויף שעפּסן־פעלעכלעך (3). צוליב דעם שטורעם וועט ער נישט קענען קומען.

ניסים בענסוסאַן שפּילט יעדן פורים המנען. קיינער פון די ייִנגלעך וויל נישט שפּילן אַ המן. ניסים לאַכט זיך אויס. ער זאָגט:

— איינער מוז דאָך זײַן אַ המן! נישט אַלע קענען זײַן צדיקים און מרדכים.

---

1. אָנגעזאַמלטע. 2. נישט־קלאָרן, פאַרוואָלקנטן. 3. pieles.

אלע יאָר לאַכט מען פון ניסימס חכמה (4) און מע גיט אים גוטע זאַכן פאַר שלח־מנות: טייטלען, געטריקנטע פלעצלעך, רויטע פעפערס, פּלאַמיקע מאַנדאַרינען. אַ ביסל פון די גוטע זאַכן גיט ער אַוועק פאַר אַנדערע שלח־מנות און קריגט פון יענע גוטע זאַכן. ער גיט אויך אַוועק פון די שלח־מנות־זאַכן די אַראַבישע יינגלעך, ווייל יענע זיינען נאָך אָרעמער. דער הויקערדי־קער (5) מוסטאַפאַ וווינט אין אַ ביידל אין פעלד. עס רעגנט דאָרטן אַריין, מע קען דאָרט נישט אויפבלאָזן דעם פייערטאָפּ, ווען דער ווינט וואָיעט. אַכמעד און איזמאַיל, זיינע ברידער, זיינען שטענדיק הונגעריק און נאַקעט. זיי וואַרטן אויף פורים, ווען ניסים ברענגט זיי די גוטע זאַכן צו עסן.

מאָרגן איז פורים. יידן דאַרפן גיין לייענען די מגילה, אָבער דאָ איז עק וועלט, דער שטורעם טראָגט אַראָפּ ממש די ווייסע דעכער פון די נידעריקע הייזער, רייסט אוים ביימער מיטן וואָרצל, הייבט די כוואַליעס פון ים ווי בערג. ניסים האָט נישט געקענט איינשלאָפן. דער טאַטע איז נישט געקו־מען, נישטאָ אין שטוב קיין איין גוטע זאַך פאַר שלח־מנות. אויך אין זייער אַ סך יידישע שטיבער איז חושך און טרויעריק.

פאַר טאָג האָט ער זיך אַרויסגעגנבעט פון שטוב. דער ווינט האָט אים אַ הייב געטאָן און אים געשליידערט (6) צוריק אַראָפּ. ער איז אָן אָטעם געלאָפן אין פעלד צום ביידל, וווּ מוסטאַפאַ וווינט. קיינער האָט נישט געזען, ווי ביידע יינגלעך האָבן זיך אַ לאָז געטאָן צום ברעג ים.

די יינגלעך האָבן אין דעם פרימאָרגן זיך צוגעשלאָגן צום ים־ברעג, אָפּגעבונדן אַ פישער־שיפל, וואָס איז געווען פול מיט נעצן און אַנדערע פי־שער־מכשירים. ביידע יינגלעך האָבן געוווּסט ווי אַזוי צו באַנוצן פישנעצן איבער די וואַסערן. דאָס שיפל איז געשליידערט געוואָרן פון די כוואַליעס, ווי אַ שאָלעכץ פון אַ נוס.

די פורים־שפּילערס, וואָס האָבן צוגעגרייט די פורים־שפיל, ווי זי איז עס יעדן פורים, האָבן אַרומגעזוכט ניסימען אין רעגן און ווינט, איבער די געסלעך און שטיבער, אָבער אין ערגעץ נישט געזען ניסימס געביין (7). אויך אינעם ביידל פון מוסטאַפאַס עלטערן, שוועסטער און ברידער, איז מען געווען אומרויק, וואָס מוסטאַפאַ איז נישטאָ פון פאַרנאַכט אָן. פאַר נאַכט איז מוסטאַפאַס פאָטער, קעמדאַן, אַוועק אינעם טייהויז, וווּ ער פלעגט תמיד דערציילן מעשיות וועגן שדים און זופן פאַמעלעך די גרינע טיי.

איצט איז ער געזעסן אויפן דיל מיט אונטערגעליינטע פיס און דער־ציילט, אַז מוסטאַפאַ איז אַוועקגעקומען. די אַראַבישע שכנים אין כאַקימס טייהויז האָבן זיך צוגעהערט צו די רייד, און באַלד האָט איינער געלאָזט פאַלן אַ וואָרט, אַז זיכער האָבן אים יידן פאַרשלעפּט, ווייל מאָרגן איז זייער יום־טוב, זיי שעלטן המנען, פילן זיך אָן די מאָגנס מיט בלויז גוטע זאַכן,

---

4. דאָ: שפּאַס, וויץ. 5. jorobado. 6. שטאַרק געוואָרפן. 7. ביינער.

טרינקען גוטן ווײַן, און די אַלע גוטע זאַכן האָבן זיי אַנגערויבט (8) פֿון די אַראַבער אין סימכאַד. עס איז זיכער, האָבן אַלע צוגעשטימט, אַז די ייִדן האָבן געהרגעט מוסטאַפֿאַן, ווײַל זיי מוזן איז פּורים הרגענען אַ המן, און הײַנט איז מוסטאַפֿאַ געווען דער המן.

די אויערן און מײַלער אין כאַקימס טײַהויז זײַנען געוואָרן אָנגעשפּיצט, די מענטשן זײַנען אַרײַן אין אַ בייזן הלום און, נישט לאַנג וואַרטנדיק, זײַנען זיי אַרויס אין דרויסן, געלאָזט זיך איבער די געסלעך פֿון דער מעלאַ (9) מיט געשרייען, אַז ייִדן זאָלן אָפּגעבן מוסטאַפֿאַן. אויב נישט, וועלן זיי שלאָגן, ברענען ייִדישע הײַזער און רויבן האָב־און־גוטס.

ייִדן האָבן זיך געגרייט גיין אין די בתי־מדרשים צו דער מגילה. און דאַ פּלוצלינג האָט, ווי אַ העליש פֿײַער נישט אײַנצולעשן, געגומען ברויזן (10) רייד און געשרייען פֿון אויפֿגעהעצטע (11) אַראַבישע מענער און ווײַבער, אַז ייִדן האָבן געהרגעט מוסטאַפֿאַן. זײַנען ייִדן אַרײַנגעפֿאַלן אין טויטשרעק, מורא געהאַט אַרויסצושטעקן דעם קאָפּ, מורא געהאַט צו גיין אין שול אַרײַן לייענען די מגילה און פֿאַרגראַגערן המנס נאָמען. זיי האָבן זיך באַהאַלטן אין די לעכער פֿון די שטיבער, נישט אָנגעצונדן קיין ליכט, געבעטן גאָט באַשיצונג (12) פֿאַר זייערע אָרעמע לעבנס.

זײַנען עטלעכע עלטערע ייִדן פֿון דער קהילה אַרויס צום אַראַבישן המון. באַלד האָט איינער געכאַפּט אַ שטיין אין קאָפּ פֿון אַן אַראַבישן יונג; אַ צווייטער האָט באַקומען אַ שטויס און געפֿאַלן. דאָך האָבן די עלטסטע פֿון דער קהילה זיך אָנגענומען מיט כּוח און מוט און גענומען ריידן, אַז אויך ניסים בענסוסאַן איז פֿאַרשוווּנדן, און ניסים איז דאָך מוסטאַפֿאַס בעס־טער פֿרײַנד. די ייִדן בעטן זייערע גוטע שכנים, זיי זאָלן כאָטש וואַרטן ביז מאָרגן פֿאַר נאַכט, עס קען זײַן, די ייִנגלעך וועלן אַהיימקומען.

האָבן די ייִדן זיך קוים אײַנגעבעטן, מען זאָל זיי לאָזן לעבן ביז מאָרגן פֿאַר נאַכט. די אַראַבישע שכנים האָבן נאָכגעגעבן ביז מאָרגן פֿאַר נאַכט, אַ מינוט נישט לענגער. עטלעכע ייִדישע יונגען, באַקאַנטע גיבורים פֿון שטאָט, האָבן זיך אַרויסגעלאָזט איבער געסלעך, גערטנער, חורבֿות, וועלדער און אינעם אָפֿענעם ים זוכן די צוויי ייִנגלעך.

די נאַכט איז אָפּגעגאַנגען אין טויטשרעק, געוויין, תּהילים־זאָגן. מע האָט שוין נישט געדענקט אין דעם המן פֿון דער מגילה, נאָר פֿון די לײַט, וואָס שטייען אין דרויסן אוז זייערע פּנימער זײַנען פֿול מיט צאָרן און גלוס־טונג (13) צו מאָרד. אַ בלויקייט האָט זיך געלייגט אין פֿרימאָרגן. דער ווינט האָט זיך אַ ביסל אײַנגעשטילט, און דער רעגן האָט אויפֿגעהערט. אַ גאַנצן טאָג האָבן ייִדן געפֿאַסט, געלאָפֿן אין די שולן און געבעטן גאָט רחמנות.

---

8. צוגענומען. 9. ייִדישער טייל פֿון שטאָט. 10. שטורעמען, קאָכן. 11. instigados.
12. אויסהיטן. 13. חשק, פֿאַרלאַנג.

פאַרנאַכט צו, אַ שטיקל צײַט איידער עס האָט זיך געענדיקט דער טערמין פון אָפּמאַך צווישן די ייִדן און די אַראַבישע שכנים, זײַנען אָנגעקומען צוויי יונגען, אפרים כּנפה און לוי בענבאַסאַט, באַקאַנטע גיבורים פון סימכאַד. זיי האָבן געשלעפּט מיט זיך ניסימען און מוסטאַפאַן און אויך פולע עמערס לעבעדיקע פיש. די גיבורים האָבן דערציילט:

— מיר זײַנען אַרויס אין שטורעמדיקן ים, געזוכט, געלאָזט זיך מיט די ברויזנדיקע כוואַליעס, און נאָך אַ נאַכט מיט אַ האַלבן טאָג האָבן מיר געפונעןביידע ייִנגלעך אין אַ פישער־שיפל, וואָס אַ שטיק פעלדז האָט פאַרהאַלטן אין אַן אויסברוך. זיי זײַנען געווען פאַרחלשט, געפרוירן. זיי האָבן געהאַט אַ פול שיפל מיט פיש, און מיר האָבן זיי אַהיים געבראַכט.

— נישט אַנדערש ווי אַ נס, — האָבן ייִדן געטענהט, — אַ צווייטער נס אין פּורים!

די אַראַבישע שכנים האָבן נישט געוווּסט וואָס מיט זיך צו טאָן. טייל האָבן זיך געשעמט פאַר זייער היציקייט, אַנדערע האָבן באַדויערט, וואָס זיי האָבן נישט קיין זאַקרויב (14).

ייִדן האָבן אָפּגעלייגט דעם פּורים אויף אַ טאָג שפּעטער. ניסים איז געוואָרן דער העלד. און כאָטש ער האָט זיך געריסן ווײַטער צו שפּילן המנען, האָט מען אים נישט געלאָזט. ער האָט געמוזט פון הײַנט אָן שפּילן מרדכין. אַלע זײַנען באַשטאַנען, אַז מע קען מוסטאַפאַן אָנטרויען די ראָלע פון המנען. ער האָט געוואָלט אויסנעמען בײַ די ייִדישע ייִנגלעך מיט זײַן העלדישקייט. ער האָט עס ערלעך פאַרדינט, האָבן ייִדן גערעדט.

מיט אַ טאָג שפּעטער האָט מען צעטראָגן שלח־מנות אין ייִדישע שטיבער: לעבעדיקע פיש, וואָס ביידע ייִנגלעך האָבן געכאַפּט אין ים. און די מעשׂה איז פאַרשריבן געוואָרן אין פּנקס (15) פון דעם שטעטל סימכאַד, בײַם אַטלאַנטישן אָקעאַן, אין דעם לאַנד מאַראָקאָ.

## פּורים־ווערטלעך

אַז ס׳קומט פּורים, פאַרגעסט מען אין אַלע יסורים.
אַ גאַנץ יאָר שיכּור, און פּורים — ניכטער.
חנוכּה און פּורים ווערן די אָרעמעלײַט עשירים.
נישט אַלע פּורים טרעפט זיך אַ נס.
פּורים נאָך דער סעודה איז אַפילו קיין הונט ניט הונגעריק.
אַז סע קומט פּורים, זײַנען ניכטער אַלע שיכּורים.
פּורים איז ניט קיין יום־טובֿ, און קדחת איז ניט קיין קרענק.

14. botín. 15. כראָניק.

י. גויכבערג

# פסח

איך בין אזוי יונג, ווי דער פרילינג,
איך בין אזוי אלט, ווי דער פסח.
דער שענסטער, דער יידישער יום־טוב, —
דאס זינג איך, דאס פיל איך, דאס וויים איך.

נאך שנאה געפפלט אויף טויזנט (1),
נאך געטאס, בילבולים (2) און קנעכטשאפט,
וועט קיין מאל נישט אויפהערן ברויזן (3)
מיין יידיש געזאנג פון גערעכטשאפט (4).

זאל מלכותדיק פליסן (5) דער ניגון.
דער שטאלצער און פרייער „דיינו“, —
ווי ווויל איז אונדז יידישע קינדער,
תלמידים פון משה רבינו!

איך בין אזוי אלט, ווי דער פסח,
איך בין אזוי יונג, ווי דער פרילינג, —
זאל פינקלען (6) אויף אייביק און אייביק
דער יום־טוברדיק ליכטיקער צווילינג (7).



---

1. טויזנט מאל מער. 2. פאלשע באשולדיקונגען. 3. שטורעמען.
4. גערעכטיקייט. 5. גיסן זיך.
6. שיינען. 7. gemelos.

שלום אַש

# מ ש ה

מיטן געקרײַזלטן קאָפּ האָר און מיט דער שוואַרצער באָרד, וואָס האָט אַרומגעזוימט אַ פּנים, ווי אויסגעהאַמערט פון קיזלשטיין (1), מיטן שטאַרק נאַקן, געזעצט אויף ברייטע פּלייצעס, און מיט הענט ווי צוויי האַמערס, האָט משה אויסגעזען ווי אַ שקלאַף אַ ריז, ווען ער איז געקומען זיך מעלדן צום ייִדישן שוטר (2) איבער איינער פון די פיל ליימגריבער.

— פון וועלכן שבֿט? — האָט אים געפרעגט דער ייִדישער אויפזעער, אָנקוקנדיק דעם אומבאַקאַנטן מיט זײַנע שפּיזיקע (3) אויגן אויפן לענגלעכן פּנים, וואָס דאָס שפּיציקע געלע סגל-בערדל האָט נאָך לענגער געמאַכט.

— געקומען פרײַ מאַכן דעם שוואַכן פּנחס בן דוסי פון שבֿט בנימין. די פיס זײַנען ביי אים געשוואָלן, ער קען נישט אַרבעטן, — האָט משה געזאָגט, אָנשטאָט צו ענטפערן אויף דעם שוטרס פראַגע.

פון דער גרוב, פון צווישן די צען נאַקעטע גופים, וואָס האָבן זיך געהאַלטן צוזאַמענגעשלאָסן, ווי רינגען אין אַ קייט, און געטראָטן צוזאַמען די מאַסע ליים, האָט אַ דאַרער, אויסגעמאַטערטער גוף זיך אויסגעשטרעקט און אויפגעהויבן מיט ווונדער זיין שוויים-געווייקט פּנים. ווער האָט עס אַרויסגעזאָגט זײַן נאָמען?

— איך האָב נישט באַקומען קיין רשות פון ציגל-אויפזעער אַהרנים צו באַפרײַען פּנחס בן דוסין פון דער אַרבעט, — האָט דער ייִדישער אויפזעער געזאָגט.

—איך בין געקומען אים פרײַ מאַכן, אויפזעער. דער חומר (4) פאַר די ציגל וועט דיר צוגעשטעלט ווערן אין דער פוּלער מאָס, — האָט משה געזאָגט.

— מײַן באַפעל איז צו האַלטן פּנחס בן דוסין אין ליימגרוב און זען, אַז ער זאָל נישט אָפּשטיין פון דער אַרבעט אויף קיין איין רגע.

— איך וועל פאַרנעמען זײַן פּלאַץ! — האָט משה אויסגערופן און מיט איין שפּרונג איז ער שוין געווען אין גרוב. האָט אויפגעהויבן דעם דאַרן, לײַכטן עבֿרי, וואָס האָט זיך געבראָכן אין זײַנע הענט, און אים אַרויסגע־

1. גראַניט. 2. אויפזעער, היטער. 3. שטעכעדיקע. 4. מאַטעריאַל: ליים.

זעצט פון גרוב. נאָך דעם האָט ער צוריק אַ שפּרונג געגעבן און זיך אײַנגעשלאָסן אין די רייען פון די טרעטערס.

— ניין, טאָרסט עס נישט טאָן, עס איז פאַרווערט, — האָט דער אויפזעער גענומען שרײַען. ער איז צוגעלאָפן צום שווער אָטעמענדיקן, האַלב־טויטן פנחס בן דוסי, וואָס איז געלעגן, אַזוי ווי משה האָט אים געהאַט אַוועקגעלייגט, אין זאַמד, און אים געגומען פּאַסעווען (5) דאָס לײַב מיטן קאַנטשיק (6), וואָס די אויפזעערס האָבן קיין מאָל נישט אַרויסגעלאָזט פון דער האַנט.

— צוריק אין גרוב אַרײַן!

אָבער פון דער גרוב האָט זיך דערהערט משהס שטים פון אַ לייב:

— רשע, פאַר וואָס שלאָגסטו דײַן ברודער?

און דער געל באַבערדלטער ייִד האָט דערזען אַ פּאָר אויגן, וואָס שיסן מיט פײַער, און אַ האַנט, ווי אַ האַמער, אויסגעשטרעקט צו אים פון דער גרוב אַרויס. אַן אימת־מוות (7) איז אים באַפאַלן פאַר דעם מעכטיקן פויסט און דעם פײַערדיקן בליק, וואָס איז געווען אָנגעשטעלט אויף אים, און ער האָט אָפּגעלאָזט דעם האַלב־טויטן פנחס.

משה האָט זיך אײַנגעשלאָסן אין דעם רינג פון די אַנדערע נײַן עבֿרים אין גרוב און אָנגעהויבן טאָן, וואָס זיי האָבן געטאָן. מיט אַ ריטמישער באַוועגונג, ווי אין טאַנץ, האָבן זיי געטראָטן אַרויף און אַראָפּ, אַרויף און אַראָפּ אין דעם געדיכטן שלײַם (8), וואָס איז געווען אָפּגעזעצט אויפן דנאָ (9) פון גרוב: פון צײַט צו צײַט האָט מען צוגעשאָטן אין גרוב אַרײַן שטרוי און זאַמד־שטויב, אויסגעמישט מיט פאַרטריקנטע בלעטער און שפּענער (10), וואָס טרעגער האָבן געבראַכט אַהין. דאָס איז־אַרײַנגעקנאָטן (11) געוואָרן אין דעם ליים אויף צו מאַכן די ציגל מאַסיווער, האַרטער. באַלד האָט משה דערפילט, ווי זײַנע פיס הייבן אָן ברען (12), גלײַך ווי אויפן דנאָ פון דער גרוב וואָלט געברענט אַ פײַער און אָנגעהייצט דעם חומר. פון צײַט צו צײַט האָט ער אויך דערפילט אַ שאַרפן שטאָך, ווי אַ האָלץ־שפּליטער (13) וואָלט זיך אין זײַן פלייש איינגעגעסן. נאָר דער פיזישער ווייטיק, וואָס האָט זיך געשטאַרקט מיטן ווײַטערדיקן טרעטן, איז פאַרטרונקען געוואָרן אין דער אינעווייניקסטער צופרידנקייט, אַז ער טוט אַ זאַך, וואָס ער באַדאַרף טאָן. די גײַסטיקע באַפרידיקונג (14) האָט געלאָשן דעם פיזישן ברען, געשטילט דעם ווייטיק. ער האָט זיך געמיט צו טרעטן מיט התמדה (15), צו טאָן די אַרבעט בשלימות (16), נישט אָפּצושטיין פון די אַנדערע, כּדי אויסצופילן די מאָס חומר, וואָס זײַן חבֿרותא האָט געמוזט צושטעלן.

---

5. שלאָגן. 6. בײַטש. 7. טויטשרעק. 8. דאָ: נאַסער געמיש. 9. דעק, אונטן.
10. שטיקלעך האָלץ. 11. amasado. 12. ברענען. 13. שטיקל האָלץ.
14. סאַטיספאַקציע. 15. פלײַסיק, מיט חשק. 16. פערפעקט.

מיט אַ מאָל האָט ער דערפילט, ווי אַ נערוועזער שטראָם גייט אַדורך דורך די נאַקעטע, פאַרשוויצטע לײַבער פון זײַנע מיטאַרבעטערס. די לײַבער קאָרטשען זיך אײַן (17), שליסן זיך ענגער אין דער קייט, און די פיס הייבן אָן טרעטן מיט נערוועזער ענערגיע, שנעלער און האַרטער. אַ כוואַליע פון שרעק גיסט אָפּ די פאַרשוויצטע לײַבער מיט אַ נײַעם שווייס. אויך דער אויפזעער אויפן ראַנד פון גרוב ווערט נערוועז און נעמט אָנטרײַבן די שקלאַפן מיט באַנײַטער פוריע, צעלאָזט זיך מיטן בײַטשל איבער זייערע קעפּ, נאָר ער האָט מורא אַראָפּצולאָזן זײַנע שמיץ אויף די לײַבער: אַ פּחד איז אים באַפאַלן פון דעם ריז, וואָס האָט זיך אײַנגעשפּאַנט מיט די שקלאַפן אין גרוב.

—רירט זיך, רירט זיך! איינס, צוויי... איינס, צוויי...: אַרײַן רעכטס, אַרויס לינקס, רעכטס, לינקס! — האַלט דער אויפזעער אין איין אָנטרײַבן די שקלאַפן, וואָס שטייען פאַרזונקענע אין דער גרוב מיטן קלעפּיקן ליים, און אָנגסטן זעצן אַרויס בײַ אים אויפן שטערן.

באַלד דערזעט משה דעם מענטשן, וואָס האָט אַזוי צערודערט די געמיטער (18) פון שקלאַף און אויפזעער צו גלײַך. בײַם ראַנד פון גרוב איז געשטאַנען אַ הויכער מצרי. ער איז געווען נאַקעט, נישט מער ווי אין אַ שערץ (19), וואָס האָט באַדעקט זײַן שאַנד, מיט אַ ליסן, געגאָלטן קאָפּ. איבער דער ברוסט בײַ אים הענגט אויף אַ קייט אַ מעטאַלן שילדל (20). אין האַנט האַלט ער אַ באַמבו־שטעקן מיט אַ קופּערנעם קײַלעך — ער האָט זיך אָנגעבויגן איבער דער גרוב, און זײַנע רונדיקע, גרויע אויגן, נאַקעטע, אָן ברעמען, וואָס זײַנען בײַ אים אויך געווען געגאָלט, ווי דער קאָפּ, האָבן גענישטערט אין דער גרוב. נאָך דעם האָט ער אַרויסגעברומט פאַרן פאַרציטערטן אויפזעער:

— איך זע דאָ נישט פּנחסן. איז ער געפאַלן אין גרוב?

— ניין, פּרעהס פאַרטרעטער (21), אים פאַרבײַט איצט אָן אַנדערער.

— אויף וועמענס באַפעל?

דער ייִדישער אויפזעער האָט געציטערט און נישט געקענט קיין וואָרט אַרויסברענגען.

— אויף וועמענס באַפעל? — האָט דער מצרי איבערגעפרעגט אין גרויס צאָרן (22).

דער אויפזעער האָט אָנגעוויזן מיט דער האַנט אויף משהן. ביזן גאַרטל אין ליים, האָט משה אַרויסגעקוקט פון דער גרוב מיט אַ בליק פון אַ באַפעלער.

— אויפן באַפעל פון אַ שקלאַף? — האָט דער מצרי אויסגערופן. — גיי און דערלאַנג אים מיטן קאַנטשיק איבערן קאָפּ!

---

17. ציִען זיך אײַן. 18. excitados. 19. פאַרטעך. 20. אויפשריפט.
21. פאַרשטייער. 22. כּעס.

דער ייִדישער שוטר איז מיט אונטערגעהאַקטע פּיס צוגעגאַנגען צו דער גרוב. און ווי ער האָט געפּרוּווט אויפהייבן די האַנט מיטן קאַנטשיק, האָט ער אַנגעטראָפן דעם בליק פון משהס אויגן, און די האַנט האָט זיך ביי אים אַרונטערגעלאָזט, ווי זי וואָלט פּלוצלינג געלײמט(23) געוואָרן.

— פּרעהס אויפזעער, ער איז נישט קיין שקלאַף, — האָט דער ייִדי־שער שוטר געשטאַמלט (24) אין שטייגנדיקער אימה.

— ער איז נישט קיין שקלאַף? דאָס וועלן מיר באַלד זען.

ער איז צוגעגאַנגען נעענטער צום ראַנד פון גרוב און אויפגעהויבן דעם שטעקן מיטן קופּערנעם קניפּל איבער משהס קאָפּ. פון גרוב האָט אַרויסגעשטעקט דאָס אייבערשטע האַלבע לייב פון אַ מעכטיקן ריז. וואָס פון אונטער זיין הויכן שטערן האָבן אַ פּאָר פלאַמיקע אויגן געשאָסן מיט צאָרנדיקע פייערפונקען.

אויך דעם מצרים אויסגעשטרעקטע האַנט מיטן שטעקן איז געבליבן הענגען אין דער לופט אַן אומבאַוועגלעכע, ווי זי וואָלט מיט אַ מאָל פאַר־שטיינערט געוואָרן.

— נישט קיין שקלאַף? ווער דען איז ער? זאָג, ווער איז ער? — האָט דער מצרי אויסגעשריגן און אַראָפּגעלאָזט מיט רציחה דעם געגאָ־סענעם קופּערנעם קנײַפּל אויף דעם ייִדישן שוטרס קאָפּ.

— פּרעהס אויפזעער, פּרעה וועט גאָרנישט פאַרלירן. אויפן אָרט פון אַ קראַנקן האָט ער באַקומען אַ געזונטן אַרבעטער, אויפן אָרט פון אַ שוואַכן — אַ שטאַרקן. די צאָל ציגל וועט נישט געמינערט ווערן. פאַר וואָס זאָלסטו שלאָגן פּרעהס אַ געטרײַען דינער, וואָס האָט זיך מיט קיין זאַך נישט פאַרשולדיקט? — האָט משה געגרופן פון גרוב צום מצרי.

— ווער ביסטו, אַז דו זאָלסט זיך דערוועגן צו זאָגן פּרעהס אַן אויפ־זעער, וואָס ער האָט צו טאָן? אַלע זענט איר פּרעהס קנעכט, אַלע גע־הערט איר דעם גרויסן קיניג, סיי די געזונטע, סיי די קראַנקע, סיי די שטאַרקע סיי די שוואַכע. טרייב דעם פּויליאַק צוריק אין גרוב אַרײַן! — האָט דער מצרי באַפוילן דעם ייִדישן אויפזעער.

דער ייִדישער אויפזעער האָט איצט אויסגעלאָזט זיין שווער האַרץ צום קראַנקן פּנחס, וואָס איז געלעגן האַלב אײַנגעגראָבן אין זאַמד און האָט זיך קיין ריר נישט געטאָן. די קלעפּ, וואָס דער אויפזעער האָט געקראָגן פון דעם מצרים שטעקן, האָט ער איצט אויסגעטיילט מיטן קאַנשטיק דעם אויסגעדאַרטן, קראַנקן לייב פון דעם פאַרשמאַכטן (25) פּנחס.

— שנעלער אין גרוב אַרײַן, דו פּויליאַק! פויל ביסטו, נישט קראַנק. אַרײַן אין ליים אַרײַן, געשווינד! — האָט דער אויפזעער געטריבן דעם קוים־קריכנדיקן פּנחס צו דער גרוב.

---

23. פאַראַליזירט. 24. tartamudeó. 25. ווייער שוואַכן.

— וואָס טוסטו ווי דײַן חבר? — האָט משה געשריגן. — זעסטו נישט, אַז ער איז קראַנק, אַז זײַנע פיס זײַנען באַדעקט מיט ווונדן? איך פאַרנעם דאָך זײַן פּלאַץ, איך אַרבעט פאַר אים,–האָט משה געהאַלטן אין איין רופן פון גרוב אַרויס.

— דו וועסט אַרבעטן און אויך ער וועט אַרבעטן! אַלע זענט איר פרעהס קנעכט! — האָט דער מצרי געשריגן און מיטן שטעקן צוגעהאָלפן דעם ייִדישן אויפזעער אַרײַנצוטרייבן פּנחסן אין גרוב אַרײַן.

נאָר קוים איז פּנחס בן דוסי אַרײַן אין גרוב, האָט אים משה אויפגעכאַפּט אויף די הענט און אים געהאַלטן ווי אַ מוטער האַלט איר קינד. און אַזוי, מיטן קראַנקן אַרבעטער אויף די הענט, האָט משה ווײַטער געטאָפּטשעט אין דעם קלעפּיקן ליים.

— לאָז אים אָפּ, לאָז אים אַרבעטן!

— ער קען נישט אַרבעטן, ער וועט פאַלן פון די פיס.

— זאָל ער פאַלן און זאָל ער ווערן צעטראָטן און אײַנגעקנאָטן אין דעם ליים. אין ליים אַרײַן! איך, פרעהס פאַרטרעטער, באַפעל אַזוי! — האָט דער מצרי געררופן אין גרוב אַרײַן צו די אַנדערע שקלאַפן.

ווען זיי האָבן דערזען דעם בליק אין משהס אויגן, האָט אַ פּחד אַרומגעכאַפּט די קנעכט אין גרוב און דעם אויפזעער אין דרויסן.

משה האָט דעם קראַנקן, דערשראָקענעם פּנחס אַרויסגעטראָגן פון גרוב, אים אַוועקגעלייגט אויפן זאַמד און געזאָגט מיט אַ באַפעלערישן טאָן:

— דאָ וועט ער זיצן און דאָ וועט ער זיך אָפּרוען. איך וועל טאָן די אַרבעט פאַר אים. — און משה איז צוריק אַרײַנגעגאַנגען אין גרוב אַרײַן און זיך אײַנגעשפּאַנט אין דער קייט פון די ליימקנעטער.

דער צוזאַמענגעקאָרטשעטער פּנחס איז דערווײַל געלעגן ווי אַ שטיק טויטער הומר. ער איז געלעגן אײַנגעגליווערט, נישט צו באַוועגן מיט קיין אבֿר (26).

— איך האָב מורא, אַז ער טויג שוין נישט פאַר דער אַרבעט, — האָט דער ייִדישער אויפזעער געזאָגט צום מצרי.

— אויב ער טויג נישט פאַר דער אַרבעט, איז ער גוט פאַר עפּעס אַנדערש, — האָט דער מצרי געזאָגט און מיט אַלע כּוחות דערלאַנגט מיטן קופּערנעם קײַלעך אַ זעץ דעם קראַנקן עבֿרי איבערן קאָפּ. פּנחסעס קערפּער האָט זיך געגעבן אַ צאַפּל און איז געבליבן ליגן אומבאַוועגלעך, טויט.

— נאַט, דאָ האָט איר שטרוי פאַר ציגל, — האָט דער מצרי געזאָגט, אַרײַנשאַרנדיק מיטן שטעקן דעם עבֿרים טויטן קערפּער אין דער ליימיקער געדיכטעניש אַרײַן.

דער קערפּער איז באַלד נעלם געוואָרן אונטער די פיס פון די פאַרפּײַניקטע ליימטרעטערס.

---

26. טייל פון קערפּער.

מיט איין שפּרונג איז משה געווען אין דרויסן פון גרוב. די הענט האָבן זיך פאַרדריקט בײַ אים אין פויסטן, די אָדערן (27) האָבן אַרויסגעזעצט אויף זײַן דיקן האַלדז. זײַן פּנים איז בלייך געוואָרן און פון די אויגן האָט גע־שפּריצט מיט פײַער. ער איז צוגעגאַנגען צום מצרי. דער מצרי האָט אָנגע־הויבן שווער אָטעמען. זײַן הויכע פיגור איז קלענער געוואָרן, ווי די פּיס וואָלטן זיך געבראָכן אונטער אים פאַר דער ריזן־פיגור, וואָס איז געשטאַנען איבער אים. ער האָט געציטערט ווי אַ בלאַט.

— אויב דו ביסט איינער פון אונדז, אַן עבֿרי, האָב רחמנות אויף דײַנע ברידער. טאָמער ווען דו הרגענען דעם מצרי. וועלן מיר אַלע טיילן דעם גורל פון פּנחס בן דוסי, — האָט דער יידישער אויפזעער געזאָגט מיט שרעק צו משהן.

משה האָט אַרײַנגענומען דעם שפּיץ באָרד צווישן די ציין און דערוויַי־טערט זיך מיט גיכע טריט.

— ווער איז ער? — פרעגט דער מצרי דעם יידישן שוטר.

— מיר ווייסן נישט, ווער ער איז, נאָר ער איז נישט פון די שקלאַפן.

— פון וואַנען ווייסטו?

— ער רעדט און טוט, ווי אַ בן־חורין (28).

— ווער ער זאָל נישט זײַן, איז ער אַ מורד (29). לאָז גלײַך וויסן דתן און אַבֿירם, אַז אַ געפערלעכער אַגיטאַטאָר איז געקומען צווישן די שקלאַפן און בונטעוועט (30) זיי קעגן פּרעהן. זאָלן זיי אויסגעפינען, ווער דאָס איז, און אָנגענומען מיטלען קעגן אים. איר אַלע וועט ענטפערן פאַר זײַנע מעשים!

---

27. וועַנעס, אַרטעריעס. 28. פרײַער מענטש. 29. רעבעל. 30. אַגיטירט.



| דאָס קול פון דאָרן | חנן קיעל |
|---|---|

ניט אין דיביימער, ווי ריזן (1),
ניט אין דעם גאָלדענעם קאָרן
האָט גאָט זיך צו משהן באַוויזן,
נאָר אין אַ טרוקענעם דאָרן (2).
אַ קול האָט גערעדט פונעם פײַער:
„גיי ניט צו נענטער צום סנה,

משה, מײַן פּאַסטעך געטרײַער,
שטיי פון דער ווײַטן און זע!“
ענטפערט אים משה רבינו:
„דאָס בין איך, דער זון פון יוכבֿד,
אַ פּאַסטעך פון שעפּעלעך קליינע,
אַ קינד פון אַ ייִדישן עבד (3)“.

די שטים האָט צו משהן גערעדט:
„טו אויס דײַנע שיך און בלײַב שטיין —
ס'איז הייליק די ערד, וואָס דו טרעטסט,
און דאָס קול עס באַפעלט דיר צו גיין.

אײַל זיך און גיי קיין מצרים,
דו זאָלסט זיך קיין רגע פאַרזאַמען (4), —
געקומען די צײַט פון באַפרײַונג,
זאָג פּרעהן: שלח את עמי (5)!“

1. גיגאַנטן. 2. zarza. 3. קנעכט. 4. פאַרשפּעטיקן. 5. „שיק אַרויס מײַן פאָלק“.



זינאַ ראַבינאָוויטש

# בעני וויל אויך זען אליהו הנבֿיא

פון זינט מע האָט אָנהויבן צו לערנען אין שול וועגן קומענדיקן יום־טובֿ פּסח, האָט בעני באַשלאָסן, אַז ער וויל אויך זען אליהו הנבֿיא...

צום אָנהייב, ווען ער האָט געהערט פון דער לערערין, אַז אליהו קומט אין דער נאַכט פון ערשטן סדר צו העלפן ערלעכע און פרומע מענטשן, האָט ער געמיינט, אַז אַ פּשוט יינגל, ווי ער איז, קאָן דעם נבֿיא נישט זען.

אָבער נאָך דעם ווי בעני האָט געהערט פון זיינע חבֿרים, אַז אליהו העלפט יעדן איינעם, וואָס געפינט זיך אין אַ נויט אָדער אין אַ גרויסער צרה, האָט ער אָנגעהויבן גלייבן, אַז אליהו קאָן זיך ווייזן אויך צו אים.

אויב אליהו איז געקומען אין אַ סדר־נאַכט צו בענים זיידן אים אויפֿצוּוועקן פון זיין שטאַרקן שלאָף, אַז ער זאָל נישט פאַרברענט ווערן אין פייער, וואָס איז אויסגעבראָכן, ווען די קאַץ האָט איבערגעקערט אַ לייכטער (1) — פאַר וואָס זאָל ער נישט קומען אויך צו בענין, אויב ער וועט אים פאַרבעטן צו זיך מיטן גאַנצן האַרצן?...

און אויב אליהו קומט ביי טאָג און ביי נאַכט אין דער גאַנצער ערבֿ־פּסח־וואָך צו העלפן סאַלים קראַנקן פאָטער אויפצוהייבן די קעסטלעך מיט פּסחדיקע באַשטעלונגען, וואָס ער דאַרף צעטראָגן, וועט ער זיך דען אָפּזאָגן צו קומען צו אים אויף איין רגעלע (2)?...

בעני בעט נישט פון אליהו קיין סך — נאָר איין אויגנבליק (3)! ער ווייסט, אַז אליהו איז זייער פאַרנומען, ספּעציעל אין דער סדר־נאַכט! ער ווייסט אַז אַ וועלט מיט יידן וואַרט אויף אליהוס וויזיט. בעני בעט נישט קיין סך פון אים: זאָל ער קומען צו אים אויף איין מינוטעלע, נאָר זיך אַ ווייז טאָן פאַר אים, בעני וויל אים נאָר אָנקוקן מיט די אייגענע אויגן...

בעני קלערט וועגן דעם ביי טאָג און ביי נאַכט. וואָס מער ער קלערט, אַלץ גרעסער ווערט זיין ווילן צו זען אליהון.

איין זאַך איז קלאָר פאַר בענין, ער מוז זיין קראַנק, אַז אליהו זאָל קומען צו אים. ווייל אליהו קומט נאָר, ווען ער דאַרף העלפן אָדער ראַטעווען.

---

1. קאַנדעלאַבער. 2. סעקונדע. 3. מאָמענט.

נאָך אַ סך קלערן האָט בעני בײַ זיך אָפּגעמאַכט, אַז די איינציקע צרה, וואָס ער קאָן ברענגען אויף זיך, איז צו ווערן קראַנק. אליהו הנביא וועט זיכער נישט דערלאָזן, אַז אַ ייִנגל, וועלכער האָט זיך אָנגעשטרענגט (4) און אויסגעלערנט דעם קידוש, די פיר קשיות און אַנדערע שטעלן (5) פון דער הגדה של פסח, זאָל בלײַבן ליגן אין בעט אַ קראַנקער און נישט קאָנען אויפשטיין צום סדר! ניין! אַזאַ זאַך וועט אליהו נישט דערלאָזן! ער וועט קומען אים אויסהיילן פון זײַן קראַנקהייט. און דאַן וועט אים בעני זען מיט זײַנע אייגענע אויגן!

אָבער ווי אַזוי קאָן מען קראַנק ווערן?

דאָס איז נישט פון די שווערע זאַכן! ער דאַרף נאָר טאָן אַלע זאַכן, וואָס די מאַמע הייסט אים שטענדיק נ י ש ט טאָן.

און בעני האָט באַשלאָסן דורכצופירן זײַן פּלאַן און ווערן קראַנק... ווען, מיינט איר? אין סאַמע ערבֿ פּסח! דער פֿאָטער וועט גאַנץ פרי אַוועקפֿאָרן אין זײַן געשעפֿט. די מאַמע וועט זײַן פֿאַרנומען אין קיך, צוגרייטנדיק אַלץ, וואָס מע דאַרף צום סדר, און ער וועט זיך צוגרייטן צו דער באַגעגעניש מיט אליהון...

דער טאָג איז אויסגעפאַלן אַ שיינער, אַ זוניקער, און בענים מוטער איז געווען צופרידן, וואָס ער איז אַרויס אין גאַס זיך שפּילן מיט זײַנע חבֿרים.

אָבער דאָס מאָל האָט זיך בעני נישט געשפּילט, ווי שטענדיק. ער האָט טאַקע געדענקט, וואָס זײַן מוטער האָט אים אָנגעזאָגט, אָבער געטאָן האָט ער פּונקט דאָס פֿאַרקערטע: ער איז אַרומגעלאָפֿן אָן אַן אויפהער, אָן אָפּרו; ער האָט זיך אַזוי אָנגעהאָרעוועט לויפנדיק, אַז זײַנע פּיס האָבן געציטערט ווי צוויי פּרוזשינעס (6), ווען ער האָט געוואָלט בלײַבן שטיין. ער האָט זיך אַזוי אָנגעשריִען, כאַפּנדיק און וואַרפנדיק דעם באַל, אַז ער איז הייזעריק געוואָרן. זײַן קערפּער און זײַנע קליידער זײַנען געווען נאַס פון שווייס. און כּדי צו זײַן זיכער, אַז זײַן פּלאַן וועט געראָטן (7), האָט ער באַצײַטנס אַרונטערגענומען פון זיך זײַן סוועטער... ער האָט ספּעציעל גע-לאָזט, אַז דאָס פרילינג־ווינטעלע, וואָס האָט געבלאָזן מיט הייסן און מיט קאַלטן, זאָל אים דורכנעמען...

ווען בעני האָט באַשלאָסן, אַז ער האָט שוין אָפּגעטאָן אַלץ, וואָס האָט זיך געווענדט אין אים, איז ער אַרײַנגעפאַלן אין הויז און האָט אויסגערופן: „איך בין קראַנק! איך בין קראַנק!“

— קראַנק? וויי איז מיר! — האָט בענים מוטער אויסגעשריִען פון קיך און אַ דערשראָקענע געלאָפֿן אין בענים צימער צו זען, וואָס איז מיט אים.

— גיב נאָר אַ קוק אין שפּיגל, ווי אַזוי דו זעסט אויס, בעני! האָסט שוין פֿאַרגעסן, וואָס איך זאָג דיר אָן טאָג־אײַן, טאָג־אויס, ווי אַזוי זיך אויס-

---

4. געטאָן אַ סך. 5. פראַגמענטן. 6. resortes. 7. אַרויסקומען גוט.

צוהיטן? ווייַ איז צו מיר? דו ברענסט דאָך ווי אַ פֿײַער! איך גיי שוין רופֿן דעם דאָקטאָר!

— מע דאַרף נישט, — האָט בעני שטיל געזאָגט, — ער אַליין וועט מיך אויסהיילן!

— אַוודאי וועט ער דיך אויסהיילן! — זאָגט די מאַמע, זוכנדיק דעם דאָקטאָרס נומער אין טעלעפֿאָן־ביכעלע. — אונדזער דאָקטאָר וועט...

— איך זאָג דאָך דיר, אַז מע דאַרף נישט קיין דאָקטאָר! — שלאָגט איבער בעני, שרײַענדיק אויף אַ קול. — ער אַליין וועט מיך אויסהיילן!

— ווער איז דער ער, בענילע? — וווּנדערט זיך די מאַמע מיט אַ ווייַ־נענדיקער שטים און טאַפּט נאָך אַ מאָל און ווידער אַ מאָל בענים שטערן און האַלדז. — דו רעדסט דאָך שוין פֿון היץ, ווייַ איז מיר! דו ביסט קראַנק, בענילע! טו זיך אויס, קינד מײַנס, און לייג זיך אַרײַן אין בעט דערווײַל, ביז וואַנען איך וועל רופֿן דעם דאָקטאָר!...

— איך וועל זיך אַרײַנלייגן אין בעט, אויב דו וועסט נישט רופֿן דעם דאָקטאָר! וואַרט צו, אפֿשר וועל איך פֿון זיך אַליין געזונט ווערן?...

עס גערדויערט נישט קיין מינוט, און בעני ליגט שוין אין בעט. און ליגנדיק קלערט ער: „באַלד, באַלד וועט קומען אליהו און מיך אויסהיילן". אָבער דערווײַל איז בעסער צו ליגן מיט צוגעמאַכטע אויגן... די מאַמע וועט מיינען, אַז ער שלאָפֿט, וועט זי אים לאָזן צו רו! ער וויל זײַן איינער אַליין, ווען אליהו וועט זיך באַווײַזן צו אים...

ווי אַזוי זעט ער אויס, אליהו הנבֿיא? עס דוכט זיך בענין, אַז ער הערט אַ שטיל גערויש... גלײַך ווי עס פֿלאַטערן (8) פֿליגלען... „נאַרישקייט! אליהו האָט נישט קיין פֿליגל! ער איז דאָך אַ נבֿיא, נישט קיין מלאך"...

„ווי אַזוי זשע פֿליט ער אַרום איבער דער גאָרער וועלט צו העלפֿן ייִדן?"

„דאָס האָט ער מיך אָנגערירט? עס ווײַזט זיך דיר אויס, בעני!"

„ניין! עס ווײַזט זיך מיר נישט אויס! איך פֿיל זײַן האַנט אויף מײַן שטערן! האָט דען אליהו הענט?... אַוודאי האָט ער הענט... ער האָט אויך אַ מויל! ער זאָגט דאָך נבֿיאות! ער זאָגט פֿאָרויס. ער ברענגט גוטע בשׂורות (9) צו ייִדן, וועלכע זײַנען אין אַ נויט... ער..."

בעני פֿילט זיך אַזוי גוט, אַז ער הערט אויף צו טראַכטן. עס דוכט זיך אים, אַז אליהו טראָגט אים אַוועק ערגעץ ווײַט, ווײַט... ס'אַרט אים נישט... זאָל ער...

עס גייט אַוועק אַ שטיקל צײַט. בעני פֿילט זיך גוט און מונטער (10) און אויסגערוט... אָבער די אויגן האַלט ער נאָך אַלץ צוגעמאַכט. „זאָל עס זיין נאָך אַ מאָל אליהו?" — קלערט ער, פֿילנדיק אַ שטאַרקע האַנט אויף זײַן שטערן. — „פֿאַר וואָס דריקט ער אַזוי זײַן שטערן איצט? דאָס איז זײַן אָנזאָג, אַז איך זאָל עפֿענען מײַנע אויגן און אים אָנקוקן.

---

8. רירן זיך שטיל. 9. גוטע נײַעס. 10. פֿריילעך.

בעני צווינגט זיך (11) און גיט אַ ריס אויף זײַנע אויגן:

— פאַ? וואָס טוט „פאַ“ אין דער היים איצט? — פרעגט בעני און קוקט אויף זײַן פאָטער מיט פאַרוווּנדערטע אויגן.

— דו האָסט אונדז זייער אָנגעשראָקן, בעניליע! מיך און די מאַמע! — זאָגט זײַן פאָטער. — אָבער דאַנקען גאָט, אָבי מיט שרעק אָפּגעקומען! דו האָסט קיין טראָפּעלע היץ נישט!

— איך האָב נישט? פון וואַנען ווייסטו, פאַ?

— פון וואַנען איך וויים, נאַריש קינד? די מאַמע האָט דיר אויסגעמאָסטן די היץ צוויי מאָל! און דו האָסט אַפילו נישט געפילט, אַזוי שטאַרק ביסטו געשלאָפן!

„אליהו האָט מיך געזונט געמאַכט“, — קלערט בעני, — „אָבער פאַר וואָס האָט ער זיך נישט געוויזן צו מיר, ווען ער האָט מיך אויסגעהיילט?“

— וואָס זשע ליגסטו, בעניליע, ווי אַ גולם (12)? — טאָרעט אים דער פאָטער, הערסטו דען נישט, אַז דאָס הויז איז פול מיט געסט? מיר וואַרטן דאָך אַלע אויף דיר! עס איז דאָך שוין צײַט זיך צו זעצן צום סדר.

בעני איז אַרויס פון בעט, זיך אָפּגעוואַשן, און אָט איז ער שוין אָנגעטאָן אין זײַן נײַעם אָנצוג און ער זיצט שוין צוזאַמען מיט אַלע געסט בײַם טיש, וואָס גלאַנצט מיט די זילבערנע לעפל און גאָפּלען אַנטקעגן די ברענענדיקע ליכט. אָבער בעני האַלט אין איין קלערן: „אויב אליהו האָט מיך אויסגעהיילט, פאַר וואָס האָט ער זיך נישט באַוויזן צו מיר? איך האָב דאָך געוואָלט נאָר אַ קוק טאָן אויף אים מיט מײַנע אייגענע אויגן?“

דער פאָטער לאָזט בענין נישט קלערן. ער גיט אים אַ ווונק (13).

בעני קוקט אויף אים און פרעגט אים מיט זײַן קוק, וואָס ער וויל פון אים.

— די פיר קשיות, בעניליע...

בעני פאַרשעמט זיך. ער דערמאָנט זיך, אַז אַ טיש מיט געסט וואַרט אויף אים און ער פאַרציט מיט אַ ניגון:

— מה נשתנה הלילה הזה...

און ווען ער האָט געענדיקט פרעגן די פיר קשיות און זיך אַנידערגעזעצט, האָט ער, דערזעענדיק דעם גרויסן בעכער, דעם „כּוס אליהו“, נאָך אַ מאָל געפרעגט:

„אָבער פאַר וואָס האָסטו זיך נישט געוויזן פאַר מיר? פאַר וואָס?“...

---

11. שטאַרקט זיך. 12. איינער וואָס קאָן זיך נישט רירן. 13. אָנצוהערעניש, צו פאַרשטיין.

| | |
|---|---|
| ל״ג בעומר | אלחנן אינדעלמאַן |

געווען איז אַ לערער, זײַן נאָמען — עקיבֿא;
געהאַט האָט ער שילער, אַ גרויסע ישיבֿה.
זיי האָבן געלערנט מיט חשק, מיט פײַער,
זיי האָבן דאָס לערנען געהאַלטן גאָר טײַער.

געקומען איז איין מאָל אַ צרה, אַ צאָרן (1):
קראַנק זײַנען עקיבֿאס תּלמידים געוואָרן.
פֿאַרמאַכט איז די שול. פֿאַרמאַכט די ישיבֿה;
עס טרויערט דער לערער, עס וויינט ר׳ עקיבֿא.

און אָט איז געקומען דער טאָג ל״ג בעומר —
געעפֿנט די שול האָט גאָר פּלוצעם דער שומר,
און ס׳קומען די שילער פֿון נאָענט און ווײַטן.
געקומען אויף קעמלען און אייזלען צו רײַטן.

ניטאָ מער קיין קראַנקע, געזונט זײַנען אַלע.
דער ענטפֿערט דעם לערער, און דער פֿרעגט אַ שאלה.
און ס׳הילכן די קולות פֿון שילער אַרומעט (2) —
אַוועק איז דער טרויער, אַוועק איז דער אומעט.

באַהערשט (3) האָט אַ יום־טובֿ די גאַנצע ישיבֿה,
עס זינגען די שילער, עס זינגט ר׳ עקיבֿא.
אַ יום־טובֿ פֿאַר ייִדן פֿון נאָענט און ווײַטן,
אַ יום־טובֿ פֿאַר דורות, פֿון גאָר אַלטע צײַטן.

---

1. דאָ: שלעכטער געזעץ, גזירה. 2. אַרום. 3. אַרומגענומען.



# דאָס ייִנגל מיטן קריגל בוימל
## (לעגענדע)

די שלעכטע רוימישע מאַכט (1) האָט פאַרבאָטן צו לערנען תּורה מיט די קינדער, ווײַל זי האָט געוואָלט מאַכן פאַרגעסן אונדזער שפּראַך. ר׳ שמעון בר יוחאי האָט זיך נישט אונטערגעגעבן און האָט אין באַהעלטעניש צונויפֿגעזאַמלט ייִדישע קינדער, זיי געלערנט תּורה און אײַנגעפֿלאַנצט אין זייערע הערצער ליבע צו זייער פֿאָלק און לאַנד. ווען די רוימער האָבן זיך וועגן דעם דערוווּסט, האָבן זיי באַפֿוילן צו כאַפּן ר׳ שמעון בר יוחאי און אים אָפּהאַקן דעם קאָפּ.

ווען דער באַפֿעל איז באַקאַנט געוואָרן, האָבן די קינדער זיך פֿאַרזאַמלט אין די גאַסן און געמאַכט אַזאַ רעש און געפּילדער, אַז די רוימער האָבן זיי געמוזט מיט כּוח אײַנשטילן, און דערווײַל האָט ר׳ שמעון בר יוחאי פֿאַרלאָזט די שטאָט, געגאַנגען איבער בערג און טאָלן און זיך געראַטעוועט פֿון שונאס האַנט.

אויפֿגעבראַכט (2) זענען געוואָרן די רוימער צוליב בר יוחאיס אַנטלויפֿן און זיי האָבן פֿראַקלאַמירט: „דער, וואָס וועט אויסגעבן דאָס באַהעלטעניש פֿון ר׳ שמעון בר יוחאי, באַקומט אַ גרויסע פּרעמיע“. סאָלדאַטן זענען אַרויסגעשיקט געוואָרן אין אַלע עקן לאַנד. זיי האָבן אומעטום געזוכט כּדי צו כאַפּן דעם גרויסן לערער און פֿירער לעבעדיק אָדער טויט. די באַוואָפֿנטע רוימישע זעלנער האָבן נישט באַמערקט, אַז ווען זיי גייען אַרויס פֿון שטאָט, גייען זיי נאָך די קינדער, ווי שאָטנס, און קוקן נאָך יעדע באַוועגונג זייערע.

בר יוחאי און זײַן זון אלעזר האָבן געפֿונען אַ הייל (3) אין גליל העליון. אַרום און אַרום זענען געשטאַנען הויכע בערג און שאַרפֿע פֿעלדזן (4). ס׳האָט געהערשט אַ טיפֿע שטילקייט. בײַ נאַכט, אין דער סאַמע פֿינצטערניש, פֿלעגן פֿון די בערג זיך אַראָפּגליטשן (5) דורך באַהאַלטענע סטעזשקעס (6) ייִדישע קינדער. זיי פֿלעגן אַרײַנקומען אין הייל און ברענגען באַקסער, טייטלען און וואַסער — עסן פֿאַר זייער לערער. די קינדער האָבן דערציילט, ווי טרײַ

---

1. רעגירונג. 2. אין כּעס. 3. cueva. 4. rocas. 5. אַראָפּקריכן.
6. שמאָלע וועגן.

אַלע תּלמידים זענען זייער לערער, ווי ליב זיי האָבן די תּורה און אונדזערע שפּראַך. און ווען ר׳ שמעון בר יוחאי פלעגט דאָס הערן, פלעגט ער פאַרגעסן די טויט־סכּנה, וואָס לויערט (7) אויף אים און מיט גרויס שׂימחה אָנהייבן לערנען מיט די תּלמידים.

צווישן די תּלמידים איז געווען איינער, וואָס האָט צוגעצויגן אַלעמענס אויפמערקזאַמקייט (8) צוליבן שטאַרקן ריח פון בוימל, וואָס האָט זיך גע־טראָגן פון זײַנע בגדים און צוליב זײַנע צוויי פֿײַערדיקע אויגן, וואָס האָבן אויסגעזען, ווי צוויי גלײַענדיקע (9) קוילן אין דער פינצטערניש. אָבער אַלע תּלמידים האָבן געשעצט דעם דאָזיקן חבֿר און אים גערופן: הגלילי. ר׳ שמעון האָט אים אויך שטאַרק ליב געהאַט, און ווען ער פלעגט פעלן אַ מאָל צו דעם שיעור, איז ער געווען באַזאָרגט.

אַ גאַנצן טאָג האָט דער גלילי געאַרבעט אין אַ בוימל־קעלטער (10). זײַן פּנים, הענט און בגדים זענען שטענדיק געווען פאַרפעטעסט מיט בוימל, און נאָר זײַנע אויגן האָבן געשײַנט, געלויכטן, געפינקלט. ווער איז ער געווען דער גלילי? — אַ זון פון באַרימטן העלד יוחנן מגוש חלב, דער פירער פון די קנאים, וואָס האָט פאַרפירט גרויסע שלאַכטן מיט די רוימער אין גליל און שפּעטער אין ירושלים. אַדריאַנוס, דער קיסר פון רוים, האָט באַפוילן, מע זאָל אויסהרגענען אַלע קינדער פון די ייִדישע העלדן; דערפאַר האָבן איבּ די רוימער שטאַרק אַרומגעזוכט, אָבער זיי האָבן אים נישט געקענט געפינען. נישט איין מאָל פלעגן זיי זיך אָנטרעפן מיט דעם ייִנגל, אָבער דער ריח פון בוימל און זײַן פאַרשמירט פּנים האָבן דערפירט דערצו, אַז די רוי־מער זאָלן זאָגן: ער איז מן־הסתם אַ פּראָסטער יונג, אַ שקלאַפנזון, נישט כּדאַי אים צו פאָרשן.

אין דער פינצטערער הייל זענען געזעסן די תּלמידים אין אַ האַלבן ראָד און זיך אײַנגעהערט צו די רייד פון רבי שמעון בר יוחאי, וואָס האָט מיט זיי געלערנט תּורה און ליבע צו זייער פאָלק. ער האָט זיי אויך דער־ציילט וועגן דער העלדישקייט פון די ייִדישע קנאים, און ווען ער פלעגט דערמאָנענען דעם נאָמען פון גרויסן פירער יוחנן מגוש חלב, פלעגן די אויגן פון גלילי אָנהייבן ברענען, ווי צוויי אָנגעגליטע שפּיזן (11). אין דער פרי, איידער דער מאָרגנשטערן הייבט אָן צו צאַנקען (12) אין בלויען הימל, פלעגן די קינדער זיך צעגיין. דער לעצטער פלעגט פאַרבלײַבן דער גלילי. ער בלײַבט שטיין נעבן לערער און קוקט אים אָן מיט זײַנע גרויסע אויגן, ווי ער וואָלט פרעגן: ווען, רבי, וועט שוין קומען דער סוף צו אונדזערע לײַדן? און ר׳ שמעון פלעגט אים אָנקוקן מיט ליבשאַפט, גלעטן זײַנע האָר און אַרײַנפליס־טערן (13) אין אויער: קינד מײַנס, גלייב, אַז משיח וועט קומען אין גיכן!...

---

7. acecha. 8. וואָס אַלע האָבן באַמערקט. 9. ברענענדיקע. 10. ווו מע מאַכט בוימל. 11. lanzas. 12. לעשן זיך. 13. זאָגן שטיל.

דאָס יינגל הייבט אויף די אויגן צו זיין רבינס פּנים, וואָס איז וווּנ־דערלעך באַלויכטן דורכן שיין פון מאָרגנשטערן, גליטשט זיך אַרויס פון הייל און ווערט פאַרשלונגען אין די בערג.

איין מאָל, דאָס איז געווען ל״ג בעומר, ווען די זון האָט אומברחמנות־דיק געברענט, האָבן זיך באַוויזן די רוימער. זיי האָבן אַרומגערינגלט אַלע אַרײַנגענג צום גליל העליון און באַלאַגערט (14) יעדער בערגל און הייל, ווײַל זיי האָבן געהערט, אַז ערגעץ וווּ אין גליל באַהאַלט זיך אוים ר׳ שמעון. ס׳איז אָנגעקומען די נאַכט. די רוימער האָבן זיך געפרייט, אַז אין גיכן וועלן זיי כאַפּן דעם גרויסן ייִדישן לערער און אים הרגענען. און די ייִדישע קינ־דערלעך האָבן געפילט שרעק. זיי האָבן זיך פאַרזאַמלט און אָפּגערעדט:

לאָמיר פאַרפירן די רוימער אויף אַנדערע פּלעצער, ווײַל זיי זענען נאָענט צו דער הייל.

גערעדט און געטאָן.

האַלבע נאַכט האָט אויפגעפלאַקערט פּלוצלינג אַ קליין פײַערל אויף אַ שפּיץ באַרג. די פלאַמען־צונגען שנײַדן די פינצטערניש און קנוילן רויך רײַסן זיך צום רוים, און בײַ דער שײַן זעען זיך מענטשן־שאָטנס. ווען די רוימער האָבן דאָס דערזען, זענען זיי אויפגעשפּרונגען פאַר פרייד: אָט דאָרט געפינען זיך זיכער שפּורן פונעם מענטש, וואָס מיר זוכן. מיר וועלן געווי־נען די פּרעמיע פאַר זײַן קאָפּ. די סאָלדאַטן האָבן פאַרגעסן זייער מידקייט און נאָכגעלאָפן דעם פײַער מיט ווילדער פרייד און רשעות (15).

אָבער וואָס שײַנט דאָרט אויף, אויף דעם צווייטן בערגל? נאָך אַ פײַער! און אָט איז אַ דריטער, אָט אַ פערטער! אויף יעדער הייך, אויף יעדן פעלדז, פון שעה צו שעה פאַרמערן זיך די פײַערן, ווי די שטערן פון הימל וואָלטן אַראָפּגענידערט כּדי אָנצוצינדן יעדן באַרג און היגל! צעיושעטע (16) לויפן אַרום די סאָלדאַטן פון באַרג צו באַרג און זיי ווילן כאַפּן די פאַרפירערישע פײַער־צינדער. אָבער די נאַכט איז פינצטער, און ווען זיי קלעטערן אַרויף, נאָך שווערער מי, אויפן שפּיץ באַרג — געפינען זיי קיינעם נישט, נאָר זיי זעען אַ נײַ פײַער אויף אַ דערבײַיִקן באַרג.

דער גלילי האָט פון דעם נישט געוווּסט. ער איז געזעסן אין הייל פון רבי שמעון און פון דער סכּנה אַפילו נישט געטראַכט.

ר׳ שמעון האָט אים געזאָגט בײַם געזעגענען זיך:

— קינד מײַנס, היט זיך נישט אַרײַנצופאַלן אין די הענט פון די רוי־מער. זיי זענען זייער שלעכטע. אויב זיי וועלן זיך דערוויסן, ווער דו ביסט, וועלן זיי דיך הרגענען.

דער גלילי האָט געענטפערט:

---

14. אַרומגערינגלט. 15. שלעכטס. 16. ווי ווילדע.

— רבי, איך האָב פאַר זיי קיין מורא נישט! אַפּט מאָל וויל איך זיך טרעפן מיט די פאַרשאָלטענע רוימער. זאָלן זיי זען, אַז זיי וועט קיין מאָל נישט געלינגען (17) אונדז צו פאַרשקלאַפן.

און זײַנע אויגן האָבן זיך צעגליט און ער האָט אויסגעזען ווי איינער פון זײַנע עלטערן, וואָס שטייט אויף די מויערן פון ירושלים און לאָזט אַנט־קעגן די גרויסע שטיינער, וואָס די רוימער שיסן אויף אים. ער כאַפּט זיי אין דער האַנט און וואַרפט זיי צוריק.

— רבי, איך האָב דיר געבראַכט אַ מתנה, — זאָגט פאַרשעמט דער גלילי און נעמט אַרויס אַ קריגל בוימל, — זאָלסט האָבן ליכט צום לערנען. איך האָב מיט זיך נאָך, נעם דאָס קריגעלע!

רבי שמעון קושט אים און זאָגט: „אַ דאַנק, נו, גיי שוין, מײַן קינד“.

דער גלילי איז אַרויסגעגאַנגען צופרידן און גליקלעך. ער האָט פאַרן געלט פון זײַן אַרבעט געקויפט עטלעכע קריגלעך בוימל. ער וועט זיי אַלע געבן דעם רבין. מיט אַ מאָל הערט ער אַ פאַרדעכטיקן שאָרך הינטער זיך. ער האָט תיכּף פאַרשטאַנען, וואָס דאָ קומט פאָר און איז אָפּגעלאָפן אויף אַ זײַט צו פאַרפירן זײַנע פאַרפאָלגער.

און פּלוצלינג לייגן זיך אַרויף אויף זײַן אַקסל הענט, ווי אײַזערנע צוואַנ־גען, און אַ הילכיקער געלעכטער ברעכט אויס:

— כאַ־כאַ־כאַ! מיר האָבן דיך סוף סוף געפּאַקט, ייִדעלע! פון וואַנען ביסטו אַרויס?

— אַהאַ, — טראַכט דער גלילי מיט שׂמחה, — זיי האָבן מיך נישט גע־זען אַרויסגיין, דאָס איז גוט.

אַן אָפיציר גייט צו צו אים:

— דו געפעלסט מיר, בחורל! האָסט גלאַנציקע אויגן, אַ גלײַכן קער־פּער און אַ לייבנקאָפּ. הער זיך אײַן, אויב דו וועסט מיך צופירן צו דער הייל, וווּ ס'איז באַהאַלטן דער ייִדישער רעבעל, וועל איך זיך באַמיִען, דו זאָלסט ווערן אַ רוימער. און קיין זאַך וועט דיר נישט פעלן.

דער גלילי האָט אויפגעהויבן די אויגן. אויף די בערגשפּיצן האָבן גע־טליִעט אומצײַליקע פײַערן. ס'האָבן זיך געהערט געשרייען פון מידע רוימי־שע סאָלדאַטן, וואָס לויפן און לויפן און געפינען גאָרנישט, און ער האָט אַלץ פאַרשטאַנען. שנעל האָט ער געטראַכט און זיך אַנטשלאָסן:

— גוט, גייט מיר נאָך!

די רוימער זײַנען נאָכגעגאַנגען באַרג־אַרויף, באַרג־אַראָפּ אַלץ ווײַטער און ווײַטער פון הייל. די זאַך איז געוואָרן אויפפאַלנדיק (18).

— העי, וווּ פירסטו אונדז? געדענק, אויב דו ווילסט זיך אויסלאַכן פון אונדז, ווי די פײַער־צינדער, וועסטו באַצאָלן מיטן לעבן.

---

17. אויספירן, דערגרייכן. 18. sospechoso.

דער גלילי האָט נישט געענטפערט, ער איז אַרויפגעקראָכן אויף אַ הויכן באַרג.

דער אָפיציר שרײַט אוים:

— שטיין בלייבן! מאַכט פײַער, איך וויל באַטראַכטן דאָס קינד און די געגנט.

ווען דאָס פײַער איז אָנגעצונדן געוואָרן, זענען די רוימער פאַרציטערט געוואָרן. דאָס פּנים פון קינד איז געווען הארט און קאַלט. ווי די אַרומיקע פעלדזן, און זײַנע צוויי אויגן — ווי צוויי אָנגעגליטע שפּיזן — האָבן געקוקט מיט שׂינאה און אין זיי האָט געטאַנצט אַ זיגערישער שמייכל.

דער אָפיציר ווענדט זיך צו אים:

— געדענק, כ'האָב דיר אָנגעזאָגט, קוים וועסטו אונדז פאַרפירן, וועלן מיר דיך מאַכן ריידן אויף כּוח.

דאַן האָט דער גלילי אים רויִק געענטפערט:

— ווילדע רוימער! איך לאַך פון אײַך און פאַראַכט (19) אײַך. וואָס קענט איר טאָן, מיט אײַער גאַנצן געווער. אַ ייִדיש קינד, וואָס טראָגט אַ קריגל בוימל!

דער אָפיציר האָט אויסגעשריען:

— גיסט אים אָפּ מיטן בוימל, צינדט אים אונטער לעבעדיקערהייט. מיר וועלן זען, וואָס וועט ער זאָגן, ווען דאָס פײַער וועט פאַרצערן זיין גוף.

די סאָלדאַטן האָבן אַרויסגעריסן פון קינד דאָס קריגל בוימל, אים באַגאָסן אויף זײַן שיינעם קאָפּ און צוגעבראַכט דאָס פײַער צו די באָרוועסע פיסלעך. דאָס פײַער האָט שנעל אַרומגעכאַפּט זײַנע פאַרפעטססטע בגדים, און דער גלילי האָט אויסגעזען ווי אַ זײַל (20) פון פײַער, וואָס באַלײַכט די פינצטערניש. דער רוימער האָט געזעוועט:

— רייד, פאַרשאָלטענער ייִד, זאָג שנעל. וווּ איז די הייל פון ר' שמעון בר יוחאי!

אין פײַער האָט זיך געהערט די רויִקע שטים פון גלילי, ווי אַ פידל וואָלט זיך צעשפּילט איבער די בערג און טאָלן ביז צו דער פאַרבאָרגענער הייל:

— פאַרשאָלטן זאָלסטו זײַן אויף אייביק, רוים. פאַרשאָלטן דײַנע קינדער און קינדס-קינדער! איר וועט קיין מאָל נישט קענען אומברענגען דאָס פאָלק ישׂראל. רבי שמעון בר יוחאי לעבט און ו ו ע ט ל ע ב ן !

ר' שמעון און זײַן זון אלעזר זענען געשטאַנען בײַם אַרײַנגאַנג פון דער הייל, געזען דעם פײַערזייל, און זייערע טרערן זענען אַראָפּגעפאַלן אויפן טרוקענעם באָדן.

---

19. desprecio. 20. קאָלומנע.

אויף דעם פּלאַץ האָבן שפּעטער אויפגעשפּראָצט רויטע בלומען, וואָס זעען אויס ווי פייער. דאָס זיינען די באַרימטע פייערבלומען (נורית), וואָס באַדעקן די בערג פון גליל ביז היינט צו טאָג.

און די קינדער אין ארץ־ישׂראל געדענקען דאָס העלדישע קינד און אין טאָג פון ל"ג בעומר מאַכן זיי גרויסע פייערן אין אָנדענק פון רבי שמעון בר יוחאי און די העלדישע יידישע קינדער.



| זינאַ ראַבינאָוויטש | סעדיה איז אַהיימגעקומען<br>אויף שבֿועות |
|---|---|

נישט געווען קיין איין מענטש אין דער גאַרער תימנער שכונה פון ירושלים, וואָס האָט נישט געזאָרגט וועגן סעדיהן אין יענע ערבֿ־שבֿועות־טעג: ווי אַזוי וועט סעדיה פּראַווען די ערשטע נאַכט פון ליבן יום־טובֿ איינער אַליין, אינעם אָפּגעזונדערטן צימערל פון שפּיטאָל, ווי עס היטן אים ענגלישע סאָלדאַטן, באַוואָפנטע מיט ביקסן?

סעדיהס טאַטע־מאַמע האָבן טאַקע געבראַכט אין שפּיטאָל דעם „תּי־קון“ (1) פאַר שבֿועות. סעדיה זאָל אַרײַנקוקן אין אים און נאָך אַ מאָל אי־בערלייענען די קאַפּיטלען, וועלכע די תּימנער ייִדן לייענען אין דער ערשטער נאַכט פון שבֿועות. אָבער פאַר וועמען וועט סעדיה לייענען דעם „תּיקון“ ליגנדיק אין שפּיטאָל? פאַר זיך אַליין? צי פאַר די ענגלישע וועכטער, וועל־כע היטן אים טאָג און נאַכט ער זאָל נישט אַנטלויפן פון דאָרט?

„אָבער ווי אַזוי קאָן ער אַנטלויפן פון דאָרט? — פרעגן די תּימנער ייִדן סעדיהס טאַטע־מאַמע, ווען זיי דערציילן, ווי עס זיצן בײַם סאַמע אַרײַנ־גאַנג אין שפּיטאָל צוויי סאָלדאַטן און בײַ דער טיר פון זײַן צימער נאָך צוויי סאָלדאַטן.

„ער הינקט דאָך נאָך אַלץ אויפן פוס. וואָס איז פאַרוווּנדעט געוואָרן פון אַן ענגלישער קויל אין יענעם בײַנאַכט?“...

וועגן יענער קויל האַלט מען אין איין רעדן צווישן די תּימנער, ווײַל ביז יענער נאַכט פלעגט סעדיה שטענדיק אַנטלויפן פון די ענגלענדער, און די ענגלישע סאָלדאַטן פלעגן זיך קראַצן אין קאָפּ, טראַכטנדיק אין אַ וואָסער זײַט זאָלן זיי אים נאָכלויפן.

אָבער סעדיה פלעגט זיי אויסמײַדן, און נישט נאָר ער. נאָר אויך די בחורים און מיידלעך, וואָס ער פלעגט ספּעציעל פירן איבער די גאַסן פון ירושלים שפּעט בײַ נאַכט און מיט זיי זינגען אויף אַ קול ייִדישע לידער, דעם ענגלענדער אויף צו להכעיס (2).

זײַן טאַטע און אַנדערע ייִדן פון דער תּימנער שכונה האָבן סעדיהן נישט איין מאָל געוואָרנט (3), אַז סוף־כּל־סוף וועלן אים די ענגלענדער כאַפּן, אָבער סעדיה פלעגט זיי נישט לאָזן לאַנג רעדן. זײַן ענטפער האָט ער שטענ־דיק געהאַט גרייט אויף זײַנע ליפּן: „איך פרעג אײַך — איז ירושלים דעם ענגלענדערס שטאָט צי אונדזער הייליקע שטאָט?“ „אַוודאי איז ירושלים אונדזער הייליקע שטאָט, סעדיה!“ „טאַ זאָגט מיר, פאַרוואָס זשע פירט זיך דער ענגלענדער אין ירושלים, גלײַך ווי ער איז בײַ זיך אין דער היים? פאַר וואָס הייסט ער צומאַכן ייִדישע געשעפטן אין מיטן העלן טאָג? פאַר־וואָס גיט ער אַרויס אַ באַפעל, אַז מיר זאָלן זיצן אין די הײַזער פון זעקס דעם זייגער פאַרנאַכט? אויב מיר, די יונגע, וועלן דעם ענגלענדער נישט אַנלערנען, אויב מיר וועלן נישט אַרויסגיין אין די גאַסן אין מיטן דער נאַכט און טאַקע מיט געזאַנג, אים ווײַזן אַז מיר שרעקן זיך נישט פאַר אים, ווער וועט עס טאָן?“

וואָס האָבן די תּימנער געקענט ענטפערן סעדיהן אויף דער פראַגע אחוץ שאָקלען מיט די קעפּ?

---

1. פראַגמענטן פון תּנ״ך און תּלמוד, וואָס מע זאָגט שבֿועות. 2. ספּעציעל, מיט אַ כּיוון. 3. אָנגעזאָגט פריִער.

און סעדיה פלעגט ברעכן דעם ענגלישן באַפעל צו זיצן אײַנגעשפּאַרט אין הויז, און זײַנע חבֿרים האָבן אים מיטגעהאָלפן. זייערע געזאַנגען פלעגן זיך טראָגן פון איין ירושלימער גאַס אין אַ צווייטער, ביז וואַנען אַן ענגלישע קויל האָט אים געטראָפן אין פּוס. סעדיה האָט נאָר באַוויזן צו באַפעלן זײַנע חבֿרים, אַז זיי זאָלן זיך צעלויפן, ער אַליין איז נאָך די ערשטע פּאָר טריט אַנידערגעפאַלן... די ענגלענדער האָבן זיך דערפרייט מיט אים און גלײַך פאַרפירט אין שפּיטאָל. פון יענער נאַכט אָן היטן סעדיהן פיר וועכטער, צוויי ביי דער טיר פון צימערל, וווּ ער ליגט, און צוויי בײַ די טרעפּ פונעם אַרײַנגאַנג אין שפּיטאָל.

איז אַ וווּנדער וואָס די גאַנצע תּימנער שכונה איז אַזוי אומעטיק געווען אין יענע טעג פון ערבֿ שבֿועות? מע האָט טאַקע געפּוצט די הײַזער פון דרויסן און פון אינעווייניק לכּבֿוד דעם יום־טובֿ פון דער תּורה — שבֿועות; מע האָט שוין געבראַכט גרינע צווײַגן און מיט זיי באַפּוצט דאָס שולכל; מע האָט שוין אויסגעשפּרייט די נײַ־אויסגעפלאָכטענע טעפּעכער (4) אויפן דיל פון שולכל, אָבער יעדן איינעמס געדאַנקען זײַנען געווען אין שפּיטאָל, וווּ עס ליגט איינער אַליין סעדיה... טאַטע־מאַמע האָבן טאַקע געבראַכט אין שפּיטאָל אַרײַן דעם „תּיקון“, אָבער פאַר וועמען וועט סעדיה אים לייענען הײַנטיקס יאָר?

סעדיה האָט טאַקע אײַנגערוימט זײַן טאַטן אין אויער, אַז ער וועט אויך הײַנטיקס יאָר, ווי יעדן יאָר פון זינט ער איז געוואָרן בר־מצוה, פירלייענען דעם „תּיקון““ אין שול. אָבער קיינער האָט עס נישט געגלייבט — ווי קאָן אַ הינקענדיקער (5) אַנטלויפן פונעם שפּיטאָל? ווי קאָן ער אויסמײַדן די פיר וועכטער? סײַדן עס זאָל געשען אַ נס.

די תּימנער פון דער שכונה קנייטשן זייערע שטערנס, זיי ווייסן נישט אויף וואָס זיי זאָלן בעטן גאָט. זאָלן זיי בעטן דעם אייבערשטן, אַז עס זאָל געשען אַ נס און סעדיה זאָל פּלוצעם געזונט ווערן? וועלן דען די ענגלענדער אים פרײַ לאָזן, ער זאָל קאָנען זיך אומקערן צו זײַן שכונה, צו זײַנע טאַטע־מאַמע, צו זײַן שולכל, וווּ ער איז דער בעסטער פירלייענער?

אַלע תּימנער אויגן הייבן אָן צו שײַנען, ווען זיי דערמאָנען זיך אָן סעדיהס זיסן קול, אין זײַן סאַמעטענער (6) שטים, מיט וועלכער ער זינגט אויס יעדן פּסוק פון דעם „תּיקון“.

אָבער פּלוצעם ווערן די תּימנער אויגן טונקל און אומעטיק, אַ טרויער ציט זיך אויס איבער זייערע פּנימער. צוליב וואָס זיך נאַריש מאַכן? דער ענגלענדער וועט נישט אַרויסלאָזן סעדיהן. אויב ער וועט געזונט ווערן ביז שבֿועות, וועלן זיי אים אַרויספירן פון שפּיטאָל מיט אַ גרויסער וואַך און אים פאַרפירן אין תּפֿיסה, וווּ ער וועט אָפּזיצן ווער ווייס ווי לאַנג.

---

4. alfombras. 5. וואָס קאָן נישט גיין. 6. de terciopelo.

„אַך סעדיה! סעדיה! ווי אַזוי ברענגט מען אַרונטער סעדיהן? — זיפצן אַלע. „סעדיה, מײַן זון, קום אַהיים צו דײַן אָרעמער מאַמען!“—האָט זיך באַגאָסן מיט טרערן זײַן מוטער, און מיט איר האָבן מיטגעוויינט די שכנים, וואָס זיינען געקומען צו סעדיהס עלטערן, צו גיין מיט זיי צוזאַמען אין שולכל אַרײַן.

און פּלוצעם, אין מיטן געוויין, האָט זיך געעפֿנט די טיר און ס'האָט זיך באַוויזן סעדיה אָנגעטאָן אין שפּיטאָל־קליידער, אין גאַנצן אין ווײַסן...

קאָנט איר זיך פֿאָרשטעלן, ווי איבערראַשט אַלע זײַנען געוואָרן, אָבער סעדיה האָט באַלד צוגעלייגט זײַן פֿינגער צו זײַנע ליפּן, וואָס האָט געהייסן אַז מע דאַרף שווײַגן.

ווען עס איז געוואָרן טויט־שטיל, האָט סעדיה געהייסן זײַן מאַמען אים געבן דעם זיידנס אָנצוג און גאַרטל, זײַן הוט און זײַנע ברילן, און די באָרד, וואָס ער האָט געטראָגן אויפֿן פּנים פּורים צום מאַסקאַראַד, און אײַדער וואָס־ווען האָט ער שוין געהאַט טיפע קנייטשן (7) אויפֿן פּנים און אויף זײַנע הענט. און אָט גייט ער שוין אַרײַן אין שולכל, זיך אָנשפּאַרנדיק אויפֿן אַלטן שטעקן, וואָס דער זיידע עליו השלום האָט אַליין געבראַכט פֿון תּימן. די איבערראַשונג (8), וואָס איז געשאַפֿן געוואָרן אין שולכל, ווען מען האָט פּלוצעם דערזען דעם שוין לאַנג פֿאַרשטאָרבענעם זיידן, האָט סעדיה אָפּגעשטעלט מיט איין ווינק פֿון זײַנע קלוגע אויגן, אַרונטערנעמענדיק אויף אַ מינוט דעם זיידנס ברילן. מע האָט באַלד געמאַכט פֿאַר אים אַן אָרט און עס האָט זיך צעגאָסן אין אַלע עקן פֿון דער שכונה זײַן זיסע שטים, מיט וועלכער ער האָט געלייענט דעם „תּיקון“ פֿון שבֿועות.

עס האָט לאַנג נישט געדויערט און די ענגלישע סאָלדאַטן האָבן אַרומגערינגלט די תּימנער שכונה און אָנגעהויבן זוכן אין די הײַזער. צום סאַמע סוף זײַנען זיי אַרײַן אין שולכל. ווו די תּימנער האָבן נאָכגעזאָגט וואָרט נאָך וואָרט דעם „תּיקון“ פֿון שבֿועות, וואָס סעדיה האָט פֿירגעלייענט פֿאַר זיי. קיינער האָט נישט אויפֿגעהערט צו „זאָגן“, ווען די סאָלדאַטן האָבן זיך אַנײַנגעקוקט אין יעדן איינעמס פּנים. קיינער האָט נישט איבערגעריסן דאָס לייענען דעם „תּיקון“, אַפֿילו ווען די ענגלענדער זײַנען שוין געווען ווײַט פֿון דער שכונה, זוכנדיק דעם אַנטלאָפֿענעם אין אַלע עקן שטאָט...

אויף מאָרגן נאָך שבֿועות האָבן סעדיהס טאַטע־מאַמע אַרויסבאַגלייט דעם אַלטן הינקענדיקן זיידן צום אויטאָבוס, וואָס האָט אים אָפּגעפֿירט קיין תּל־אבֿיבֿ...

און ביז הײַנט צו טאָג, ווען מע הייבט זיך אָן גרייטן אין דער תּימנער שכונה פֿון ירושלים צום ליבן יום־טובֿ שבֿועות און מע נעמט אַרויס פֿון באַהעלטעניש דעם אַלטן „תּיקון“, דערמאָנט מען זיך, אין פֿריידן, אין יענער שבֿועות־נאַכט, ווען סעדיה איז, ווי דורך אַ נס, אַרײַנגעקומען אין שולכל.

---

7. arrugas. 8. גרויסער וווּנדער.

און ווען יונג און אַלט רינגלען אַרום סעדיהן און דערמאַנען אים אין זײַן גבֿורה, שמייכלט ער און זאָגט צו זיי: „האָב איך דען געקענט טאָן אַנ־דערש? איך האָב דאָך צוגעזאָגט דעם טאַטן, אַז איך וועל אַהיימקומען אויף שבֿועות! האָב איך געמוזט האַלטן וואָרט!“

מאַשע ש. פּאַיוק

## שבֿועות

שבֿועות, דער יום־טובֿ פון ערד און פון מענטשן
מיר זינגען צו דיר אונדזער ליוב און מיר בענטשן!
מיט גרינס, פרוכט און בלומען
פון אַלע אַרומען
דיך פֿײַערן קומען מיר. קומען, מיר קומען!

אָ, זעט, ווי די אויגן מיט פרייד זיך צעגלאַנצן!
פון פרישינקע בלומען מיר פלעכטן אוים קראַנצן,
די קעפּ מיר באַצירן
און פריילעך מאַרשירן
נאָך פלאַטער פון פאָנען, וואָס פירן אונדז, פירן.

העל קלינגענדע בשורות אויף ליפּן אונדז בליִען,
מיט קוישן באַלאָדן מיר ציִען, מיר ציִען
אויף אַלערליי וועגן
דעם יום־טובֿ אַנטקעגן, —
ביכּורים מיר טראָגן, מיר טראָגן, מיר טראָגן.

ביכּורים פאַר אונדזערע שוועסטער און ברידער,
מיט מונטערע טריט און מיט שאַלנדע לידער,
מיט גרינס, פרוכט און בלומען
פון אַלע אַרומען,
מיר קומען, מיר קומען, מיר קומען!...



לעווין קיפּניס

# הערצלס טענענבוים

הערצל איז געווען אַ שיינער, שלאַנקער (1) מאַן. זײַן פּנים האָט געלויכטן מיט גוטסקייט, און זײַנע אויגן האָבן געשײַנט מיט פרײַנדשאַפט.

ווען הערצל איז געקומען קיין ארץ־ישׂראל, האָט ער געראַיזט (2) איבערן לאַנד, אויסגעקוקט ווי אַ שטאָט, ווי אַ דאָרף, ווי אַ טייך, ווי אַ קוואַל, ווי אַ באַרג, ווי אַ טאָל — און איז אָנגעקומען ביז צו אַ באַרג נישט ווײַט פון ירושלים.



ס'איז געווען זייער אַ וואַרעמער טאָג: די זון האָט געפלאַקערט. אַ הייסער ווינט האָט געבראָטן דאָס פּנים און אויפגעהויבן אַ שטויב ביז אין דער הויך.

שפּאַנט הערצל אַרויף אויפן באַרג און שטעלט זיך אַוועק קוקן אַרום און אַרום.

---

1. גראַציעזער. 2. אַרומגעפאָרן.

זעט ער נאָר הויכע בערג און בערגעלעך, גרויסע פעלדזן (3) און פיל שטיינער. די בערג זענען נאַקעט, די פעלדזן זענען הויל (4). קיין גראָז שפּראָצט נישט, קיין בלום בליט נישט, אויך קיין בוים איז נישטאָ — וויסט און פּוסט דער גאַנצער געגנט.

נעמט הערצל און פּלאַנצט אַ טענענבוים (5). אויפן שפּיץ באַרג האָט ער אים געפּלאַנצט און טראַכט דערבײַ:

„ווען יעדער איינער וועט פּלאַנצן אַ בוים, וועלן אַלע בערג באַדעקט ווערן מיט ביימער, פיל ביימער — אַ גרויסער וואַלד“.

טעג און יאָרן זענען אַריבער. נישט פיל ייִדן זענען געקומען קיין ארץ־ישׂראל און זייער ווייניק ביימער האָט מען געפּלאַנצט. די וויסטע בערג זע־נען געבליבן נאַקעט און די פּוסטע פעלדזן הויל.

אָבער הערצלס טענענבוים אויפן שפּיץ באַרג — דער ווינטער־רעגן האָט אים געשפּײַזט, דער זומערטוי (6) האָט אים דערקוויקט (7) און די גוטע זון האָט אים מיט שטראַלן באַשאָטן — אַזוי איז ער אויסגעוואַקסן שלאַנק און שיין, ווי דער מאַן וואָס האָט אים געפּלאַנצט. זײַנע פרישע צווײַגן האָט ער אויפגעהויבן צום הימל און אַ ברייטן שאָטן פאַרשפּרייט אויף דער ערד.

זענען געקומען פייגעלעך און האָבן געבויט נעסטן צווישן זײַנע צווײַגן און געזונגען פריילעך.

און ייִנגלעך מיט מיידלעך, שפּאַצירנדיק אויף די בערג, זענען געקומען, אַרומגערינגלט דעם בוים און דערציילט לעגענדעס וועגן הערצלען, וועגן דעם וווּנדערלעכן מאַן, וואָס האָט דעם טענענבוים געפּלאַנצט.

און אין איין טרויעריקן מאָרגן האָט מען זיך דערוווּסט: „מ'האָט אָפּ־געשניטן דעם טענענבוים!“...

אַ בייזע האַנט האָט אים אָפּגעהאַקט מיט אַ האַק און אומגעוואָרפן אויף דער ערד...

פייגעלעך פּישטשען ביטער, באַוויינען דעם טענענבוים, באַקלאָגן זייע־רע צעשטערטע נעסטן...

בינען און שמעטערלינגען (8) פלאַטערן אומעטיק און פליִען ווייטער...

זענען געקומען ייִנגלעך און מיידלעך — טרערן האָבן זיך באַוויזן אין זייערע אויגן, און זיי האָבן געשוואָרן:

„איין טענענבוים איז אָפּגעשניטן — פיל טענענביימער וועלן מיר פּלאַנצן!“

אַ שטאַרק פינצטערע נאַכט איז דעמאָלט געווען; אַ קאַלטער ווינט האָט געבלאָזן... אין מיטן דער נאַכט זענען געקומען ייִדישע יונגעלײַט, זיי האָבן אָנגעלאָדן דעם אָפּגעשניטענעם בוים אויף זייערע אַקסלען און אים געטראָגן אַ לאַנגן וועג און געבראַכט קיין ירושלים.

---

3. שטיינער. 4. נאַקעט. 5. 6. טוי — rocío 7. דאָ: געשפּײַזט.
8. פלאַטערלעך. 9.

דאָרט האָבן זיי אָפּגעזעגט זײַנע צווײַגן אַרום און אַרום און געמאַכט פון אים אַ הויכן שיינעם שטאַנג און אויף זײַן שפּיץ האָבן זיי אַרויפגעצויגן די ייִדישע בלוי־ווײַסע פאָן אין דעם טאָג, ווען מע האָט געפּײַערט די גרינדונג פון דעם ארץ־ישׂראלדיקן אוניווערזיטעט אויפן הר־הצופים אין ירושלים.

שמעון פרוג

# יזכּור

(צו הערצלס יאָרצײַט)

מיט בלייכן שײַן צאַנקט(1) אויף דאָס יאָרצײַט־פײַער,
און עלנט קלינגט דאָס שטילע יזכּור־ליד, —
אַ זיסער שלאָף דיר, איינציקער, געטרײַער,
דיר, אונדזער גרויסער מענטש און גרויסער ייִד!

נאָך פרילינגלופט, נאָך פרילינגזון און רעגן
האָט אונדזער וויסט און טרוקן פעלד געבענקט —
דו האָסט די פולע שנייען פון די וועגן,
דעם שימל פון די הערצער אָפּגעשווענקט (2),

די האָפענונג אונדז די ליכטיקע, די זיסע,
באַלעבט, דערפרישט, באַלויכטן און באַנײַט, —
פרײַ עפענען די טיר פון אונדזער תּפיסה
איז נישט געקומען נאָך די רעכטע צײַט...

האָסט אין דער וואַנט אונדז דורכגעהאַקט אַ פענצטער
צום בלויען הימל, פעלד און טײַך און באַרג,
באַוויזן אונדז, פאַרשקלאַפטע, אַז דער קלענסטער
קאָן ווערן גרויס, דער שוואַכסטער — דרײַסט און שטאַרק.

קומט, יונגע לעבנס! קומט מיט נײַע קרעפטן (3),
מיט שטאַרקע אָרעמס און מיט הייסן בלוט,
מיט קאָרנגאָלד די אַקערס (4) צו באַהעפטן (5),
מיט ליכט און גליק דאָס אַלטע פאַטערגוט (6)!

---

1. שײַנט שוואַך, ווי בײַם אויסגיין. 2. אָפּגעוואַשן. 3. כּוחות. 4. דאָ: די צעאַקערטע פעלדער. 5. פאַראייניקן. 6. פאַטערלאַנד.

גענױסנדיק אין אַרבעט און אין פּרײַהײט,
אין פרידן אײַער אײגן שטיקל ברױט.
מיט שטאָלץ און מוט, מיט ליבע און מיט טרײַהײַט
באַקראַנצט (7) זײַן לעבן און באַװײנט זײַן טױט!

די װאָלקנס שװעבן, און די װינטן טראָגן
צום אַלטן ירדן זײַן באַליבט געשטאַלט,
די גלות־װעלדער קדיש־יתום זאָגן
און "אָמן" ענטפערט זיי דער הערצל־װאַלד...

7. דאָ: באַשײנט, װי מיט אַ קראַנץ.




מענדעלע


שלום-עליכם


י.ל. פרץ





מ. ראָזענפעלד


ש. פרוג


ה. לייוויק





א. רייזען


יאָפּאַטאָשו


ש. אַש


ח.נ. ביאַליק


מאַני לייב

# יצחק־לייבוש פרץ

## קורצע ביאָגראַפּיע



יצחק־לייבוש פרץ איז געבוירן געוואָרן אין דער פּוילישער שטאָט זאַמאָשטש, דעם 18טן מאַי 1852 יאָר, אין אַ פאַרמעגלעך באַלעבאַטי־שער משפּחה, וואָס האָט געשטאַל־צירט מיט אַ גרויסן יִחוּס. אין דער פּרץ־משפּחה זײַנען געווען גרויסע רבנים און אויך גרויסע סוחרים, וואָס פלעגן האַנדלען מיט אויס־לאַנד. דערפון נעמט זיך, וואָס פּרץ האָט אין זײַן היים אײַנגעזאַפּט שוין פון דער קינדהײַט געוויסע פאָרמעס פון אייראָפּעיִשער וועלט־לעכקייט צוגלײַך מיט דער טראַדי־ציאָנעלער פרומקייט. פּרצעס פאָ־טער יהודה איז געווען אַ פרומער ייִד, אָבער נישט קיין פאַנאַטיקער אין זײַן פירונג. ער איז געווען זייער חשובֿ און באַליבט אין זאַמאָשטש אַלס אַ מענטש, וואָס איז שטענדיק גרייט צו העלפן אַ צווייטן. ער האָט זיך זייער אַ סך אָפּגעגעבן מיט שטיצן אָרעמעלײַט, כאָטש ער איז נישט געווען רײַך אין די לעצטע יאָרן.

דער קליינער יצחק־לייבוש האָט זיך זייער פרי אַרויסגעוויזן פאַר אַ געראָטן, פעיִק ייִנגל מיט חשק צום לערנען. צו דרײַ יאָר, ווען ער האָט נאָך אַפילו נישט געקענט גוט רעדן, האָט מען אים שוין אָפּגעגעבן אין חדר לערנען חומש, און צו זעקס יאָר האָט ער שוין געלערנט גמרא. פאַר־שטייט זיך, דער חדר און די מלמדים מיט דער גאַנצער לערע האָט נישט געקענט פאַרכאַפּן אין גאַנצן די נשמה פון אַזאַ יונג קינד. בפרט אַז ער איז

געווען זייער אַ שטיפעררישער, פול מיט אימפּעט און לעבנסלוסט, און נאָך מער מיט קינדישע פאַנטאַזיעס און טרוימען.

פּרצעס פאָטער האָט געלאָזט לערנען זיין געראָטענעם יינגל, אַחוץ רעליגיעזע לימודים, אויך וועלטלעכע און שפּראַכן: העברעיִש, רוסיש, דייטש. שפּעטער האָט זיך פּרץ אַליין אויסגעלערנט אויך פּויליש. פון קינדווייז אויף האָט יצחק-לייבוש אַרויסגעוויזן אַ גרויסע וויסן-גיריקייט און אַ גע־וואלדיקן דורשט צום לייענען. צוערשט האָט ער מיט נייגיר געלייענט אַלץ, וואָס ס'איז געווען צו קריגן אין דער היים און אין בית המדרש, ווו ער האָט שפּעטער אַליין געלערנט. אַ באַזונדערן איינדרוק האָבן אויף פּרצן דעמלט געמאַכט די ווערק פון מיטלאַלטערלעכן יידישן פילאָזאָף און גע־לערנטן רמב"ם.

אַ סך פון די געלייענטע ביכער רופן אַרויס ביי פּרצן פאַרשיידענע ספקות. ער זוכט אומרויִק און איינגעשפּאַרט אַן ענטפער אויף די אומקלאָר־קייטן און פראַגעס, וואָס מאַטערן זיין פאַרשטאַנד און געפיל. ער זוכט נאָך ביכער, אַנדערע ביכער. אַ גליקלעכער צופאַל פירט אים צונויף מיט אַ גע־וויסן מיכל פידלער, אַ מוזיקער און, ווי ס'ווייזט זיך אַרויס, אַ געבילדעטן און באַלעזענעם מענטשן. דעם דאָזיקן מיכל פּירלער איז דער יונגער וויסנדורשטיקער און פעיִקער בחור זייער געפעלן געוואָרן, און ער געטרויט אים דעם שליסל פון זיין גרויסער ביבליאָטעק, וואָס ער האָט פאַרמאָגט, און אין וועלכער ס'האָט זיך געפונען פאַר פּרצן ממש אַן אוצר פון ביכער אין פאַרשיידענע שפּראַכן. איינס נאָכן אַנדערן, אָן סיסטעם און נישט איבערקלייבנדיק, שלינגט פּרץ די ביכער: פּאָעזיע און פּראָזע, ראָמאַנען און רייזע־באַשרייבונגען, ווערק וועגן נאַטור־וויסנשאַפט און געזעלשאַפט־לעכע פראַגן, פיזיק און געשיכטע. כדי צו פאַרשטיין די פראַנצויזישע בי־כער לערנט זיך פּרץ אויס אין אַ פּאָר וואָכן אַ גאַנצן ווערטערבוך אויף אויסנווייניק.

נישט אַלץ האָט דער יונגער לייענער פּרץ פאַרשטאַנען פון די דאָזי־קע ביכער, און נישט אויף אַלע זיינע שאלות האָט ער אַ תשובֿה געפונען. אָבער דאָך איז עס געווען גענוג, ער זאָל פאַרשטיין, אַז ווייטער לעבן אין זיין וועלטל קאָן ער שוין נישט, ער זאָל דערזען דאָס לעבן מיט גאָר אַנדערע אויגן, עס זאָל אים מיט אַ געוואַלטיקן כּוח אַ ציי טאָן צו דער וועלט.

פּרץ וויל אַוועקפאָרן זיך לערנען, אָבער זיין מוטער, וועלכע ער האָט זייער ליב געהאַט, שטעלט זיך שטאַרק אַנטקעגן, און ער בלייבט אין זאַ־מאָשטש. און גאָר אין גיכן האָט מען פּרצן חתונה געמאַכט, אָן זיין וויסן און ווילן — ווי דער שטייגער איז דעמלט געווען ביי יידן.

די ערשטע עטלעכע יאָר נאָך דער חתונה (1870) וווינט פּרץ אין צוויזמער (סאַנדאָמיעזש), ווו ער האָט געפירט אַ ברוויז. אָבער פּרץ איז נישט קיין מענטש פון מסחר, און די געשעפטן זיינע ליגן אים נישט אין קאָפּ. נאָך אין זאַמאָשטש האָט ער שוין אָנגעהויבן צו שרייבן לידער, העברעיִשע

און ייִדישע. איצט האָט ער זיך נאָך מיט מער חשק גענומען צו ליטעראַ־רישער שאַפונג.

פּרצעס האַנדלס־געשעפטן הייבן אָן גיין שלעכט, ביז וואַנען ער ווערט אינגאַנצן רויִנירט און ער מוז פון צוויזמער אַוועקפאָרן.

אין 1877 קערט זיך פּרץ אום צוריק קיין זאַמאָשטש. דעמלט גרייט זיך פּרץ צו אַליין, האַלט אָן עקזאַמען ־און זאַמאָשטשער געריכט פאַר אַן אַדוואָקאַט. מיט דער אַדוואָקאַטור פאַרנעמט זיך פּרץ אין משך פון 10 יאָר און ער ווערט גוט באַקאַנט אין שטאָט.

די דאָזיקע אַרבעט האָט אָבער נישט געשטילט זײַן שטרעבונג צו ליטעראַטור. ער שרײַבט אַ סך סײַ אין העברעיִש, סײַ אין ייִדיש. זײַנע ייִדישע לידער, וואָס שילדערן אין אַ בײַסיקן, שאַרפן טאָן די אָרטיקע כּלל־טוער, זײַנען געווען זייער פּאָפּולער אין שטאָט און זײַנען אַפילו גע־זונגען געוואָרן פון עולם.

אָבער נישט נאָר אויף אַזאַ אופן האָט זיך שוין דאַן אַרויסגעוויזן פּרצעס ליבע צום פאָלקסמענטש און זײַן שטרעבונג צוניץ קומען דעם פאָלק. שוין דעמלט האָט זיך פּרץ אויסגעדריקט:

„נאָר דאָס אָרעמע פאָלק, די אַרבעטער־מאַסע, דאָס איז אַ פעלד צו אַרבעטן, דאָס איז אָן אומגליקלעך פאָלק, אָבער אַ פּעיִקס. דאָ געפינט זיך פיל אידעאַליזם, נאָר מען דאַרף זיי בילדן, מע דאַרף צו זיי רעדן אין זייער לשון, אויפוועקן זייערע געדאַנקען. דערפאַר שרײַב איך איצט אין מאַמע־לשון. איך וועל שאַפן אַ ייִדישע ליטעראַטור, רעדן און שרײַבן צום פאָלק אויף זײַן שפּראַך".

פּרץ אָרגאַניזירט, צוזאַמען מיט אַ גרופּע פרײַנד, אָוונט־קורסן פאַר אַרבעטער. מע לערנט זיי לייענען, שרײַבן, רעכענען, אחוץ דעם ווערן גע־האַלטן פאַרלעזונגען אויף פאַרשיידענע טעמעס. פּרצעס אַרויסטרעטונגען פאַר די אַרבעטער און די אָוונט־קורסן בכלל זײַנען געוואָרן זייער פּאָפּו־לער, און דעריבער האָבן די רעדלפירערס פון שטאָט אָנגעהויבן אַ קאַמף, און אַ דאַנק זייערע מסירות צו דער צאַרישער מאכט האָט מען די קורסן פאַרמאַכט. אויף פּרצן האָט מען אויך אָנגעהויבן קוקן קרום און סוף־כּל־סוף צוגענומען בײַ אים דאָס רעכט זיך צו פאַרנעמען מיט אַדוואָקאַטור. פּרץ פאָרט אַריבער (1889) קיין וואַרשע, שוין אויף שטענדיק.

אין 1888 שרײַבט ער זיך צונויף מיט שלום־עליכמען. ווען ער הערט, אַז שלום־עליכם גייט אַרויסגעבן זײַנע זאַמלביכער „ייִדישע פאָלקס־ביבליאָ־טעק", לייגט פּרץ פאַר זײַן מיטאַרבעט און שיקט אים די פּאָעמע „מאָניש".

דאָס דערשײַנען פון „מאָניש" אין ערשטן באַנד פון דער „ייִדישער פאָלקס־ביבליאָטעק", אין יאָר 1888, איז געווען אַ גרויסע געשעעניש נישט נאָר אין לעבן פון פּרצן, וועלכער האָט גלײַך מיטן ערשטן אָפּגעדרוקטן ווערק אין ייִדיש פאַרנומען אָן אָנגעזעען אָרט אין דער ייִדישער ליטעראַ־טור, נאָר אַ געשעעניש אין דער ייִדישער ליטעראַטור גופא, אין וועלכער

ס'איז אויפגעגאַנגען פּלוצעם אַ נײַער און זייער העלער שטערן.

די שאַפונגען, וואָס פּרץ האָט אָפּגעדרוקט שפּעטער, האָבן אים אַוועק־געשטעלט אין אויבנאָן פון דער ייִדישער ליטעראַטור.

קומענדיק קיין וואַרשע, באַקענט זיך פּרץ מיט דעם ייִדישן שרײַבער יעקב דינעזאָן און צווישן זיי פאַרבינדט זיך אַ רירנדיקע טיפע פרײַנדשאַפט, וואָס איז נישט איבערגעריסן געוואָרן ביז פּרצעס טויט. דינעזאָן איז טאַקע געווען דער, וואָס האָט אַרויסגעלאָזט דאָס ערשטע ביכל מיט פּרצעס דער־ציילונגען אין ייִדיש אונטערן נאָמען „באַקאַנטע בילדער“ (1890).

די ליטעראַרישע אַרבעט האָט דאָך פּרצן נישט געקענט געבן קיין פּרנסה, און ער מוז ווערן אַ באַאַמטער אין דער פאַרוואַלטונג פון דער וואַר־שעווער קהילה. אויף דעם פּאָסטן איז פּרץ שוין פאַרבליבן ביז זײַן טויט.

און כאָטש פּרץ פלעגט מער ווי אַ האַלבן טאָג מוזן פּטרן אין דער קהילה, האָט ער נישט אָפּגעשטעלט זײַן שעפערישע אַרבעט אַלס שרײַבער און געזעלשאַפטלעכער טוער.

ער טרעט צו, צוזאַמען מיט דינעזאָנען, אַרויסצוגעבן זאַמלביכער פאַר ליטעראַטור און געזעלשאַפט אונטערן נאָמען „די ייִדישע ביבליאָטעק“. דער ערשטער זאַמלבוך איז אַרויס אין יאָר 1891. דער הויפּטציל, וועלכן פּרץ האָט זיך געשטעלט אין די אויסגאַבן, איז געווען: „בילדן דאָס פאָלק“, אַרויסצופירן עס פון זײַן פאַרגליווערטקייט און אָפּגעשטאַנענקייט, כּדי אויך צו פאַרבעסערן זײַן עקאָנאָמישע לאַגע. פּרץ אַליין שרײַבט אין די זאַמל־ביכער — אַ חוץ קינסטלערישע שאַפונגען, דערציילונגען און לידער — אויך אַרטיקלען אויף געזעלשאַפטלעך־פּאָליטישע פראַגן, וועגן נאַטור־וויסנ־שאַפט, היגיענע אאַ"וו. אין די זאַמלביכער האָט פּרץ אַרויסגערוקט נײַע, יונגע ייִדישע שרײַבער, פון וועלכע אַ סך האָבן שפּעטער אַ גרויסן נאָמען געקריגן אין דער ייִדישער ליטעראַטור.

פּרץ פּלאַנט, צוזאַמען מיט דעם שרײַבער דוד פּינסקי, אַרויסצוגעבן אַ טעגלעכע ייִדישע צייטונג. און ווען זיי קריגן נישט קיין דערלויבעניש, פאַלן זיי אויף אַ פּלאַן אָפּצונאַרן די צאַרישע צענזור. זיי נוצן אויס אַ ליאַדע ייִדישן יום־טובֿ־טאָג, כּדי אַרויסצוגעבן אַ זשורנאַל כּלומרשט וועגן דעם יום־טובֿ. די דאָזיקע „יום־טובֿ־בלעטלעך“ — ווי זיי האָבן טאַקע געהייסן — האָבן געהאַט זייער אַ גרויסן דערפאָלג, באַזונדערס בײַ די ייִדישע אַרבעטער, און האָבן געהאַט אַ גרויסע באַדײַטונג נישט נאָר פאַר דער אַנטוויקלונג פון דער ייִדישער ליטעראַטור.

אין יאָר 1901 ווערט דורך די ייִדישע פאָלקסמאַסן געפײַערט פּרצעס 25־יאָריקע יובילײַ אַלס שרייבער. אַלס מתּנה צום יובילײַ דערשײַנט די ערשטע פולע אויסגאַבע פון פּרצעס שריפטן אין ייִדיש.

אין די יאָר 1903־1904 שרײַבט פּרץ אָן — צווישן אַנדערע זאַכן — אויך זײַנע „פאָלקסטימלעכע געשיכטן“, וועלכע האָבן אים אַזוי באַרימט און באַליבט געמאַכט.

צו יענער צײַט איז שוין פּרץ איינער פון די באַקאַנטסטע ייִדישע שרײַבער בכלל, און אין ווארשע איז פּרצעס הויז אויף צעגלאַנע גאַס געוואָרן דער צוציִונגס־פּונקט פאַר ייִדישע שרײַבער פון אומעטום. מיט אַ באַזונדערער וואַרעמקייט האָט זיך פּרץ אָפּגעגעבן צו העלפן יעדן יונגן טאַלאַנט. אַבֿרהם רייזען, יהואש, נאָמבערג, אַש, ווײַסנבערג און נאָך אַ סך באַדײַטנדיקע ייִדישע שרײַבער האָבן זייערע ערשטע ווערק פאַרגעלייענט פּרצן און פון אים געקריגן אַ דערמונטערונג צום ווײַטערדיקן שאַפן.

פּרץ האָט זיך באַזונדערס פאַראינטערעסירט מיטן טעאַטער. ער האָט אָנגעשריבן אַ גאַנצע ריי דראַמאַטישע ווערק גרעסערע און איינאַקטערס. פּרץ האָט אויך געשטרעבט אויפצוהייבן בכלל דאָס ייִדישע טעאַטער אויף אַ העכערער מדרגה און ער האָט פיל אויפגעטאָן אויף דעם געביט.

אין 1908 יאָר באַטייליקט זיך פּרץ אַקטיוו אין דער קאָנפערענץ פון ייִדישע שרייבער און קולטור־טוער אין טשערנאָוויץ, אויף וועלכער ס'איז אַרומגערעדט געוואָרן די ראָל פון ייִדיש אַלס נאַציאָנאַלע שפּראַך.

פּרצעס ברויזנדער גײַסט און זײַן ווילן צו דינען דעם פאָלק רוט נישט קיין איין טאָג, נישט קוקנדיק וואָס זינט 1902 איז ער שוין קראַנק אויפן האַרץ. ער שאַפט ווײַטער זײַנע ווערק, ער גיט אַליין אַרויס פאַרשיידענע זשורנאַלן און זאַמלביכער. פּרץ פאָרט אַרום מיט רעפעראַטן אויף פאַרשיידענע טעמעס איבער פאַרשיידענע שטעט, און אומעטום ווערט ער אויפגענומען מיט באַגײַסטערונג.

פּרץ איז דער פאָרזיצער פון דער ייִדישער ליטעראַרישער געזעלשאַפט, און שפּעטער, ווען זי ווערט פאַרבאָטן — ווערט ער פאָרזיצער פון דער געזעלשאַפט „הזמיר", וואָס האָט זיך, חוץ אַנדערע קולטור־אויפגאַבן, געשטעלט אויך דעם ציל אויסצופאָרשן און אָפּצוהיטן ייִדישע פאָלקשאַפונג.

און ווען ס'איז אויסגעבראָכן די ערשטע וועלט־מלחמה (1914), האָט פּרץ ווידער, נישט געקוקט אויף זײַן שוואַכן געזונט־צושטאַנד, זיך מיטן גאַנצן ברען אַרײַנגעוואָרפן אין דער הילפס־אַרבעט. העלפן מיט וואָס מען קאָן נאָר די לײַדנדיקע, די היימלאָזע, און קודם־כּל די עלנטע פאַרוואָרלאָזטע ייִדישע קינדער — דאָס איז געוואָרן דער אינהאַלט פון זײַן לעבן. פּרץ שענקט אַוועק פאַר דער הילף־אַקציע אַלע זײַנע מתנות, וואָס ער האָט ווען ס'איז געקריגן, צווישן זיי פיל זייער ווערטפולע; פּרץ זאַמלט מיטלען ווּ ס'לאָזט זיך; פּרץ שאַפט קינדערהיימען פאַר דעם פאַריתומטן קליינוואַרג. פּרץ איז איינער פון די, וואָס גרינדן די ערשטע ייִדישע שול. אויך זײַן באַנײַט קינסטלעריש שאַפן גיט ער איצט אין גאַנצן אַוועק פאַר די קינדער — דער גרויסער פּרץ שרײַבט דעמלט אָן זײַנע וווּנדערלעכע קינדער־לידער, וועלכע ער פלעגט טאַקע אָפט אַליין פאָרלייענען פאַר די קליינינקע.

אַ קינדערליד האָט ער אויך אָנגעהויבן שרײַבן אין דעם פרילינגדיקן פרימאָרגן, דעם 3טן אַפּריל פון יאָר 1915. און אָנגעהויבן האָט זיך דאָס ליד:

„שטילער, שטילער, דאַנקען וויל ער..."

און מער ווי די ווערטער, און מער קיין איינציקע שורה האָט שוין פּרץ קיין מאָל נישט געשריבן נישט פֿאַר קינדער, נישט פֿאַר גרויסע. בײַ די ווערטער האָט אויפגעהערט קלאַפּן זײַן האַרץ, דאָס דאָזיקע האַרץ, וואָס האָט אַזוי פּלאַמיק־הייס געשלאָגן פֿאַר דעם ייִדישן פֿאָלק, וועמען ער האָט געטרײַ געדינט מיט זײַנע ווערק און מיט זײַן גאַנצן לעבן.

זייער גרויסן טרויער האָבן די ייִדישע מאַסן אויסגעדריקט אין דער 100־טויזנט קעפּיקער מאַניפֿעסטאַציע בשעת דער לוויה פֿון גרויסן ייִדישן שרײַבער.

און אומעטום, ווּ עס לעבן ייִדן, האָט מען אויסגעבויט קלובן און ביבליאָטעקן, שולן און קינדערהיימען, ליטעראַטור־און קולטור־געזעלשאַפֿטן אויפֿן נאָמען י. ל. פּרץ, ווי לעבעדיקע דענקמעלער פֿאַרן קלאַסיקער און איינעם פֿון די שעפֿער פֿון דער מאָדערנער ייִדישער ליטעראַטור.

גרויס איז פּרצעס שאַפֿן און רײַך — סײַ אין ליטעראַרישע פֿאָרמעס סײַ אין אינהאַלט.

פּרץ האָט געשריבן לידער אויף פֿאַרשיידענע מאָטיוון, נאָוועלן, דערציילונגען קלענערע און גרעסערע, מאָנאָלאָגן און מעשׂהלעך, אַלעגאָריעס, באַלאַדעס, פּאָעמעס און דראַמעס.

אַ סך ליטעראַרישע פֿאָרמעס האָט פּרץ דער ערשטער אַרײַנגעפֿירט אין דער ייִדישער ליטעראַטור, און אין אַ סך פֿאָרמעס איז פּרצעס סטיל געוואָרן דער מוסטער, אויף וועלכן ס׳האָבן זיך געלערנט און לערנען זיך ביז הײַנט ייִדישע שרייבער. פּרצעס ייִדיש איז געוואָרן דער ייִדיש פֿון דער מאָדערנער ייִדישער ליטעראַטור.

פֿאַרשיידן זײַנען אויך די טעמעס און פּראָבלעמען, וואָס פּרץ באַרירט אין זײַנע ווערק.

פּרץ שילדערט דאָס אַלטע, ייִדישע שטעטעלע „גרויס ווי אַ גענעץ“.

פּרץ באַשרײַבט אויך די גרויסע שטאָט מיט איר אימפּעט און רויש, מיט אירע קעגנזאַצן פֿון לוקסוס און אָרעמקייט. און פּרץ איז מיט זײַן גאַנצן האַרצן אויף דער זײַט פֿון די אָרעמע און אונטערדריקטע.

פּרץ שילדערט דאָס ביטערע לעבן פֿון דער ייִדישער פֿרוי, פֿון דער „ייִדענע“, וואָס ווערט פֿאַרשוואַרצט אַ גאַנץ לעבן אין שפּאַן פֿון פּרנסה, פֿון שטוב און קינדער. פּרץ שילדערט מיט ליבע און רחמנות די איציקלעך, שיינדעלעך און אַנדערע ייִדישע קינדערלעך, וואָס טראָגן שוין אויף זייערע פּלייצקעלעך מולטערלעך ליים אין שטאָט אַרײַן צו פֿאַרקויפֿן, כּדי צו העלפֿן דער קראַנקער מאַמע, אָדער שלעפּן זיך אַרום בײַ נאַכט הונגעריקע איבער גרויסשטאָטישע גאַסן, רימענדיק זיך מיט פֿרעמדע הײַזער פֿון אויסגעטראַכטע פּעטערס.

און אָפֿט, זייער אָפֿט גייט פּרץ אַוועק פֿון דער רעאַליטעט, זוכט און געפֿינט זײַנע העלדן אין דער נאָענטער און ווײַטער פֿאַרגאַנגענהײַט, אין זײַן פֿאַנטאַזיע און אין דער ייִדישער פֿאָלקס־מעשׂה.

פרץ זוכט אָבער נישט קיין סתם פֿאַנטאַסטיק. יעדער אַזאַ העלד זײַנער איז אַ סימבאָל און אַ מוסטער פון דעם, וואָס פרץ וויל זען אין מענטשן:

מילדקייט און גאַסטפרײַנדלעכקייט, ערלעכקייט און באַשיידנקייט; בטחון, גערעכטיקייט און מיטלײַד מיט דעם נויטבאַדערפטיקן און גרייטקייט זיך אָפּצוזאָגן פון פערזענלעכן גליק לטובֿת הכּלל; שטאָלץ און דרײַסטקייט אַנטקעגנצושטעלן זיך דער אומגערעכטיקייט, פון וועמען זי זאָל נישט ק.מען; ווונדער שאַפנדיקע מסירת־נפש פאַר אַ צווייטן; די גרויסקייט און דערהויבנקייט פון דער קלענסטער טוונג, וואָס איז געווענדט צו העלפן אַ מענטשן; גרייטקייט צו שטאַרבן פאַר דעם, וואָס דעם מענטשן איז הייליק — און נאָך און נאָך שיינע שטריכן פון דער מענטשלעכער פערזענלעכקייט האָט פרץ געוויזן אין זײַנע מעשׂיות און מעשׂהלעך.

איז טאַקע נישט קיין ווונדער, וואָס די דאָזיקע ווערק זײַנען געפעלן און ליב געוואָרן דעם יידישן מענטשן. זיי האָבן געדינט און דינען אין קאַמף פאַר אַ בעסערער וועלט, אין וועלכער אַזעלכע שיינע געשטאַלטן זאָלן קאָנען אויפקומען און לעבן, און נישט זײַן קיין אויסטערלישע מתּנות. די שיינע בילדער און געשטאַלטן פּרצעס וועלן דעריבער אויך זײַן ליב און נאָענט אַלע יידישע דורות.

שואל פּערדמאַן

# האָפּ און גליב

**האָפּ!**
נישט ווײַט איז שוין דער פרילינג:
ס'וועלן שמעטערלינגען שפּרינגען;
נײַע נעסטן, נײַע פייגל
וועלן נײַע לידער זינגען.

**גלייב!**
די נאַכט וועט שוין פאַרשווינדן,
און די וואָלקנס אויך צערינען.
בלוי וועט ווײַטער זײַן דער הימל,
נײַע שטערן, נײַע זונען;

נײַע רויזן, נײַע בלומען
וועקט דעם פרילינגס זיסער הויך.
עס וועט שײַנען, שמעקן, זינגען,
און אין אונדזער ווינקל אויך!

# באָנטשע שווייַג

## א.

דאָ, אויף דער וועלט, האָט באָנטשע שווייַגס טויט גאָר קיין אייַנדרוק נישט געמאַכט! פרעגט עמעצן בחרם (1): ווער באָנטשע איז געווען, ווי אַזוי ער האָט געלעבט, אויף וואָס ער איז געשטאָרבן! צי האָט אין אים דאָס האַרץ געפּלאַצט, צי די כּוחות זייַנען אים אויסגעגאַנגען, צי דער מאַרכ־ביין (2) האָט זיך אונטערגעבראָכן אונטער אַ שווערער לאַסט (3)... ווער ווייסט? אפשר איז ער גאָר פאַר הונגער געשטאָרבן!

באָנטשע האָט שטיל געלעבט און איז שטיל געשטאָרבן; ווי אַ שאָטן איז ער דורך — דורך אונדזער וועלט!

אויף באָנטשעס ברית האָט מען קיין ווייַן נישט געטרונקען. עס האָבן קיין כּוסות געקלונגען! צו בר־מצווה האָט ער קיין קלינגענדיקע דרשה ניט געזאָגט... געלעבט האָט ער ווי אַ גרוי קליין קערנדל זאַמד בייַם ברעג ים צווישן מיליאָנען זייַנס־גלייַכן; און אַז דער ווינט האָט אים אויפגעהויבן און אויף דער אַנדערער זייַט ים אַריבערגעיאָגט, האָט עס קיינער נישט באַמערקט!

אַ שאָטן! זייַן פאָטאָגראַפיע איז נישט געבליבן בייַ קיינעם אין מוח, בייַ קיינעם אין האַרץ!

„קיין קינד, קיין רינד“; עלנט געלעבט — עלנט געשטאָרבן.

ווען נישט דאָס מענטשלעכע געהודער, וואָלט אפשר עמעצער אַ מאָל דערהערט, ווי באָנטשעס מאַרכביין האָט אונטער דער לאַסט געקנאַקט; וואָלט די וועלט מער צייַט געהאַט, וואָלט עמעצער אפשר אַ מאָל באַמערקט, אַז באָנטשע (אויך אַ מענטש) האָט לעבעדיקערהייט צוויי אויסגעלאָשענע אויגן און שרעקלעך אייַנגעפאַלענע באַקן; אַז אַפילו ווען ער האָט גאָר שוין קיין לאַסט נישט אויף די פּלייצעס, איז אים אויך דער קאָפּ צו דער ערד געבויגן, גלייַך ער וואָלט לעבעדיקערהייט זייַן קבֿר געזוכט!

שטיל געבוירן, שטיל געלעבט, שטיל געשטאָרבן און נאָך שטילער באַגראָבן.

---

1. געצווונגענערהייט. 2. רוקנביין. 3. carga.

נאָר נישט אַזוי איז געווען אויף יענער וועלט! דאָרטן האָט באַנטשעס טויט אַ גרויסן אײַנדרוק געמאַכט!

דער גרויסער שופר פון משיחס צײַטן האָט געקלונגען אין אַלע זיבן הימלען: באַנטשע שוויַיג איז ניפטר געוואָרן (4)! די גרעסטע מלאָכים מיט די ברייטסטע פליגל זײַנען געפלויגן און איינער דעם אַנדערן איבערגעגעבן: „באַנטשע שוויַיג! אַ שפּאַס, באַנטשע שוויַיג!"

יונגע מלאָכימלעך מיט בריליאַנטענע אייגעלעך, גאָלדענע פליגעלעך און זילבערנע פּאַנטאָפעלעך זײַנען באַנטשען אַקעגן געלאָפן מיט שׂימחה! דאָס גערויש פון די פליגל, דאָס קלאַפּן פון די פּאַנטאָפעלעך און דאָס פרייִ־לעכע לאַכן פון די יונגע, פרישע, רויזיקע מײַלעכלעך האָט פאַרפולט אַלע הימלען, און גאָט אַליין האָט שוין אויך געוווּסט, אַז באַנטשע שוויַיג קומט!

אַבֿרהם אָבֿינו האָט זיך אין טויער פון הימל געשטעלט, די רעכטע האַנט אויסגעשטרעקט צום ברייטן „שלום־עליכם", און אַ זיסער שמייכל שײַנט העל אויף זײַן אַלטן פּנים!

וואָס רעדלט (5) אַזוי אין הימל?

דאָס האָבן צוויי מלאָכים אין גן־עדן אַרײַן פאַר באַנטשעס וועגן אַ גינגאָלדענע פאָטערשטול (6) אויף רעדלעך געפירט!

וואָס האָט אַזוי העל געבליצט?

דאָס האָט מען דורכגעפירט אַ גאָלדענע קרוין מיט די טײַערסטע שטיי־נער געזעצט! אַלץ פאַר באַנטשען!

## ב.

אַז מלאָכימלעך האָבן באַנטשען געכאַפּט אין דער לופט און אָפּגע־שפּילט אים אַ זמר; אַז אַבֿרהם אָבֿינו האָט אים ווי אַן אַלטן חבֿר די האַנט געשאָקלט; אַז ער האָט געהערט, אַז זײַן שטול איז גרייט אין גן־עדן, אַז אויף זײַן קאָפּ וואַרט אַ קרוין; אַז אין בית־דין של־מעלה וועט מען איבער אים קיין וואָרט נישט רעדן — האָט באַנטשע, גלײַך ווי אויף יענער וועלט, געשוויגן פאַר שרעק! עס איז אים דאָס האַרץ אַנטגאַנגען (1)! ער איז זי־כער, אַז דאָס מוז זײַן אַ חלום, אָדער אַ פּראָסטער טעות!

— מײַן מזל, — טראַכט ער, — איז שוין אַזוי!

און ער האָט מורא די אויגן אויפצוהייבן, דער חלום זאָל נישט פאַר־שווינדן; ער זאָל זיך נישט אויפכאַפּן ערגעץ אין אַ הייל (2) צווישן שלאַנ־גען און עקדישן (3)! ער האָט מורא פון מויל אַ קלאַנג אַרויסצולאָזן, מיט אַ גליד (4) אַ ריר צו טון...

ער ציטערט און הערט נישט די מלאָכימס קאָמפּלימענטן (5), זעט נישט זייער טאַנצן אַרום אים, ער ענטפערט נישט אַבֿרהם אָבֿינו אויפן

4. געשטאָרבן. 5. פאָרט אויף רעדער. 6. גרויסע ווייכע שטול.

1. אָפּגעשטעלט זיך. 2. cueva. 3. lagartos. 4. קערפּערטייל. 5. גוטע רייד.

הארצלעכן „שלום־עליכם". און — געפירט צום בית־דין של־מעלה (6) — זאָגט ער אים קיין „גוט־מאָרגן" נישט...

אויסער זיך איז ער פאַר שרעק!

און זײַן שרעק איז נאָך גרעסער געוואָרן, אַז ער האָט, נישט ווילנדיק, דערזען דעם דיל (7) פון בית־דין של־מעלה: סאַמע אַלעבאַסטער מיט בריליאַנטן! „אויף אַזאַ דיל שטייען מײַנע פיס!" — ער ווערט אין גאַנצן פאַרשטאַרט (8)! „ווער ווייסט, וועלכן גבֿיר, וועלכן רבֿ, וועלכן צדיק מען מיינט... יענער וועט קומען — וועט זײַן מײַן פינצטערער סוף!"

פאַר שרעק האָט ער אַפילו נישט געהערט, ווי מען האָט בפירוש (9) אויסגערופן „דער ענין פון באָנטשע שווײַג!"

עס רוישט אים אין די אויערן. אינעם געדויש הערט ער דאָך אַלע מאָל שאַרפער און שאַרפער דעם מליץ־יושרס (10) זיס קול, ווי אַ פידל.

זײַן נאָמען, — הערט ער, — האָט אים געפּאַסט, ווי צו אַ שלאַנק (11) לײַב אַ קלייד פון אַן אַרטיסט אַ שנײַדערס האַנט.

— ער האָט זיך קיין מאָל, — הייבט ווײַטער אָן דער מליץ־יושר, — אויף קיינעם נישט געקלאָגט, נישט אויף גאָט, נישט אויף לײַט; אין זײַן אויג האָט קיין מאָל נישט אויפגעפלאַמט קיין פונק (12) פון האַס (13). ער האָט עס קיין מאָל נישט אויפגעהויבן מיט אַ פּרעטענזיע צום הימל. ער האָט אַלץ געשוויגן, אַפילו ווען די מוטער איז געשטאָרבן און ער האָט צו דרײַצן יאָר אַ שטיפמאַמע באַקומען... אַ שטיפמאַמע אַ שלאַנג, אַ מרשעת (14)...

— מיינט מען דאָך אפשר מיך? — טראַכט באָנטשע.

— זי פלעגט אים קאַרגן (15) דעם ביסן... אייערנעכטיק פאַרשימלט (15) ברויט... און זי האָט קאַווע מיט סמעטענע געטרונקען.

— צו דער זאַך! — שרייט דער יושבֿ־ראָש (16).

— זי האָט אים דערפאַר קיין נעגל נישט געקאַרגט און זײַן ברוין־און־בלוי לײַב פלעגט אַרויסקוקן דורך אַלע לעכער פון זײַנע צעריסענע קליידער... ווינטער, אין די גרעסטע פרעסט, האָט ער איר באָרוועס אויפן הויף האָלץ געהאַקט, און די הענט זײַנען צו יונג און צו שוואַך געווען, די קלעצלעך (17) צו דיק, די האַק צו שטומפּיק (18)... נישט איין מאָל האָט ער זיך די פּיס אָפּגעפרוירן, נאָר געשוויגן האָט ער, אַפילו זיך פאַרן פאָטער נישט געקלאָגט.

און שטענדיק עלנט (19), — פירט דער מליץ־יושר ווייטער, — קיין חבֿר, קיין תּלמוד־תּורה, קיין חדר... קיין גאַנץ בגד, קיין פרײַע מינוט.

ער איז אין אַ גרויסער שטאָט אַרײַנגעקומען; ער איז אַרײַן ווי אַ טראָפּן אין ים, און דאָך האָט ער די אייגענע נאַכט אין אַרעסט פאַרבראַכט...

---

6. העכסטע געריכט. 7. פּאָדלאָגע. 8. פּאַראַליזירט. 9. קלאָר. 10. פּאַרטיידיקער. 11. גראַציעז, שיין. 12. chispa. 13. שׂינאה. 14. זייער שלעכטע. 15. נישט געבן. 16. פּאָרזיצער. 17. שטיקער האָלץ. 18. ניט שאַרף. 19. איינער אַליין.

ער האָט געשוויגן, נישט געפרעגט: פאַר וואָס, פאַר ווען? ער איז אַרויס, און די שווערסטע אַרבעט געזוכט! נאָר ער האָט געשוויגן!

באַדנדיק זיך אין קאַלטן שווייס, צוזאַמענגעדריקט אונטער דער שווער־סטער לאַסט, ביים גרעסטן קראַמפּ (20) אין ליידיקן מאָגן — האָט ער גע־שוויגן! ער האָט קיין מאָל נישט איבערגערעכנט, וויפל פּוד (21) לאַסט עס קומט אויס אויף אַ גראָשן, וויפל מאָל ער איז געפאַלן ביי יעדן גאַנג פאַר אַ דריי־ער; ער האָט נישט גערעכנט, נישט זיין, נישט יענעמס מזל, נאָר געשוויגן!

זיין אייגן פאַרדינסט האָט ער אויך נישט הויך געמאָנט! ווי אַ בעטלער האָט ער זיך ביי דער טיר געשטעלט, און אין די אויגן האָט זיך אַ הינ־טישע בקשה געמאָלט! „קום שפּעטער", — און ער איז פאַרשוווּנדן שטיל ווי אַ שאָטן, כדי שפּעטער נאָך שטילער אויסצובעטלען זיין פאַרדינסט!

ער האָט אַלץ געשוויגן...

—מיינט מען דאָך טאַקע מיך! — טרייסט זיך באָנטשע.

## ג.

— איין מאָל, — פירט ווייטער דער מליץ־יושר נאָך אַ טרונק וואַסער, — איז אין זיין לעבן אַן ענדערונג געשען... עס איז דורכגעפלויגן אַ קאַטש אויף גומענע רעדער מיט צעפלאַשעטע (1) פערד... דער שמייסער (2) איז שוין לאַנג פון ווייטנס געלעגן מיט אַ צעשפּאָלטענעם קאָפּ אויפן ברוק... פון די דערשראָקענע פערדס מיילער שפּריצט דער שוים (3), פון אונטער די פּאָדקאָווועס (4) יאָגן זיך פונקען, די אויגן, ווי בּרענענדיקע שטורקאַצן (5) אין אַ פינצטערער נאַכט. און אין קאַטש זיצט, נישט טויט נישט לעבעדיק, אַ מענטש!

און באָנטשע האָט די פערד פאַרהאַלטן.

און דער געראַטעוועטער איז געווען אַ ייִד אַ בעל־צדקה און האָט באָנ־טשען די טובֿה נישט פאַרגעסן!

ער האָט אים דעם געהרגעטנס בייטש (6) איבערגעגעבן! באָנטשע איז אַ שמייסער געוואָרן!

און באָנטשע האָט אַלץ געשוויגן!

— מיך מיינט מען, מיך! — באַפעסטיקט זיך באָנטשע אין דער דעה (7), און האָט דאָך נישט די העזה (8) אָן אויג צו וואַרפן אויפן „בית־דין של־מעלה"...

---

20. ספּאַזמע. 21. מאָס פון וואָג (16 קילאָ).

1. צעיאָגטע. 2. אָנטרייבער. 3. espuma. 4. herraduras. 5. antorchas.
6. látigo. 7. געדאַנק. 8. מוט.



„...וואָלט די וועלט מער צײַט געהאַט, וואָלט עמעצער אפשר אַ מאָל באַ־
מערקט, אַז באַנטשע (אויך אַ מענטש) האָט לעבעדיקערהייט צוויי אויס־
געלאָשענע אויגן און שרעקלעך אײַנגעפאַלענע באַקן; אַז אפילו ווען ער
האָט גאָר שוין קיין לאַסט נישט אויף די פּלייצעס, איז אים אויך דער קאָפּ
צו דער ערד געבויגן, גלײַך ער וואָלט לעבעדיקערהייט זײַן קבֿר געזוכט!"...

— ער האָט געשוויגן אפילו, ווען זײַן בעל־טובֿה האָט אין קורצן באַנ־קראָטירט און אים זײַן לוין נישט באַצאָלט...

— מיך מיינט מען, מיך! — פּ'רייט זיך באָנטשע.

— ער האָט אפילו געשוויגן, — הייבט אָן ווייכער און טרויעריקער דער מלאך־מליץ, — ווען דער אייגענער בעל־טובֿה האָט זיך מיט אַלעמען אויסגעגלײַכט (9), נאָר אים קיין גראָשן שׂכירות (10) נישט צוריקגעגעבן. און אפילו דעמאָלט, ווען ער איז באָנטשען (ווײַטער פאַרנדיק אויף אַ קאַטש מיט פערד ווי לייבן) איבערגעפאָרן...

ער האָט אַלץ געשוויגן! ער האָט אפילו דער פּאָליציי נישט געזאָגט, ווער עס האָט אים צו רעכט געמאַכט...

ער האָט געשוויגן אפילו אין שפּיטאָל, ווו מען מעג שוין שרײַען!

ער האָט געשוויגן בײַם גוססן (11) — ער האָט געשוויגן בײַם שטאַרבן...

קיין וואָרט קעגן גאָט, קיין וואָרט קעגן לײַט!

## ד.

באָנטשע הייבט אָן ווײַטער צו ציטערן אויפן גאַנצן לײַב. ער ווייסט, אַז נאָכן מליץ־יושר גייט דער קטיגור (1)! ווער ווייסט, וואָס דער וועט זאָגן! באָנטשע אַליין האָט זײַן לעבן נישט געדענקט. נאָך אויף יענער וועלט האָט ער יעדע מינוט די פריִערדיקע פאַרגעסן... דער מלאך־מליץ האָט אים אַלץ דערמאָנט... ווער ווייסט, וואָס דער קטיגור וועט אים דערמאָנען!

— רבותי (2)! — הייבט אָן אַ שאַרף־שטעכעדיק־ברענענדיק (3) קול, — נאָר ער האַקט אָפּ.

—רבותי, — הייבט ער נאָך אַ מאָל אָן, נאָר ווייכער און האַקט ווײַ־טער אָפּ...

ענדלעך הערט זיך פון דעם אייגענעם האַלדז אַרויס כּמעט אַ ווייך קול:

— רבותי! ער האָט געשוויגן, וועל איך אויך שווײַגן!

עס ווערט שטיל — און פון פאָרנט הערט זיך אַ נײַע, ווייכע, ציטע־ריקע שטים:

— באָנטשע, מײַן קינד באָנטשע! — רופט אים ווי אַ האַרפע... — מײַן האַרציק קינד באָנטשע!

אין באָנטשען צעוויינט זיך דאָס האַרץ... ער וואָלט שוין אַצינד די אויגן געעפנט, נאָר זיי זײַנען פאַרפינצטערט פון טרערן... עס איז אים אַזוי זיס־וויינענדיק קיין מאָל נישט געווען... „מײַן קינד", „מײַן באָנטשע" — זינט

---

9. רעגולירט. 10. לוין, באַצאָלט, 11. אַגאָניזירן.

1. באַשולדיקער. 2. מײַנע הערן. 3. ברענענדיק.

די מוטער איז געשטאָרבן, האָט ער אַזאַ קול און אַזוינע ווערטער נישט געהערט.

— מײַן קינד! — פּירט ווײַטער דער אַבֿ־בית־דין (4), — דו האָסט געליטן און געשוויגן! עס איז נישטאָ קיין גאַנץ גליד, קיין גאַנץ ביינדל אין דײַן לײַב אָן אַ ווונד, אָן אַ בלוטיק אָרט. עס איז נישטאָ קיין איין באַהאַלטן אָרט אין דײַן נשמה, ווו עס זאָל נישט בלוטיקן... און דו האָסט אַלץ געשוויגן...

„דאָרט האָט מען זיך נישט פאַרשטאַנען דערויף! דו אַליין האָסט גאָר אפשר נישט געוווּסט, אַז דו קענסט שרײַען און אַז פון דײַן געשריי קענען יריחוס מויערן ציטערן און אײַנפאַלן! דו אַליין האָסט פון דײַן פאַרשלאָפענעם כּוח נישט געוווּסט...

„אויף יענער וועלט האָט מען דײַן שווײַגן נישט באַלוינט (5), נאָר דאָרט איז דער עולם־השקר (6). דאָ, אויפן עולם האמת, וועסטו דײַן לוין באַקומען!

„דיך וועט דאָס בית־דין של־מעלה נישט מישפּטן, דיר וועט עס נישט פּסקענען (7). דיר וועט עס קיין חלק נישט אויס־ און נישט אָפּטיילן: נעם דיר, וואָס דו ווילסט! אַלץ איז דײַן!“

באָנטשע הייבט דאָס ערשטע מאָל די אויגן אויף! ער ווערט ווי פאַרבלענדט (8) פון דער ליכט פון אַלע זײַטן! אַלץ בלאַנקט (9), אַלץ גלאַנצט, פון אַלץ יאָגן שטראַלן: פון די ווענט, פון די כּלים, פון די מלאָכים.

ער לאָזט די מידע אויגן אַראָפּ!

— טאַקע? — פרעגט ער אומזיכער און פאַרשעמט.

— זיכער! — ענטפערט פעסט דער אַבֿ־בית־דין! — זיכער, זאָג איך דיר, אַז אַלץ איז דײַן. אַלץ אין הימל געהערט צו דיר! קלײַב און נעם, וואָס דו ווילסט. דו נעמסט נאָר בײַ דיר אַליין!

— טאַקע? — פרעגט באָנטשע נאָך אַ מאָל, נאָר שוין מיט אַ זיכערן קול.

— טאַקע! טאַקע! טאַקע! — ענטפערט מען אים פון אַלע זײַטן.

— נו, אויב אַזוי, — שמייכלט באָנטשע, — וויל איך טאַקע אַלע טאָג אין דער פרי אַ הייסע בולקע (10) מיט פרישער פּוטער!

דיינים (11) און מלאָכים האָבן אַראָפּגעלאָזט די קעפּ פאַרשעמט; דער קטיגור האָט זיך צעלאַכט...

---

4. געריכט־פּרעזידענט. 5. פּרעמירט. 6. וועלט פון ליגן. 7. געבן פּסק־דין.
8. deslumbrado. 9. שײַנט. 10. קליינע חלה. 11. ריכטערס.

# שלום-בית

א.

חיים איז אַ טרעגער.

אַז ער גייט דורך די גאַס, אײַנגעהויקערט (1) אונטערן קאַסטן סחורה, זעט מען אים נישט אַרויס; עס דאַכט זיך, אַז דער קאַסטן גייט אַליין אויף צוויי פיס. דאָס שווערע אָטעמען הערט זיך דאָך פון ווײַטנס.

דאָך — אַט לייגט ער אָפּ די לאַסט (2), באַקומט זײַנע עטלעכע גראָשן, ער גלײַכט זיך אויס, אָטעמט שטאַרק אָפּ, בינדט אָפּ די פּאָלעס (3), ווישט זיך אָפּ דעם שווייס פון פּנים, גייט גלײַך צום ברונעם, טוט אַ טרונק וואַסער און לויפט אין אַ הויף אַרײַן.

ער שטעלט זיך לעבן אַ וואַנט, הייבט אויף דעם קאָפּ אַזוי, אַז דער שפּיץ באָרד מיטן נאָז קומען אויס אויף איין שטח.

ער רופט:

— חנה!

פון אונטערן דאַך עפנט זיך אַ קליין פענצטערל, און אַ קליין ווײַבעריש קעפּל אין אַ ווײַסן ציפּיק (4) ענטפערט:

— חיים?

דאָס פּאָרפּאָלק קוקט זיך גאַנץ צופרידן אָן; חיים וואַרפט אַרויף זײַן פּאָרדינסט, אײַנגעוויקלט אין אַ שטיקל פּאַפּיר. חנה כאַפּט עס אין דער לופט. עס איז איר נישט דאָס ערשטע מאָל.

— אַ בריה (5), -- מאַכט חיים און האָט גאָר קיין חשק נישט אַוועקצוגיין.

— גיי, גיי, חיים! — שמייכלט זי, -- איך קאָן מיך נישט רירן פון קראַנקן קינד...

— וואָס מאַכט עס, נעבעך?

— בעסער.

---

1. אײַנגעבויגן. 2. שווערע זאַך. 3. faldones. 4. קאָפּצודיק. 5. פלינקע, פּעיקע.

— געלויבט איז גאָט! און העניע?
— ביי דער גייטאָרין!
— יאָסל?
— אין חדר.

חיים לאָזט צוריק אַראָפּ די באָרד, גייט אַוועק, און חנה קוקט אים נאָך, ביז ער ווערט איר פאַרשוווּנדן.

דאַנערשטיק און פרייטיק דויערט עס לענגער.

— וויפל האָסטו דאָ אין פּאַפּירל? — פרעגט הנה.

— צוויי און צוואַנציק גראָשן.

— איך האָב מורא, עס איז ווייניק.

— וואָס דאַרפסטו דען, חנה?

— פאַר אַ זעקסער די זאַלב (6) פאַרן קינד, פאַר עטלעכע גראָשן ליכט, חלה האָב איך שוין... פלייש אויך, אַנדערטהאַלבן פונט... נו — בראָנפן אויף קידוש...

און זי רעכנט אוים, וואָס זי דאַרף נאָך אַלץ אויף שבת. סוף־כל־סוף בלייבט, אַז מען קאָן קידוש מאַכן איבער הלה. און אַז אָן אַ סך זאַכן איז זיך גאַנץ לייכט צו באַגיין.

דער עיקר איז — בענטשליכט, אויך די זאַלב פאַרן קינד!

און פון דעסטוועגן, אַז גאָט העלפט, די קינדער זיינען געזונט, די מע־שענע לייכטער — נישט פאַרזעצט, בפרט אויב עס איז דאָ נאָך אַ קוגל, האָט דאָס פאַרפאַלק גאָר אַ פריילעכן שבת.

וואָרעם חנה איז אַ בריה צום קוגל!

שטענדיק פעלט איר עפּעס: דאָ מעל, דאָ אייער, דאָ פעטס. און צום סוף קומט אַרויס אַ פעטער, אַ זיסער, אַ מחיהדיקער קוגל. ער צעגייט פשוט אין אַלע אבֿרים.

— דאָס קאָכט דער מלאך, — זאָגט חנה און שמייכלט פאַר נחת.

— יאָ, אַ מלאך, אַוודאי אַ מלאך, — לאַכט חיים, — דו מיינסט,אַז דו ביסט אַ קליינער מלאך, אַז דו האַלטסט אוים פון מיר און פון די קינדער. וויפל מאָל טוען זיי דיר אָן צרות? איך ווער אַ מאָל בייז... נו, איך הער עפּעס אַ קללה פון דיר, ווי אַנדערע ביי די ווייבער? און דו האָסט אַ סך נחת פון מיר? דו און די קינדער גייען נאַקעט און באָרוועס... צו וואָס טויג איך? נישט צו קידוש, נישט צו הבֿדלה, איך קען אַפילו רעכט קיין זמירות נישט זינגען.

— ביסט פאָרט אַ גוטער טאַטע און אַ גוטער מאַן, — האַלט זיך חנה ביי איריקן, — אַזאַ יאָר אויף מיר און אויף כל ישראל. איך זאָל מיך נאָר עלטערן מיט דיר, רבונו־של־עולם.

---

6. פּאָמאָדע (רפואה).

און דאָס פּאַרפּאַלק קוקט זיך אין די אויגן אַרײַן אַזוי גוט, אַזוי וואַ־רעם. און אַזוי מיטן גאַנצן האַרץ, אַז עס דאַכט זיך, זיי זײַנען ערשט פון אונטער דער חופּה אַרויס.

עס ווערט נאָך פרײלעכער בײַם טיש...

## ב.

נאָכן שלאָף גייט חיים אין קליינעם שולכל אַרײַן הערן תּורה.

דאָרט לערנט אַ מלמד מיטן פּראָסטן עולם. עס איז הייס. די פּנימער זײַנען נאָך פאַרשלאָפן. איינער כאַפּט נאָך אַ דרעמל, דער צווייטער לאָזט אַרויס אַ הויכן געגעניץ, נאָר ווען עס קומט צום רעכטן אָרט — מע שמועסט פון יענער וועלט, פון גיהנום, וווּ מע שמײַסט די רשעים מיט אײַזערנע רי־טער; פון ליכטיקן גן־עדן, וווּ די צדיקים זיצן מיט גאָלדענע קרוינען און לערנען תּורה — דעמאָלט ווערן אַלע אויפגעלעבט; די מײַלער אָפן, די פּני־מער רויט... מע הערט זיך אײַן אַן אַן אָטעם, וואָס עס וועט זײַן אויף יענער וועלט.

חיים שטייט געוויינטלעך בײַם אויוון. ער האָט טרערן אין די אויגן. עס ציטערן אים די הענט און פיס. ער איז אין גאַנצן אויף יענער וועלט.

ער לײַדט צוזאַמען מיט די רשעים. באָדט זיך אין הייסער סמאָלע (1). אַלץ לעבט ער דורך. און עס באַדעקט אים דער קאַלטער שווייס. פאַר דאָס האָט ער שפּעטער נחת גלײַך מיט אַלע צדיקים. דאָס ליכטיקע גן־עדן, די מלאכים, דער לויתן, דער שור־הבר (2), און אַלע גוטע זאַכן שטעלן זיך אים פאָר אַזוי לעבעדיק און אַזוי בולט (3), אַז ווען דער מלמד ענדיקט, גיט אַ קוש און פאַרמאַכט דאָס ספר, כאַפּט ער זיך אויף ווי פון אַ חלום. טאַקע ווי פון יענער וועלט.

— אַך, — כאַפּט ער שווער דעם אָטעם, וואָס ער האָט אײַנגעהאַלטן בײַ דער גאַנצער צײַט, — רבונו־של־עולם! כאָטש אַ שטיקל, כאָטש אַ פּיצל, כאָטש אַ בראָקעניו (4) עולם־הבא... פאַר מיר, פאַר מײַן ווײַב און פאַר אַלע מײַנע קינדערלעך!

און דעמאָלט ווערט ער טרויעריק; ער פרעגט זיך: אימשטיינס גע־זאָגט, פון וואָס, פאַר וואָס?...

איין מאָל איז ער נאָכן לערנען צוגעגאַנגען צום מלמד:

— רבי, — זאָגט ער, און זײַן קול ציטערט, — גיט מיר אַן עצה, איך זאָל זוכה זײַן (5) צו האָבן עולם־הבא.

— לערן, מײַן קינד, תּורה, — הערט ער אַ תּשובֿה.

— איך קאָן נישט.

---

1. alquitrán. 2. דער גרויסער פיש און דער אָקס, וואָס מע וועט עסן נאָך משיחס קומען. 3. קלאָר, דײַטלעך. 4. קליין שטיקעלע. 5. ווערט זײַן.

— לערן משניות (6)...
— איך קאָן נישט!
— זאָג תהילים.
— איך האָב קיין צייט נישט!
— דאַווען ערנסט!
— איך פאַרשטיי נישט וואָס איך דאַווען!
דער מלמד קוקט אים אָן מיט רחמנות.
— וואָס ביסטו? — פרעגט ער.
— אַ טרעגער.
— נו, זײַ משמש תלמידי־חכמים (7).
— וואָס הייסט?
— טראָג, למשל, אַלע פאַרנאַכט אין בית־המדרש אַרײַן אַ פּאָר קאַנען וואַסער, די לומדים זאָלן האָבן צו טרינקען.
חיים ווערט דערפרייט.
— רבי, — האָט ער ווײַטער געפרעגט, — און מײַן ווײַב?
— אַז דער מאַן זיצט אויף אַ שטול אין גן־עדן, איז דאָס ווײַב זײַן פוס־בענקעלע.
אַז חיים איז אַהיים געקומען הבדלה מאַכן, איז חנה געזעסן און געזאָגט „גאָט פון אַברהם". אַז ער האָט זי דערזען, האָט אים עפּעס אָנגעכאַפּט בײַם האַרץ.
— ניין, חנה, — פאַלט ער צו איר צו, — איך וויל ניט, דו זאָלסט זײַן מײַן פוסבענקעלע... איך וועל מיך אַראָפּבייגן צו דיר, איך וועל דיך אויפהייבן און זעצן דיך לעבן מיר. מיר וועלן צוזאַמען זיצן אויף איין שטול, ווי אַצינד... עס איז אונדז אַזוי גוט צוזאַמען... הערסט, חנה, דו מוזסט זיצן מיט מיר אויף איין שטול. דער רבונו־של־עולם וועט מוזן באַשטיין.

---

6. ערשטער, קורצער טייל פון תלמוד. 7. באַדינ געלערנטע.



# פון יחזקאל

ס׳שלײַכט צו אַ שטאָט בײַ נאַכט
די שווערד!
נאָר אויפן טורעם דער וועכטער וואַכט (1) —
ער הערט!
ער בלאָזט טראָמפּייט
און שמעטערט (2) מיט מאַכט,
עס ציטערט די נאַכט,
דאָס פֿאָלק דערוואַכט:
— דער שונא גייט, דער שונא גייט! —
און עס פֿלאַקערט אויף די שלאַכט (3).
אין הויף, אין גאַס
אויף מויער און וואַנט,
פֿאַר ווײַב און קינד,
פֿאַר פֿאָלק און לאַנד!
פֿאַר רעכט, און פֿרײַ גייט אַלין אין קאַמף!
װער זיגן וועט — דאָס ווייסט איין גאָט;
דער וועכטער האָט
דאָך זײַנס געטאָן!
ער האָט זײַן כּבֿוד נישט באַפֿלעקט (4),
ער האָט געוועקט!
ער האָט געדינט זײַן פֿאָלק, זײַן לאַנד!
נאָר וויי דעם וועכטער, שפּאָט און שאַנד (5),
וואָס האָט בײַנאַכט
אָן אויג פֿאַרמאַכט
און דערוואַכט (6)
ערשט אין דער בראַנד (7)!

---

1. היט. 2. קלאַפּט, וואַרפֿט מיט כּוח. 3. קאַמף. 4. באַשמוצט. 5. בושה.
6. אויפֿגעוועקט זיך. 7. שׂרפֿה, פֿײַער.

# דרײַ מתנות

## א) אויבן בײַ דער וואָג

א מאָל, מיט יאָרן און דורות צוריק, איז ערגעץ ניפטר געוואָרן (1) א ייִד.

מילא, א ייִד איז ניפטר געוואָרן — אייביק לעבן קען מען נישט, טוט מען אים זײַן רעכט... ברענגט מען אים צו קבֿר־ישׂראל...

דער יתום זאָגט קדיש — פליט די נשמה אַרויף, צום מישפּט, צום בית־דין של־מעלה...

קומט זי אַרויף, הענגט שוין דאָרט פאַרן בית־דין די וואָג, אויף וועלכער מען וועגט די עבֿירות און די מצוות...

קומט דעם בר־מיננס סניגור (2) סניגור (3), זײַן געוועזענער יצר־טובֿ (4) — און שטעלט זיך מיט א קלאָר־ווײַס זעקל, ווי שניי, אין דער האַנט בײַ דער וואָגשאָל (5) פון דער רעכטער זײַט...

קומט דעם בר־מיננס קטיגור (6) — זײַן געוועזענער יצר־הרע (7) — און שטעלט זיך מיט א שמוציק זעקל אין דער האַנט בײַ דער וואָגשאָל אויף דער לינקער זײַט...

אין ווײַסן, קלאָרן זעקל זײַנען מצוות, אין שמוציקן שוואַרצן זעקל — עבֿירות. שיט דער סניגור פון שניי־ווײַסן זעקל אויף דער וואָגשאָל פון דער רעכטער זײַט מצוות — שמעקן זיי ווי פּאַרפומען און לײַכטן ווי די שטערנדלעך אין הימל.

שיט דער קטיגור פון שמוציקן זעקל אַרויס אויף דער וואָגשאָל פון דער לינקער זײַט עבֿירות — זײַנען זיי, נישט פאַר אײַך געדאַכט, שוואַרץ ווי קויל און א ריח האָבן זיי — פעך און סמאָלע (8).

שטייט אַזוי די אָרעמע נשמה און קוקט, און גאַפט (9) — זי האָט זיך גאָרנישט געריכט, עס זאָל זײַן אַזאַ חילוק צווישן „גוט" און „שלעכט";

---

1. געשטאָרבן. 2. געשטאָרבענער. 3. פאַרטיידיקער. 4. גוטער גײַסט. 5. balanza.
6. באַשולדיקער. 7. שלעכטער גײַסט. 8. alquitrán. 9. וווּנדערט זיך.

דאָרט האָט זי גאַנץ אָפּט ביידע נישט דערקענט, איינס פון אַנדערן גע־נומען.

און די וואָגשאָלן הייבן זיך פּאַמעלעך, אַרויף און אַראָפּ, אַ מאָל די, אַ מאָל יענע... און דאָס צינגל ביי דער וואָגשאָל אין דער הייך ציטערט. נעמט זיך אויף אַ האָר לינקס, אויף אַ האָר רעכטס...

נאָר אויף אַ האָר... און נישט מיט אַ מאָל! אַ פּראָסטער ייִד גע־ווען... קליינע מצוותלעך, קליינע עבֿירהלעך, שטויבעלעך... טייל מאָל — קוים מיטן אויג צו דערזען.

און די מלאָכים שיטן פּאַמעלעך, מיט כּוונה, אַ שרויט (10) נאָך אַ שרויט, אַ שטויב נאָך אַ שטויב.

נאָר אַ ברונעם שעפּט זיך אויך אויס, די זעקלעך ווערן ליידיק.

— שוין? — פרעגט דער בית־דין־שמש (11), אויך אַ מלאך צווישן אַלע מלאָכים.

דער יצר־טובֿ, ווי דער יצר־הרע, דרייען אויס די זעקלעך קאַפּויער: נישטאָ מער! און דעמאָלט גייט דער שמש צו צום צינגל זען, ווי עס האָט זיך אָפּגעשטעלט: רעכטס צי לינקס.

קוקט ער און קוקט אַזוי, און זעט אַזוינס, וואָס עס איז נאָך נישט געשען, זינט הימל און ערד זיינען באַשאַפן געוואָרן...

— וואָס דויערט אַזוי לאַנג? — פרעגט דער אַבֿ־בית־דין (12).

שטאַמלט (13) דער שמש:

— גלייך! דאָס צינגל שטייט אין סאַמע מיט!...

די עבֿירות האָבן גלייך געוואויגן מיט די מצוות.

— אַקוראַט? — פרעגט מען נאָך אַ מאָל.

קוקט ער נאָך אַ מאָל, דער שמש, און ענטפערט:

— אויף דער האָר!

האָט דאָס בית־דין של מעלה אַ ייִשובֿ (14) און גיט אַרויס אַ פּסק (15):

„אַזוי ווי די חטאים וועגן נישט איבער די מעשׂים טובים — קומט דער נשמה קיין גיהנום נישט...

„און פון דער צווייטער זייט — ווען די מצוות נישט מער פאַר די עבֿירות — קען מען איר נישט עפענען די טויערן פון גן־עדן.

„על־כּן נע־ונד זאָל זי זיין (16)...

„זאָל זי אַרומפּלייען אין דער מיט, צווישן הימל און ערד — ביז גאָט וועט זיך אָן איר דערמאָנען און דערבאַרעמען זיך (17), און צורופן צו זיך".

און דער שמש נעמט די נשמה און פירט זי אַרויס.

יאָמערט (18) נעבעך די נשמה און קלאָגט אויף איר מזל.

---

10. קליין קייקעלע. 11. געריכט־שמש. 12. געריכט־פּאָרזיצער. 13. tartamudea.
14. באַטראַכט זיך. 15. סענטענץ. 16. אַרומוואַנדערן. 17. רחמנות האָבן. 18. וויינט.

— וואָס ווייגסטו אַזוי? — פרעגט ער זי. — וועסט נישט האָבן קיין נחת און פרייד פון גן־עדן, וועסטו אָבער אויך נישט האָבן קיין צער און יסורים (19) פון גיהנום.

די נשמה אָבער לאָזט זיך נישט טרייסטן:

— בעסער די גרעסטע יסורים, זאָגט זי, איידער גאָרנישט! גאָרנישט איז שרעקלעך!

קריגט דער בית־דין־שמש אויף איר רחמנות, גיט ער איר אָן עצה:

„פלי, זאָגט ער איר, נשמהלע, אַראָפּ און האַלט זיך נידעריק אַרום דער לעבעדיקער וועלט... אין הימל אַרײַן, זאָגט ער, קוק נישט... וואָרעם וואָס וועסטו זען אין יענער זײַט הימל? נאָר שטערנדלעך! און דאָס זײַנען ליכטיקע, נאָר קאַלטע ברואים, זיי ווייסן פון קיין רחמנות נישט, זיי וועלן זיך נישט מיִען פאַר דיר, זיי וועלן גאָט אין דיר נישט דערמאָנען... מיִען זיך פאַר אַן אָרעמער פאַרוואָגלטער (20) נשמה קענען נאָר די צדיקים פון גן־עדן... און זיי, הער, נשמהלע, — האָבן ליב מתּנות, שיינע מתּנות...

„פלי זשע, נשמהלע, — זאָגט ער ווייטער, — נידעריק אַרום דער לעבעדיקער וועלט און קוק זיך צו, ווי עס לעבט זיך, וואָס עס טוט זיך; און דערזעסטו עפּעס אַזוינס, וואָס איז אויסטערליש (21) שיין און גוט, כאַפּ עס און פלי דערמיט אַרויף; עס וועט זײַן אַ מתּנה פאַר די צדיקים אין גן־עדן.. און מיט דער מתּנה אין דער האַנט זאָלסטו אָנקלאַפּן און מעלדן זיך אין מײַן נאָמען בײַם מלאך פון דעם טויער. זאָג: איך האָב געהייסן!...

„און אַז דו וועסט האָבן געבראַכט דריי מתּנות, זײַ זיכער — וועלן זיך פאַר דיר עפענען די טויערן פון גן־עדן."

און אַזוי רעדנדיק, שטופּט ער זי מיט רחמנות פון הימל אַרויס.

## ב) די ערשטע מתּנה

פליט עס אַזוי, דאָס אָרעמע נשמהלע, נידעריק איבער דער לעבעדיקער וועלט. און עס פליט אַרום און אַרום, איבער דערפער און שטעט; צווישן ברענענדיקע שטראַלן אין די גרעסטע היצן; אין רעגנצײַט — צווישן טראָפּן און וואַסער־נאָדלען; סוף זומער — צווישן זילבערנעם שפּינוועבס (1), וואָס הענגט אין דער לופט; ווינטער צווישן די שנייעלעך, וואָס פאַלן פון דער הייך... און קוקט, און קוקט, און קוקט זיך די אויגן אויס...

ווו זי דערזעט אַ ייִד, פליט זי האַסטיק צו און קוקט אים אין די אויגן אַרײַן — צי גייט ער נישט מקדש־השם זײַן (2)?

ווו עס לײַכט בײַ נאַכט דורך אַ שפּאַלט פון אַ לאָדן (3), — זי איז דאָ און קוקט אַרײַן, צי וואַקסן נישט אין דער שטילער שטוב גאָטס שמעקעדיקע בלימעלעך — באַהאַלטענע מעשׂים־טובֿים?

---

19. ווייטאָגן. 20. וואַנדערנדיקער. 21. אומגעווייגלעך.

1. telaraña. 2. אויף קידוש־השם. 3. פענצטער־טירלעך.

לײַדער (4)!... מערסטן טײלס שפּרינגט זי אָפּ פֿון אויגן און פֿענצטער דערשראָקן און פֿאַרציטערט...

און אַז עס גײען װײַטער פֿאַרבײַ זמנים (5) און יאָרן, פֿאַלט זי כּמעט אין אַ מרה־שחורה (6) אַרײַן. זײַן ליבער נאָמען (7) האָט זיך אין איר ניט דערמאָנט, און קײן אױסטערליש גוטס און שײנס האָט זי נישט געפֿונען...

טראַכט זי בײַ זיך:

„די װעלט איז אַזױ אָרעם, די מענטשן — אַזױ מיטלמעסיק (8) און גרױ אױף דער נשמה, און די מעשׂים זײַנען אַזױ קלײן... אױף אײביק בין איך נע־ונד און פֿאַרשטױסן"...

נאָר װי זי טראַכט אַזױ, שלאָגט איר אַ רױטע פֿלאַם אין די אױגן אַרײַן, אין מיטן דער פֿינצטערער, שװערער נאַכט — אַ רױטע פֿלאַם.

זי קוקט זיך אום — פֿון אַ הױך פֿענצטער שלאָגט די פֿלאַם...

גזלנים (9) זײַנען אַ גבֿיר באַפֿאַלן, גזלנים מיט מאַסקעס אױף די פּנימער. אײנער האַלט אַ ברענענדיקן שטורקאַץ (10) אין דער האַנט און לײַכט; אַ צװײטער שטײט בײַם גבֿירס ברוסט מיט אַ בליצנדיק מעסער און הזרט אים אַלץ אין אײנעם איבער: „רירסטו זיך, ייִד, איז דײַן סוף! גײט דיר דער שפּיץ מעסער פֿון יענער זײַט רוקן אַרױס"... און די רעשט עפֿנט קאַסטנס און שאַפֿעס און רױבט (11).

און דער ייִד שטײט בײַם מעסער און קוקט געלאַסן צו... קײן ברעם (12) איבער זײַנע קלאָרע אױגן, קײן האָר פֿון דער װײַסער באָרד רירט זיך נישט... נישט זײַן זאַך. „גאָט האָט געגעבן. גאָט האָט גענומען, — טראַכט ער, — געלױבט איז זײַן הײליקער נאָמען! מיט דעם װערט מען נישט געבֿױרן; און דאָס גײט מען נישט מיט אין קבֿר אַרײַן" — שעפּטשען זײַנע בלאַסע ליפּן.

און ער קוקט גאַנץ רויִק צו, װי מען עפֿנט דעם לעצטן שופֿלאָד (13) פֿון דער לעצטער שאַפֿע און װי מען שלעפּט אַרױס זעקלעך מיט גאָלד און זילבער, זעקלעך מיט צירונג (14) און אַלערלײ טײַערע כּלים — און ער שװײַגט...

נאָר פּלוצלונג, אַז די גזלנים טרעפֿן צום לעצטן באַהעלטעניש און ציִען אַרױס אַ קלײן זעקעלע, דאָס לעצטע, דאָס באַהאַלטנסטע, — פֿאַרגעסט ער זיך, ציטערט ער אױף, צעפֿלאַמען זיך אים די אױגן, ציט ער אױס די רעכטע האַנט, װיל ער אַ געשרײ טון:

„רירט נישט!"

---

4. צום באַדױערן. 5. צײַטן פֿון יאָר. 6. מעלאַנכאָליע. 7. גאָט. 8. mediocre.
9. באַנדיטן. 10. antorcha. 11. נעמט צו. 12. párpado. 13. קעסטל.
14. דימענטן א״אַ.

נאָר אויפֿן אָרט פֿון אַ געשריי שפּריצט אַרויס אַ רויטער שטראַל פֿון רייכערדיקן בלוט — דאָס מעסער האָט זײַנס געטון... עס איז דאָס בלוט פֿון האַרצן און שפּריצט אויפֿן זעקל אַרויף!

ער פֿאַלט, און געשווינד רײַסן די גזלנים אויף דאָס זעקל — דאָ וועט זײַן דאָס בעסטע, דאָס טײַערסטע!

זיי האָבן אָבער אַ ביטערן טעות געהאַט; אומזיסט בלוט פֿאַרגאָסן — נישט קיין זילבער, נישט קיין גאָלד און נישט קיין צירונג איז אין זעקל געווען; גאָרנישט פֿון דעם וואָס איז טײַער און האָט אַ ווערט אויף דער דאָזיקער וועלט! עס איז געווען אַ ביסל ערד, ארץ־ישׂראל־ערד אין קבֿר אַרײַן, און דאָס האָט דער גבֿיר געוואָלט ראַטעווען פֿון פֿרעמדע הענט און אויגן, — און מיט זײַן בלוט באַשפּריצט...

כאַפּט די נשמה אַ פֿאַרבלוטיקטן שטויב פֿון ארץ־ישׂראל־ערד און מעלדעט זיך דערמיט בײַ דעם טויער אין הימל...

די ערשטע מתּנה איז אָנגענומען געוואָרן.

## ג) די צווייטע מתּנה

— געדענק, — האָט דער מלאך צוגערופֿן, פֿאַרמאַכנדיק הינטער איר דעם טויער פֿון הימל, — נאָך צוויי מתּנות.

— גאָט וועט העלפֿן! — האָפֿט די נשמה און פֿליט פֿריילעך צוריק אַראָפּ.

די פֿרייד האָט מיט דער צײַט אָבער אויפֿגעהערט. עס גייען ווײַטער אַוועק יאָרן און יאָרן, או זי זעט נישט קיין אויסטערליש שיינס... און עס באַפֿאַלן זי צוריק טרויעריקע געדאַנקען:

„ווען גאָט, — טראַכט זי, — זאָל הייסן איבערוועגן מיט אַ מאָל די מצוות מיט די עבֿירות פֿון דער גאַנצער וועלט, וואָלט זיך אויך דאָס צינגל קוים גערירט, קוים־קוים געציטערט...“

פּלוצלונג וועקן זי קולות פֿון טראָמפּייטן און הערנער...

זי קוקט אַראָפּ — אַ דײַטשישע שטאָט (פֿאַרשטייט זיך, אַ פֿאַרצײַטישע), אַלערליי אויסגעבויגענע דעכער רינגלען אַרום דעם פּלאַץ פֿאַרן מאַגיסטראַט (1). און פֿול מיט פֿאַרשיידן־פֿאַרביק געקליידטע מענטשן איז דער פּלאַץ; פֿול קעפּ אין די פֿענצטער; מענטשן ליגן אויף די דעכער אַרום, פֿול געפּראָפּט זײַנען די באַלקאָנען...

פֿאַרן מאַגיסטראַט שטייט אַ טיש, געדעקט מיט אַ גרין טוך מיט גאָלדענע פֿראַנדזן. בײַם טיש זיצן די הערן פֿון מאַגיסטראַט, אין סאַמעטענע קליידער, אין סויבלנע (2) היטלען מיט ווײַסע פֿעדערן און ברייטאַנטענע קנעפּ; אויבנאָן זיצט דער פּרעזידענט אַליין. אַ פּרעסיקער אָדלער ווייט אים איבערן קאָפּ...

---

1. מוניציפּאַליטעט. 2. פֿון פֿוטער.

אין אַ זײַט שטייט געבונדן אַ יידיש מיידל. נישט ווײַט האַלטן צען קנעכט אַ ווילד פערד. און דער פּרעזידענט הייבט זיך אויף און לייענט פאַרן ייִדישן מיידל אַ פּסק פון אַ פּאַפּיר, און ער ווענדט זיך מיטן פּנים צום מאַרק:

„אַט די ייִדין דאָ, די ייִדישע טאָכטער, איז אַ שווערע זינד באַגאַנ־גען; אַ שווערע זינד, וואָס גאָט אַליין, ווי גרויס זײַן בארעמהאַרציקייט (3) זאָל נישט זײַן, וואָלט איר נישט געקאָנט מוחל זײַן.

„זי האָט זיך אַרויסגעגנבֿעט פון געטאָ און איז אַרומגעגאַנגען אין אונדזער לעצטן הייליקן יום־טובֿ אויף אונדזערע ריינע גאַסן...

„און זי האָט באַפלעקט (4) מיט אירע אומפאַרשעמטע אויגן אונדזער הייליקע פּראָצעסיע; אונדזערע הייליקע בילדער, וואָס מיר האָבן מיט לויבגעזאַנג איבער די גאַסן געטראָגן...

„מיט אירע פאַרשאָלטענע אויערן האָט זי אײַנגעזאַפּט דאָס געזאַנג פון אונדזערע ווײַס־געקליידטע, אומשולדיקע קינדער און דאָס קלאַפּן פון די הייליקע פּויקן... און ווער ווייסט, צי האָט דער טײַוול, — דער אומריי־נער טײַוול, וואָס האָט אויף זיך גענומען די געשטאַלט פון דער ייִדישער טאָכטער, פון פאַרשאָלטענעם רבֿס טאָכטער, — זיך נישט צוגערירט און נישט באַפלעקט אונדזערם אַ ריינקייט (5)?

„וואָס האָט ער געוואָלט, דער טײַוול אין דער שיינער געשטאַלט? וואָרעם לייקענען קאָן איך נישט — שיין איז זי, שיין, ווי נאָר אַ טײַוול קאָן זיך מאַכן.

„און וואָס האָט ער געוואָלט, דער טײַוול? אַפּרײַסן אַ נשמה פון דער פּראָצעסיע... און עס איז אים געראָטן:

„— זעט דאָס שיינע מיידל! — האָט אויסגערופן אונדזערער אַ רי־טער, פון איינער פון אונדזערע שענסטע משפּחות...

„און דאָס איז שוין געווען איבער דער מאָס — די האַלעבאַרדני־קעס (6) האָבן זי באַמערקט און געכאַפּט...

„און דאָס איז דער פּסק פאַרן טײַוול אין געשטאַלט פון דעם ייִדי־שן מיידל:

„צובינדן זאָל מען זי בײַ די האָר, בײַ די לאַנגע, טײַוולאָנישע צעפּ, צום עק פון אָט דעם ווילדן פערד. זאָל עס לויפן און שלעפּן זי איבער די גאַסן, וואָס אירע פיס האָבן געטראָטן קעגן אונדזער הייליקן געזעץ... זאָל איר בלוט באַשפּריצן און אָפּוואַשן די שטיינער, וואָס זי האָט פאַראומ־ריינט מיט אירע פיס!"

אַ ווילד פריידגעשריי האָט זיך אַרויסגעריסן פון אַלע מײַלער אַרום. און אַז די כוואַליע פון ווילדע געשרייען איז אַריבער, פרעגט מען די פאַר־

3. רחמנות. 4. באַשמוצט. 5. הייליק בילד. 6. שטאָטוועכטער.

מישפטע צום טויט, אויב זי האָט זיך נישט וואָס צום לעצטן מאָל צו ווינטשן.

— איך האָב, — ענטפערט זי געלאַסן: — עטלעכע שפּילקעס בעט איך!

— זי איז דול (7) פאַר שרעק! — מיינען די הערן פון מאַגיסטראַט.

— ניין! — ענטפערט זי רויִק און קאַלט: — דאָס איז מײַן לעצטער ווילן און פאַרלאַנג.

מען האָט עס איר צוליב געטון...

— און אַצינד, — קאָמאַנדירט דער פּרעזידענט, — בינדט צו!

עס גייען צו האַלעבאַרדניקעס און בינדן צו מיט ציטערדיקע הענט דעם רבס טאָכטערס שוואַרצע לאַנגע צעפּ צום עק פון ווילדן פערד, וואָס מען קען שוין קוים דערהאַלטן...

— מאַכט אַ וואָרע (8)! — קאָמאַנדירט ווײַטער דער פּרעזידענט צום עולם אויפן פּלאַץ, און עס ווערט אַ גערודער. דער עולם שטעלט זיך און דריקט זיך צו צו די ווענט פון די הײַזער, און אַלע הייבן אויף די הענט, ווער מיט אַ בײַטש, ווער מיט אַ טוך אין דער האַנט, און אַלע זײַנען גרייט צו יאָגן דאָס ווילדע פערד. יעדערנס אָטעם איז געשטיקט. אַלע פּנימער פלאַמען, אַלע אויגן בליצן, און אין גערודער באַמערקט נישט קיינער, ווי די פאַרמישפּטע בייגט זיך שטיל אַראָפּ און שפּיליעט זיך צו די זוים (9) פונעם קלייד צו די פיס און שטעקט טיף, טיף אַרײַן די שפּילקעס זיך אין לײַב — עס זאָל איר לײַב נישט אַנטפּלעקט ווערן (10), ווען דאָס פערד וועט זי שלעפּן אין די גאַסן...

באַמערקט האָט עס נאָר די נע־ונדניצע (11) — די נשמה...

— לאָזט דאָס פערד! — קאָמאַנדירט דערהויכל דער פּרעזידענט, און די קנעכט זײַנען דערפון אָפּגעשפּרונגען, און מיט אַ מאָל האָט עס זיך אויסגעריסן, און אויסגעריסן האָט זיך אויך אַ געשריי פון אַלע מײַלער, און עס ווייען און פײַפן אין דער לופט אַלע בײַטשן, און טיכער, און ווילד־דערשראָקן יאָגט דאָס פערד איבערן מאַרק, איבער גאַסן און הינטערגאַסן אַרויס, אַרויס פון שטאָט...

און די נשמה, די נע־ונדניצע, האָט שוין אַרויסגעצויגן אַ פאַרבלו־טיקטע שפּילקע פון דער פאַרמישפּטערס פוס און פליט שוין מיט איר צום הימל אַרויף!

— נאָך איין מתנה אין גאַנצן! — טרייסט זי דער מלאך בײַ דעם טויער.

---

7. משוגע. 8. פּלאַץ. 9. ברעג. 10. אויפגעדעקט. 11. וואַנדערנדיקע.

## ד) די דריטע מתנה

און צוריק פליט אַראָפּ די נשמה: אין גאַנצן נאָך איין מתּנה דאַרף זי.

און עס גייען ווייטער אַוועק זמנים און יאָרן, און עס באַפאַלט זי ווייטער אַ מרה־שחורה. די וועלט, דאַכט זיך איר, איז נאָך קלענער געוואָרן... נאָך קלענערע מענטשן, נאָך קלענערע מעשׂים... די גוטע ווי די שלעכטע...

איין מאָל טראַכט זי:

„ווען גאָט, געלויבט זאָל זײַן זײַן נאָמען, זאָל וועלן אַ מאָל אָפּשטעלן און סוף־כּל־סוף מישפּטן די וועלט, אַזוי ווי עס איז, מיט אַ מאָל... און פון איין זײַט זאָל זיך שטעלן אַ סניגור און, שיטן פון ווייסן זאַק אַרויס שרע־טעלעך און שטויבעלעך; און פון דער צווייטער זײַט — דער קטיגור זאָל שיטן זײַנע פּיצלעך און ברעקלעך, וואָלט געדויערט און געדויערט, איידער די זעק וואָלטן ליידיק געוואָרן... אַזוי פיל קלייניקייטן, אַזוי פיל!

„אָבער אַז די זעקלעך וואָלטן שוין ליידיק געוואָרן, וואָס וואָלט געווען?

„דאָס צינגל וואָלט געהוים געבליבן שטיין אין דער מיט!

„בײַ אַזוינע קלייניקייטן, בײַ אַזוי פיל קלייניקייטן קען גאָרנישט אי־בערוועגן... וואָרעם וואָס? נאָך אַ פעדערל, נאָך אַ שטויב!“...

דער נשמה איז אָבער באַשערט געווען (1) אויסגעלייזט (2) צו ווערן פון די שווערע מחשבֿות (3) — וועקט זי אַ קול פון פויקן...

ווו איז זי, ווען?

זי דערקענט נישט דאָס אָרט, נישט די צײַט...

נאָר אַ פּלאַץ פאַר אַ תּפיסה זעט זי... אויף די אײַזערנע גראַטן (4) אין די קליינע פענצטערלעך צײַען זיך שפּילנדיק די שטראַלן פון דער זון. זיי גליטשן זיך אויך אויף די שטיקן פון צוזאַמענגעשטעלט געווער בײַ דער וואַנט. די סאָלדאַטן האָבן אין האַנט אַרײַן — ריטער (5) באַקומען...

אין צוויי לאַנגע שורות, מיט אַ שמאָלן דורכגאַנג אין דער מיט, האָט מען זיי אויסגעשטעלט: „דורך אַ סטראָי“ וועט מען, טרײַבן...

וועמען?

עפּעס אַ ייִדל מיט אַ צעריסן העמד אויפן מאָגערן לײַב, מיט אַ יאַרמל־קע אויפן האַלב געגאָלטן קאָפּ. אָט פירט מען אים צו.

פאַר וואָס קומט עס אים? ווער ווייס? אפשר אַ בילבול?... עס איז דאָך געווען פאַרצײַטן...

און די זעלנערס שמייכלען און טראַכטן: נאָך וואָס האָט מען אונדז אַזוי פיל גענומען און אויסגעשטעלט? ער וועט נישט אויסהאַלטן די העלפט!

---

1. פאַרויס באַשטימט. 2. באַפרײַט. 3. געדאַנקען. 4. rejas. 5 varas.

נאָר אַט שטופּט מען אים צווישן די שורות אַרײַן, אַט גייט ער... און ער גייט גלײַך און שטרויכלט נישט (6) און פאַלט נישט... ער לייזט שמיץ (7) און האַלט זיי אויס...

אַ גרימצאָרן (8) כאַפּט אָן דעמאָלט די סאָלדאַטן! ער גייט נאָך, ער גייט!

און די ריטער פײַפן אין דער לופט, ווי די רוחות, און כאַפּן אַרום דאָס לײַב, ווי די שלאַנגען, און דאָס בלוט פון מאָגערן גוף שפּריצט און שפּריצט און הערט נישט אויף צו שפּריצן!

הו—האַ! הו—האַ!

אין מיטן טרעפט אַ סאָלדאַט צו הויך און וואַרפט דעם פאַרמישפּטן אַראָפּ די יאַרמלקע פון קאָפּ. נאָך עטלעכע טריט באַמערקט ער עס, דער פאַרמישפּטער... ער גיט זיך אַ ריר, איז זיך מיישבֿ (9) און, דרייט זיך אום: ער וועט נישט גיין בגילוי הראש (10), און ער גייט צוריק ביז צום אָרט, ווו די יאַרמלקע ליגט. ער בייגט זיך אײַן און הייבט זי אויף, און דרייט זיך צוריק אויס און גייט ווייטער, רויק, רויט פאַרבלוטיקט, נאָר מיט דער יאַרמלקע אויפן קאָפּ. אַזוי גייט ער, ביז ער פאַלט...

און אַז ער איז געפאַלן, איז צוגעפלויגן די נשמה און געכאַפּט די יאַר־מלקע, וואָס האָט אַזוי פיל אומזיסטע שמיץ געקאָסט, און איז אַרויף מיט איר צו דעם טויער פון הימל.

און די דריטע מתנה איז אויך אָנגענומען געוואָרן!

און די צדיקים האָבן זיך פאַר איר געמיט (11): די טויערן פון גן־עדן האָבן זיך איר נאָך די דרײַ מתנות געעפנט!

און אַ צדיק האָט געזאָגט:

— אמת שיינע מתנות, אויסטערליש שיינע... צו ניץ קומען זיי נישט, אָבער לנוי (12) — אויסטערליש.

---

6. פאַלט נישט. 7. קלעפּ. 8. גרויסער כעס. 9. באַטראַכט זיך. 10. אָן היטל. 11. דאָ: געבעטן. 12. פאַר שיינקייט.



# דער אַרענדאַר

**קאַפּיטל 1.**

אַן אַרענדאַר אַ קמצן און תּפילות פון אַן אישה.

אין פּוילן דער מדינה, הינטער צוויזמער, וואָס ביי דער ווייסל, האָט געלעבט אַ ייִד אַן אַרענדאַר.

איז דער אַרענדאַר געווען אַ גרויסער השובֿ ביים פּריץ, און דער פּריץ איז אַ גרויסער מאַגנאַט געווען, איז ער, דער אַרענדאַר, געקומען צו גרויס עשירות (1).

האָט ער געהאַט פאָלוואַרקעס (2) מיט וואַלד און פעלד, און הערט־שאַפטן (3) פון שאָף און רינדער, און הייזער, און ברויִ־הייזער (4), און מילן, אויף וואַסער און ווינט; און מזומנים גאָר פיל, אַחוץ חובֿות ביי לייט...

מילאָ, אַז זיין ליבער נאָמען (5) שיקט מזל, איז אַוודאי גוט.

איז אָבער דער ייִד אַ גראָב נפש (6) געווען, און אַ קמצן (7) אַ גרויסער, און נישט געוווּסט פון קיין צדקה — און לאָזט נישט קיין אורח איבער דער שוועל.

אַ ווייב האָט ער געהאַט דווקא אַן אישה צנועה (8), פלעגט ער איר אָנטון געבערענטע לייד (9) פאַר אַ גראָשן צדקה, וואָס זי פלעגט טון אונטער זיין וויסן; פּייניקן (10) פלעגט ער זי דערפאַר.

ווילע קינדער האָט ער געהאַט, — אַפּנים, אין דער מוטער אריין גע־ראָטן, — האָט ער די ייִנגלעך אין הדרים אין שטאָט אריין נישט געשיקט; עס זענען אים די פערד אַ שאָד געווען... און ביי זיך קיין רעכטן מלמד נישט געהאַלטן, נאָר אַ בעלפער (11) בהצי־חינם (12), וואָס האָט זיי קוים עיב־רי(13) אויסגעלערנט.

האָט פון דעם די אישה נאָך מער צער געהאַט.

פלעגט זי גאַנצע טעג ווערגן זיך (14) מיט די טרערן אין האַלדז, ביי נאַכט מיט די טרערן די שטילע אויסנעצן די קישנס, און ערשט ימים־נוראים,

---

1. רייכקייט. 2. haciendas. 3. סטאַדעס קי, שאָף א״אַ. 4. ווו מע מאַכט ביר. 5. גאָט. 6. ניט־דערצויגענער. 7. קאַרגער. 8. פרומע. 9. ווייטאַ... 10. אָנטאָן צרות, ווייטאָגן. 11. העלפער ביי אַ מלמד. 12. האַלב אומזיסט. 13. לייענען (אין סידור). 14. שטיקן זיך.

אז מען פלעגט קומען אין שטאָט אַרײַן, האָט זי אין עזרת־נשים (15) זיך רעכט אויסגעוויינט דאָס האַרץ.

און אַ תּפילה אַן איין־איינציקע האָט זי געהאַט אויף די ליפּן און אינעם צעווייטיקטן האַרץ:

„זאָל זײַן ליבער נאָמען זיך מרחם זײַן (16) אויף איר מאַן און איבערבײַטן זײַן האַרץ צום גוטן. זאָל ער נישט זײַן אַזוי אַרײַנגעטאָן אין דער תּאווה (17) פון עשירות און אין עולם־הזה פון אכילה־ושתיה (18)... זאָל ער די נשמה אויך נישט פאַרגעסן. זי זאָל, חס־ושלום, אַז עס וועט קומען די צײַט, נישט פאַרפאַלן ווערן אויף כּף־הקלע" (19)...

און אַזוי האָט זי געבעטן:

„זע, רבונו־של־עולם, גוטער גאָט, האַרציקער גאָט, ער זאָל באַצײַטנס נאָך תּשובֿה טון... זאָל ער מיט אַ ברייטער און פולער האַנט צדקה געבן, זאָל ער אַ מכניס־אורח ווערן (20), און זאָל מחנך זײַן (21) די קינדער אין גאָטס וועג, און מגדל זײַן (22) לתּורה ולחופּה, ולמעשׂים־טובֿים..."

וואָס קאָן מער טון אַ צעבראָכן האַרץ פון אַ ייִדענע?

## קאַפּיטל 2.

אַן אָרעמער גייער לאַכט און דער אַרענדאַר גייט זיך באָדן.

איין מאָל, פרײַטיק בײַ טאָג.

זומער־לעב געוועזן, אַ טאָג — אַ גאָלדענער.

זיצט דער אַרענדאַר, מיט דער גאַנצער משפּחה, אונטערן פרײַען הימל, אין גערטל פאַרן הויז, בײַם אַנבײַסן (1).

אַ דעמב (2) אַ ריז מיט צעלאָזטע צווײַגן איז אין גערטל געשטאַנען; האָט מען אין שאָטן פון דעמב דעם טיש געדעקט מיט כּל־טובֿ: פיש, פלייש און צימעס. און אַ שטראָדל: בײַם פריץ אויסגעלערנט. און אַ פלעשל אַלטן מעד (3) בײַם טיש; כּיד־הגבֿיר (4).

זיצט ער אויבן אָן, דער אַרענדאַר. שעפּט נחת פון דער אכילה, פאַרטרינקט מיט אַלטן מעד, און איז מקבל־תּענוג (5) פונעם עולם־הזה, סמאָטשקעט מיט די פעטע ליפּן.

קומט, פון צווישן די ביימלעך אין גערטל, פּלוצלינג אַרויס אַן אָרעמער גייער (6), מיטן פּעקל אויף די אַקסל...

---

15. ווײַבערשע שול. 16. רחמנות האָבן. 17. pasión. 18. עסן און טרינקען. 19. גיהנום. 20. גוטער גאַסטגעבער. 21. לערנען. 22. דערציִען.

1. דאָ: מיטאָג־עסן. 2. roble. 3. האָניקוויַין. 4. ווייער רײַך. 5. האָט פאַרגעניגן. 6. וואַנדערנדיקער הענדלער.

וואָס טראָגט אַרום אַ גייער? בענדער און בענדלעך, קעמעלעך, נאָדלען, און שפּילצײַג פאַר קינדער... וכדומה קליי‫ניקייטן...

דערזעט ער די מישפּחה בײַם טיש, שטעלט ער זיך שטיל אָפּ, לאָזט אַראָפּ דאָס פּעקל פון די פּלייצעס, גלעטשט זיך אַ ביסל אויס — אַן אַלטער, גראָער ייִד געווען, און אַ שוואַכער, נעבעך.

בעט ער זיך, דער אָרעמער גייער:

— קויפט עפּעס, ייִדן, לכּבֿוד שבת...

וויל זיך צו אים די אישה אויפֿהייבן; וואַרפֿט אויף איר דער אָרענ־דאַר אַ בייזן בליק, בלײַבט זי, נעבעך, זיצן...

— זעט, — מאַכט דער גייער, — די זון איז שוין אַזוי הויך, און איך האָב נאָך אויף שבת קיין סימן און קיין צייכן נישט.

— אַוועק! — טרײַבט דער אָרענדאַר, טרינקענדיק...

— שענקט מיר כאָטש, — רופֿט זיך אָן דער גייער, — אַ ביסן אין מויל אַרײַן, די נשמה צו דערכאַפּן... כאָטש וואַסער אַ טראָפּן; ס׳ברענט אַזוי די הייץ...

שלינגט די אישה די געזאַלצענע טרערן און שווײַגט. קאָנען די קינ־דער נישט צוזען דער מוטערס צרות און דעם גייערס נויט, און הייבן זיך אויף און גייען אַוועק פון טיש. און דער אָרענדאַר שפּרינגט אויף מיט גרויס גרימצאָרן (7):

— בעטלער־קבצנים האָב איך פֿײַנט, הערסטו?! כ׳רוף דעם משרת (8), ברעכט ער דיר אַ ביין!

הייבט דער גייער צוריק אויף דאָס פּעקל אויף די פּלייצעס, קרעכצט אָפּ און, האַלטנדיק אין גיין, פרעגט ער:

— און פאַר גאָט, אָרענדאַר, האָט איר גאַר קיין מורא נישט?

— ניין!

און ער צעפּראַלט זיך (9), דער עם־הארץ:

„וואָס קאָן אים גאָט טון? וועט ער שיקן אַ פֿײַער פון הימל און אַוועק־לאָזן מיטן רויך די הײַזער, ברײַהייזער און די מילן, מיט די שפּײַכלערס מיט תּבֿואות — בלײַבן אים נאָך אַלץ די פֿאָלוואַרקעס מיט וואַלד און פעלד...“

און דער אַלטער מעד שטײַגט אַלץ מער און מער אין קאָפּ אַרײַן, און ער באַרימט זיך ווײַטער:

„און זאָל ער יאָרן־לאַנג נישט לאָזן וואַקסן אין פעלד, בלײַבט אים נאָך אַלץ די־והותר (10): מזומנים אין קאַסע, וועקסלען (11) אין טײַסטער...

„און זאָל ער שיקן גנבים, זיי זאָלן אויפֿברעכן די קאַסע און צונעמען אַלץ... מאָנט ער אַלץ די חובֿות אָפּ... זײַן פרײַנד איז דער שופט און וועט אים גלייבן אויפן וואָרט...“

---

7. גרויסער כּעס. 8. דינער sirviente. 9. צערעדט זיך ברייט. 10. איבער געניג. 11. letras de cambio.

צעוויינט זיך די אָרעמע אישה, די ווערטער הערנדיק, אויף אַ קול, און גייט אויך אַוועק פון טיש... צעלאַכט זיך פּלוצלינג דער גייער און נעמט זײַן וועג און פאַרשווינדט צווישן דיביימער. און דעם אָרענדאַר ווערט עפּעס אין אַלע איבֿרים (12) היים.

נעמט ער אַ האַנטעך פון שטוב אַרויס און גייט זיך באָדן צו דער ווײַסל (13)...

קאַפּיטל 3.

אַ פויגל לאַכט און דער אָרענדאַר בלײַבט אַ נאַקעטער.

באָדט ער זיך אַזוי און קילט זיך, און שעפּט נחת פון קאַלטן וואַסער, און שווימט — אַ יונג מיט ביינער געזוען! — מיטן וואַסער. קעגן וואַסער, און אַרום און אַרום דער קעמפּע (1), וואָס אין דער מיט פון דער ווײַסל הינטער צוויזמער, און מאַכט קונצן אַלערליי.

דערהערט ער פּלוצלינג פון דער קעמפּע, פון צווישן די נידעריקע ביימ־לעך, וואָס וואַקסן דאָרט, אַ פויגל־קול, פאַרנעמט עס אים דאָס קול; ער האָט נאָך אַזאַ שפּילן פון אַ פויגל נישט געהערט...

האָט ער דאָך תאווה צו אַלץ, מוז ער דעם שפּילפויגל האָבן, אין שטוב אין אַ שטײַגל האַלטן, אַזאַ שפּילפויגל האָט דער פּריץ נישט!

שפּרינגט ער אויף דער קעמפּע אַרויף — דערזעט ער דעם פויגל...

אויף אַ צווײַגל פון אַ נידעריק ביימל איז ער, דער פויגל, געשטאַנען, און, אַחוץ דעם זיסן קול, אַ פויגל — אַ פאַרנעמעניש (2), אַ גאָלדענער פויגל! און רויק שטייט ער זיך, דער פויגל, און זינגט זיך זײַן ליד, גלייך ער זעט זײַן שׂונא נישט.

שלײַכט ער זיך (3), דער אָרענדאַר, צום ביימל צו, און שפּרינגט אונ־טער מיט אַן אויסגעשטרעקטער האַנט און כאַפּט — לופט אין דער פויסט אַרײַן... דער פויגל האָט זיך איבערגעהיפּט (4) אין דער שטיל, אויף אַן אַנ־דער צווײַג, אויפן ביימל פון דער צווייטער זײַט...

גייט ער נאָך, דער אָרענדאַר, אויף די נעגל, שפּרינגט ער ווײַטער אונ־טער, היפּט דער פויגל ווײַטער שטיל אַוועק, און שטייט שוין אויף אַן אַנ־דער ביימל. שלײַכט ער זיך ווײַטער צו, היפּט דער פויגל, ביי זײַן שפּרונג, צו'ן אַ דריטס אַוועק, און שטייט שוין ווײַטער, און שפּילט! שלײַכט ער זיך אים אַלץ נאָך און נאָך, פון צווײַג צו צווײַג, פון ביימל צו ביימל... ער שפּרינגט, דער פויגל היפּט... אַזוי לאַנג, אַזוי ברייט, ביז דער אָרענדאַר פאַלט אין כּעס אַרײַן און רופט צום פויגל אַזוי:

— וואַרט, וואַרט! כאַפּן וועל איך דיך שוין, מיך וועט נישט מיד מאַכן

---

12. טיילן פון גוף. 13. גרעסטער טײַך אין פוילן.

1. קליין אינדזעלע. 2. זייער אַ שיינער. 3. גייט צו שטילערהייט. 4. איבערגע־שפּרונגען.

קיין פייגעלע, נאָר שוין נישט דײַן זינגען ווײַל איך אַצינד, איך האָב דיך שוין פּײַנט! וואָרגן (5) וועל איך דיך, פייגעלע, און וואָרפן פאַר מײַן הונט.

צעלאַכט זיך פלוצלינג דער פויגל ווי אַ מענטש, און גיט אַ שאָס אַרויף אין דער הייך, און פאַרשווינדט אונטערן הימל.

בלײַבט דער אַרענדאַר שטיין פאַרטומלט. עס דאַכט זיך אים, אַז דאָס איז דאָס זעלבע קול, מיט וועלכן דער אַרעמער גייער האָט געלאַכט. לאָזט ער זיך, מרה־שחורהדיק (6), צוריק אין וואַסער אַרײַן און שווימט, שוין אָן גבֿורות און קונצן, צוריק איבער דער ווײַסל, צום אָרט, וווּ ער האָט זיך אויסגעטון, — און געפינט די זאַכן נישט!...

**קאַפּיטל 4.**

דער אַרענדאַר נעמט בײַ זײַן אייגן הויז קיצבֿה און אַנטלויפט צום פריץ.

דער אַרענדאַר האָט דערזען, אַז די זאַכן זענען נישטאָ, האָט ער, ווי דער שטייגער איז פון אַ גראָב נפש, אָנגעהויבן צו שעלטן אויף אַ קול.

שעלט ער דעם גנבֿ, וואָס האָט אים איבערגעלאָזט נאַקעט.

דערנאָך לויפט ער אויף און אָפּ בײַם ברעג פון דער ווײַסל און שרײַט, און רופט, — ענטפערט אים אַ צעריסן און דעמפּיק ווידער־קול (1) פון נאָענטסטן שיטערן וועלדל.

די זון האַלט אין זינקען; קיין לעבעדיקע נשמה זעט מען נישט — לאַנג שוין אָפּגעשטעלט די אַרבעט, — פון ערגעץ וועט ער קיין הילף נישט באַקומען. און ער וועט דאָך נישט גיין אַ נאַקעטער איבער דער פאַרשטאָט. מע וואָלט געלאָפן אויף זײַן בייז ווונדער. געמיינט: משוגע געוואָרן דער אַרענדאַר...

דערווײַל דערשפּירט ער הונגער: נאָכן באָדן מיטן שווימען, און אַזוי לאַנג אין מויל נישט געהאַט.. און קעלט דערצו: צוגעפאַלן אַ קילער אָוונט; עס קלאַפּט אים אַ צאָן אָן אַ צאָן... דערמאָנט ער זיך, אַז הונגער און קעלט זענען צוויי קבצנישע זאַכן; באַפאַלט אים נאָך אַ גרימצאָרן אויף זיך אַליין: ווי לאָזט זיך אַ מענטש אַזוי אָראָפּפירן פון וועג פון אַ נאַרישן פויגל; וואָרפט ער זיך אויף דער ערד מיט אַ שטומען פּעס..

און די אַראָפּגעלאָזטע זון קוקט אַרויס פון דער ווײַסל, גלײַך זי שפּעט אים אויס (2).

די ייִדישע הײַזלעך אויפן רוקן פון בערגל הייבן אָן דערווײַל אויפצושײַנען, און די פענצטערלעך בליצן שבתדיק, נחתדיק.

אין פאַרשטאָט צינדן זיך פאַמעלעך אָן די קליינע פויערישע פענצטערלעך און פּרייִלעך טאַנצן די פּײַערלעך; פּײַערלעך ווײַזן זיך אויך אויף די שווימענדיקע פּאַסן (4) איבער דער ווײַסל.

---

5. דערשטיקן. 6. מעלאַנכאָליש.

1. פּאַרטטיקטער עכאָ. 2. לאַכט אויס. 3. דאָ: שיפלעך וואָס פירן האָלץ.

קומט אים אויס, אַז דאָס אַלץ איז אים להכעיס (4)...

איז ווייניק, שווימען נאָך אָן אין דער שטילקייט קלאַנגען פון אַלע זײַטן: פון שטאָט — „קבלת־שבת"; פון פאָרשטאָט — דאָס געזאַנג פון פויערישן יונגוואַרג אין גאַס; אויף אַ פּאַס שפּילט עמעץ מאַנדאָלינע; אַ פּײַפּערל העלפט אונטער...

און ער מוז דאָ ליגן אין געהאַקטע ווונדן... צערייצט עס אים נאָך מער. ליגט ער אויף דער ערד און בײַסט די נעגל פאַר כּעס.

אַזוי לאַנג, אַזוי ברייט, ביז אַלץ איז שטיל און אויסגעלאָשן געוואָרן, הייבט ער זיך אויף און לויפט אַהיים מיט הינטערוועגן איבער די פעלדער. נעץ אַרויס, נעץ אַרײַן...

קומט ער צו אָן אָטעם און קוים אַ לעבעדיקער צום הויז, איז עס שוין אײַנגעהילט אין חושך (5): טיר און טויער פאַרהאַמערט, די פענצטער פאַר־מאַכט און פון אינעווייניק פאַרלאָדנט (6)...

פאַלט ער ערשט רעכט אין כּעס אַרײַן:

— כאָליען (7) שוין; נישט געוואַרט אויפן באַלעבאָס!

ער וועט זיך שוין אָפּרעכענען מיט אַלעמען, מיט דער פלוניתטע (8) דער עיקר... דעם משרת וועט ער אַרויסטרײַבן, ווי אַ הונט...

און גיט אַ לויף צום טויער, און הייבט אָן קלאַפּן מיט די פויסטן.

לויפט פון קיך אַרויס דער משרת מיט אַ געשריי:

— העי דו, שלעפּער איינער; דאָ איז נישט קיין אורחים־הויז (9)! דער באַלעבאָס וועט דערהערן, הייסט ער דיר ברעכן אַ ביין!

פאַלט עס דעם אַרענדאַר, ווי אַ בלײַ (10) אויפן האַרץ; די ווערטער האָט ער דעם אָרעמען גייער געזאָגט: „ער וועט אים הייסן ברעכן אַ ביין!"

דערווײַל איז דער משרת צוגעקומען און אַרויסגעקוקט דורכן טויער. דערזעט ער אַ נאַקעטן, כאַפּט ער זיך אָן בײַ די זײַטן פאַר געלעכטער:

— אַ נאַקעט משוגעת, כאַ־כאַ־כאַ!

לאַכן דעם אַרענדאַר אין די אויערן: דער משרת, דער גייער און דער פויגל צוזאַמען. לויפט ער אַוועק צום פענצטער פון זײַן שלאָפשטוב, הייבט אָן צו קלאַפּן אין לאָדן און שרײַט:

— גיטל, עפן אויף!

דערהערט ער, אַ קול פון אַ מאַנספּאַרשוין, נאָר עפּעס אַזוי ענלעך צו זײַן אייגן קול, פרעגט אין שטוב מיט גרויס וווּנדער:

— גיטעלע, ווער קאָן עס דיך רופן בײַ נאַכט, און אירצט דיך אַפילו נישט?!...

---

4. a despecho. 5. פינצטערניש. 6. פאַרמאַכט. 7. שלאָפן (דעספעקטיוו). 8. ווײַב. 9. האָטעל. 10. plomo.

— כ׳וויים נישט, מיין מאַן, — הערט ער גיטעלעס ענטפער, — עפן אויף לאָדן און פענצטער און גיב אַ קוק — אפשר האָט זיך ליבער נאָמען, וואָס האָט דיך איבערגעביטן, דיר אַ מיצווה צוגעשיקט...

„איבערגעביטן? ווען? ווי אַזוי פאַרביטן?" אַרבעט אומזיסט דעם אַרענ־דאַרס מוח. עפנט זיך דערוויַיל, פון אינעווייניק, דער לאָדן, דערנאָך דאָס פענצטער, און עמעץ קוקט אַרויס — —

ווערט דער אַרענדאַר שוין גאָר צעטומלט: זיַין פּנים, זיַין העמד און זיַין שלאָפמיצל מיטן זילבערנעם קווייטל.

און „יענער" — הערט ער — זאָגט:

— גיי נישט צו, גיטעלע, עפּעס אַ נאַקעט משוגעת... אַ רחמנות! דער־לאַנג מיר פאַר אים עפּעס, די הרפּה צוצודעקן; נאָר אַלטוואַרג, גיטעלע, ער ווערט אין זיַין משוגעת סיַי ווי סיַי אַלץ פון זיך אַראָפּריַיסן...

— גיב, גיטעלע, אַ העמד, אַ פּאָר הויזן... און אַ היטל — מיטן בלויזן קאָפּ איז ער אויך! און אַ חלה, גיטעלע — ער איז אַוודאי אויסגעהונגערט, נעבעך!

בליַיבט דער אַרענדאַר פאַרשטיינערט. און אין אַ וויַילע אַרום זעט ער מיט אויסגעגלאָצטע אויגן, ווי „יענער" וואַרפט אים דאָס אַלץ אַרויס! און דאָס פענצטער ווערט באַלד פון אינעווייניק פאַרמאַכט און פאַרלאָדנט...

— אַן אומגליק האָט מיך געטראָפן, — ברעכט זיך דער אַרענדאַר די הענט, — עפּעס אַ שווינדלער געקומען, פאַרשטעלט זיך און צוגענומען מיַין האָב און גאָב (11)...

לויפט ער צו צום לאָדן פון דער קינדערשטוב, קלאַפּט אָן און רופט:

— יאַנקעלע, משהלע, שיינדעלע! איַיער טאַטע קלאַפּט! עפנט אויף! ס׳האָט אים אַן אומגליק געטראָפן...

זענען, אַפּנים, די קינדער נאָך נישט געשלאָפן.

ענטפערט יאַנקעלע פון בעט אַרויס:

— מאַכט נישט קיין חוזק, רב ייִד!... מיַין טאַטע איז ערשט די רגע דאָ געווען... די קישנס מיר פאַרריכט...

משהלע באַרימט זיך:

— מיט מיר קריאת־שמע געלייענט...

שיינדעלע מיטן קלינגענדיקן קולכל באַשטעטיקט:

— יאָ, יאָ! און אונדז אַלע דריַי, צום ערשטן מאָל, געקושט... אַ „גוטע נאַכט" געזאָגט...

— מיט מיר וועט ער אַלע אָוונט קריאת־שמע (12) לייענען! — באַ־רימט זיך משהלע וויַיטער.

און יאַנקעלע שיט צו זאַלץ אויף די וווּנדן:

---

11. פאַרמעגן, ריַיכטום. 12. תפילה פאַרן שלאָפן.

— און הײַנט אין שטאָט געװען, דער טאַטע! פאַר אונדז אַ מלמד באַשטעלט; יאָ, יאָ!

און שײנדעלע גיט נאָך צו:

— הערט, ר׳ ייִדי! נאָרן דאַרף מען נישט... נאָר אויב עס פעלט אײַך עפּעס, האָט קײן מורא נישט. קלאַפּט אָן בײַם טאַטעשיס פענצטער... װאָרעם די מאַמע זאָגט, אַז גאָט, ברוך הוא, האָט אויסגעהערט איר געבעט און דעם טאַטן איבערגעביטן, אַ גוטן, װױלן טאַטן האָבן מיר אַצינד!

„שלעכט, דאָ איז אַ שרעקלעכער שװינדל געשען!“ — פלאַמט אויף אין אַרענדאַרס מוח, — אָפּגענאַרט דאָס װײַב, די קינדער; מע מוז, כאָטש האַלבע נאַכט, לויפן צום פּריץ! אין קײטן װעט ער אים פאַרשיקן!“

קאַפּיטל 5.

דער אַרענדאַר באַקומט שמיץ און שלאָפט אײַן אין ראָװ בײַם װעג.

װעט ער דאָך נישט לויפן נאַקעט, און די געדערעם (1) ליגן אים נישט אויף איין אָרט; לויפט ער צוריק צום ערשטן פענצטער, כאַפּט און מאַכט צװײ־דרײַ בים פון דער הלה. ציט אויף זיך אַרויף די בגדים, טראַכטנדיק דערבײַ מיט כּעס:

„אַהאַ! דאָס האָט די פּלוניתטע, אונטער מײַן װיסן, פאַר די שנאָרערס(2) אָנגעגרייט! באַצאָלט װעט װערן מיטן פּריצס הילף — מיט פּראָצענט!“

און ער לויפט.

לויפט ער איבערן גערטל און שלאָגט זיך אָן אין אײַלעניש אין אַ בוים; פּונקט אָן דעם בוים, אונטער װעלכן דער אָרעמער גייער איז געשטאַנען.

— תּליון (3) מײַנער! — שרײַט ער אויס, גלײַך יענער װאָלט נאָך דאָרט געשטאַנען, און לויפט אַרויס, מיט שװייס באַדעקט.

צום פּריץ איז אַ מהלך (4). זומער איז די נאַכט נישט קײן גרויסע, קומט ער צו צום הויף, הייבט שוין אָן גרויען דער טאָג.

זעט ער, אַז דער פּאַלאַץ איז באַלויכטן. אין גרויסן הויף שטייט געשפּאַנט דעם פּריצס קאָטש, די פערד הירזשען און קלאַפּן מיט די פּאָדקאָװעס אָן די שטיינער. — דער פּריץ קומט אַרויס, זעצט זיך אין קאָטש אַרײַן, מען עפנט דעם טויער... אַ קנאַק מיט דער בײַטש. די קאָטש רירט זיך פון אָרט. אַרום דער קאָטש רײַטן פיר פון פּריצס קאָזאַקלעך (5). מיט שטורקאַצן (6) אין די הענט; נאָך דער קאָטש — די רעשט...

מע פאָרט אַרויס פון טויער.

מײַן אַרענדאַר קלערט נישט לאַנג, גיט זיך אַ װאָרף פאַר די פערד אין דער ברייט, דער שמײַסער האָט קוים צײַט געהאַט אײַנצוהאַלטן די פערד.

---

1. קישקעס. 2. בעטלערס. 3. verdugo. 4. זייער װײַט. 5. דאָ: באַדינערס אויף פערד. 6. antorchas.

— וואָס איז? — פרעגט דער פריץ פון קאַטש אַרויס.

לויפט צו צום אַרענדאַר אַ קאַזאַקל און בייגט צו'ן אים אַראָפּ דעם שטורקאַץ, קוקט און ענטפערט צו דער קאַטש צו:

— עפּעס אַן אָרעמער ייִד!

שפּרינגט אויף דער אַרענדאַר:

— פּריץ־לעב, חלילה, נישט קיין אָרעמער ייִד... איך, דײַן אַרענדאַר, מיט אַ נייטיק מישפּט... סכּנת־נפשות (7)! אַ גנבֿ, אַ שווינדלער. —

— ווער עס איז, — האַקט אים דער פריץ איבער, בייז, — איך פאָר אַוועק!

און אַז דער אַרענדאַר וויל נישט אָפּטרעטן:

— זאָל ער גיין צום רבֿ! טרײַבט אים פון וועג!

קאַרגן די קאַזאַקלעך פאַר אַ ייִדן קיין קלעפּ נישט; קאָלערט זיך דער אַרענדאַר, אונטער די שמיץ, פון וועג אַראָפּ, אין ראָוו (8) אַרײַן...

די קאַטש איז פאַרשוווּנדן.

שטיל איז געוואָרן. און דער געשמיסענער, צעווייטיקטער אַרענדאַר שלאָפט אײַן אין ראָוו בײַם וועג...

## קאַפּיטל 6.

פון ראָוו צום רבֿ, פון רבֿ אין הקדש אַרײַן.

נישט לאַנג איז דער אַרענדאַר געשלאָפן אין ראָוו...

קוים האָט זיך רעכט געררייטלט דער מאָרגן, און פון ביידע זײַטן וועג האָבן זיך אויפגעהויבן פייגל און געלאָזט זיך מיט גערויש און געפּילדער אַרויף, צום ליכטיקן הימל...

האָט עס אים אויפגעוועקט. פאַרשטייט ער נישט: וואָס טוט ער דאָ? וואָס ברעכן אים אַזוי אַלע ביינער? ווי קומט ער צו ליגן און שלאָפן אין ראָוו? וואָס פאַר אַ קליידער טראָגט ער עס? וואָס פאַר אַ בייזער חלום חלומט זיך אים?

פליט גראָד אַ פייגעלע נידעריק פאַרבײַ, מאַכט אַ ראָד אַרום זײַן קאָפּ, קוקט אים מיט די לוסטיק־לאַכנדיקע אייגעלעך אין פּנים אַרײַן; דערמאָנט ער זיך פּלוצלינג אַלץ מיט אַ מאָל, און כאַפּט זיך אָן בײַם קאָפּ...

מען האָט אים באַגנבֿעט און באַשווינדלט, און דער פריץ, דער שופט, איז אַוועק קיין וואַרשע! איבערגעלאָזט אים, ווי אַ יתום...

פאַלט אים אײַן: מע מוז דערוווײַל אָפּראַטעווען די חובֿות בײַ לײַט.

לויפט ער צו דער פאַרשטאָט, קלאַפּט אָן בײַם ערשטן בעסטן פּויערישן בעל־חובֿ (1).

---

7. זייער געפערלעך. 8. גראָבן לענגאויס דעם וועג.

1. וואָס קומט געלט.

— העי, וואַסיל, כ׳דאַרף גראַד נייטיק געלט, גיב מיר אָפּ דעם חובֿ!
קוקט וואַסיל דורכן פענצטערל אַרויס און פרעגט:
— ווער ביסטו, ייִד? וואָס פֿאַר אַ חובֿ האָסטו ביי מיר?
— דערקענסט מיך נישט? איך בין דאָך דער אַרענדאַר!
צעלאַכט זיך וואַסיל אויף אַ קול און קומט אַרויס מיט דער גאַנצער מישפּחה פאַר דער טיר.
— געפעלט אייַך, — פרעגט ער, — אַזאַ משוגעת? טראָג דיך אָפּ, איך רייץ אויף דיר אָן די הינט...
לויפט דער אַרענדאַר צום צווייטן בעל־חובֿ און טרעפט אים שוין פאַר דער טיר. דערזעט אים דער פויער, לויפט ער צו צום פענצטערל, פויקט מיט די פינגער דורך דער שויב אין שטוב אַרייַן און רופט:
— העי, קינדער! קומט אַרויס, וועט איר זען אַ משוגענעם ייִדן...
און אַזוי איבער דער גאַנצער פאַרשטאָט. מע לויפט אויף זייַן בייז וווּנדער; מע וואַרפט אים נאָך שטיינער און שטעקנס; די הינט רייַסן אים די פאָלעס. קוים אַ לעבעדיקער איז ער פון פאָרשטאָט אַרויס, אין שטאָט אַרייַן געקומען, און לויפט צו די ייִדישע בעלי־חובֿות...
און ער האָט שוין די העזה (2) נישט צו זאָגן, אַז ער איז דער אַרענ־דאַר. זאָגט ער, דער אַרענדאַר האָט אים געשיקט נאָך געלט! און גיט סימ־נים, און ער ווייסט דאָך און קען געבן אמתע סימנים... טרייַבט מען אים פון טיר צו טיר: אַ ייִד — אַ משוגעת, קומט שבת נאָך געלט!
זעט ער, אַז ער איז אין גאַנצן פאַרלוירן, זעצט ער זיך אַנידער אין מיטן מאַרק אויף אַ שטיין און וויינט אין האַרץ, אין דער שטיל, מיט טרו־קענע אויגן.
דער עולם גייט פאַרבייַ דאַוונען, וווייַזט אויף אים איינער דעם צווייטן:
— נעבעך, אַ משוגענער ייִד... ווער ווייסט, פון וואַנען...
ייִנגלעך שטעלן זיך אָפּ... מע וואַרט נאָר, די עלטערע זאָלן אַוועקגיין אין שיל אַרייַן, וועט מען זיך נעמען צום משוגעת... מע זאַמלט שוין שטיינד־לעך אין די טאַשן אַרייַן.
כאַפּט ער זיך אויף און אַנטלויפט באַצייַטנס באַרג־אַראָפּ, צום וואַ־סער צו. דערזעט ער זיך אינעם וואַסער, דערקענט ער זיך נישט! גאָט, ווי ער זעט אויס: צעוואָרפן די האָר, צעקנייטשט און צעקנוידערט דאָס פּנים, אייַנגעפאַלענע ברענענדיקע אויגן... און עפּעס גרויער איז ער געוואָרן אי־בער נאַכט! כאַפּט אים אָן אַ גרויל (3): עפּעס איז ער אַזוי ענלעך געוואָרן צום אָרעמען גייער, וואָס ער האָט ערשט נעכטן פאַרטריבן...
לויפט ער, ווי משוגע, ביים ברעג פון דער ווייַסל, אַ גאַנצן שבת, אויף און אָפּ, ביז די זון איז אונטערגעגאַנגען. דערמאָנט ער זיך פּלוצלינג, אַז דער פּריץ האָט אים געהייסן גיין צום רבֿ. ער וועט דעם פּריץ פאָלגן, ער

2. דאָ: מוט. 3. גרויסע שרעק.

האָט קיין אַנדער עצה נישט. — לויפט ער צוריק דורך הינטערגעסלעך אין שטאָט אַרײַן צום רבֿ.

פֿאַלט ער אַרײַן מיט אַ געשריי:

— רבי, איר מוזט מיך ראַטעווען!

דערלאַנגט אים דער רבֿ קודם־כּל „שלום“ און פֿרעגט, ווער ער איז.

בלײַבט ער שטיין:

— רבי, איך בין דאָך... דער אַרענדאַר בין איך דאָך... — שטאַמלט ער שוין מיט אַ נישט־זיכער קול. צווייפֿלט (4) ער שוין אַליין, צי ער איז באמת דער אַרענדאַר.

קוקט אויף אים דער אַלטער רבֿ אַ לאַנגע ווײַלע מיט גרויס רחמנות און זאָגט דערנאָך אַזוי:

— דעם אַרענדאַר, — זאָגט ער, — קען איך זייער גוט... זיצט דער־ווײַל, רב ייִד...

זעצט ער זיך, דער אַרענדאַר; דער רבֿ קענגנאיבער.

— פֿאַרשטייט איר מיך, — זאָגט דער רבֿ, ניט אַראָפּלאָזנדיק פֿון אַרענ־דאַר דאָס רחמנותדיקע אויג, — ער איז בײַ מיר פּריִיטיק נאָכן אָנבײַסן געווען, דער אַרענדאַר...

הערט ער אין געהאַקטע ווונדן. און דער רבֿ פֿאַרציילט:

— ער האָט זיך, הערט איר, שטאַרק געענדערט, דער אַרענדאַר; גאָר א י ב ע ר ג ע ב י ט ן !...

— ווי הייסט? — וויל אויפֿשפּרינגען דער אַרענדאַר.

לייגט אים דער רבֿ אַ האַנט אויף אַן אַקסל און זעצט אים צוריק, און דערציילט ווײַטער:

— געווען... גערעדט אין פּשטות (5) אַרײַן, אַן גאווה (6).. אַ סך גע־רעדט... מענטשלעך, ייִדישלעך... און איבערגעלאָזט דערנאָך אַ היפּש ביסל געלט פֿאַר אָרעמע לײַט... און אויף הלבשה (7) פֿאַר תּלמוד־תּורה־קינדער... איר הערט? אַפֿילו צוגעזאָגט צו געבן האָלץ פֿון וואַלד, צו פֿאַר־ריכטן די שול... און געבעטן, איך זאָל אים שיקן אַ גוטן מלמד פֿאַר די קינדער...

דערמאָנט זיך דער אַרענדאַר אָן די קינדערס רייד און עס כאַפּט אים אָן אַ ספּאַזמע אין האַלדז, און ער קען שוין קיין וואָרט נישט אַרויסברענגען...

און דער אַלטער רבֿ נעמט צונויף אין איין האַנט אַרײַן ביידע שפּיצן פֿון דער גרויער באָרד און קוקט אויף אים אַ לאַנגע ווײַלע מיט באַרעמ־האַרציקע (8) אויגן, און ענדלעך זאָגט ער:

— מילא, דער אַרענדאַר זענט איר נ י ש ט . . . אלא מאַי, איר האָט אַן אײַנרעדעניש... איז עס אַ שטראָף פֿון זײַן ליבן נאָמען, מוז מען אָננעמען

---

4. איז ניט זיכער. 5. זייער פּשוט. 6. גרויסהאַלטערײַ (altanería.) 7. קליידער. 8. רחמנותדיקע.

פּאַר ליב... און דעריבער ראָט איך אײַך, מײַן ליבער ייִד, גייט אין הקדש (9) אַרײַן... עס האַלטן זיך דאָרט אויף אַ חבֿרה אָרעמע לײַט, נעכטיקט מיט זיי איבער אין הקדש — און אין דער פֿרי וועט איר באַקומען קיצבֿה (10) גלײַך מיט אַלע אָרעמע ייִדן, און וועט אײַך לאָזן מיט זיי צוזאַמען איבער דער וועלט... צו ד ע ר פּרנסה וועט איר גראָד טויגן...

— רביצין (11)! — רופֿט דער רבֿ, זיך אויפֿהייבנדיק, אין דער צווייטער שטוב אַרײַן, — גיב דעם ייִד אַ גלעזל וואַרעמס... און אַז ער וועט עס אויסטרינקען, זאָג דעם שמשׂ, ער זאָל אים אָפּפֿירן אין הקדש אַרײַן... און זאָל ער, למען השם, זען, ער זאָל האָבן אַ שטיקל געלעגער אויף איבער נאַכט. ער וועט נעכטיקן, דער ייִד... זאָל ער האָבן גוט צו שלאָפֿן... איך מוז גיין וועגן אַ מלמד פֿאַרן אַרענדאַר...

און שפּעטער, אַז דער שמשׂ איז צו אים צוגעקומען, נעמען אין הקדש אַרײַן, האָט זיך שוין דער אַרענדאַר שטיל אונטערגעגעבן (12) און געלאָזט זיך פֿירן...

## קאַפּיטל 7.

בײַ אַ חבֿרה קבצנים — אַ חתונה — אַרײַן אין אייגענעם בעט.

דער אַרענדאַר האָט זיך אונטערגעגעבן.

ער האָט שוין פֿאַרשטאַנען, אַז דאָס האָט אים זײַן ליבער נאָמען געשטראָפֿט פֿאַר די רייד: ער האָט טאַקע נישט צוגענומען דאָס פֿאַרמעגן בײַ אים, נאָר — אים פֿון פֿאַרמעגן...

— פֿאַרפֿאַלן!

און שוין יאָרן־לאַנג, אַז ער גייט אַרום מיט די קבצנים איבער דער מדינה, פֿון ייִשוב צו ייִשוב, פֿון הויז צו הויז, פֿון טיר צו טיר, מיט אַ בײַטעלע אויף גראָשנס אין קעשענע, און אַ טאָרבע אויף שטיקלעך ברויט און חלה איבערן האַלדז.

פֿון אָנהייב האָט ער די גוטע צײַטן געטריבן פֿון זיך מיט געוואַלט... דערנאָך זענען די זיכרונות מטושטש געוואָרן (1)...

ער פֿלעגט זיך נאָך אַ מאָל אויפֿכאַפּן ערגעץ אין אַן אורחים־הויז און אַ געשריי טון:

— משרת! שפּאַן אײַן צום פּריץ!

אָדער:

— גיטל, הײַנט מאַך אַ שטרודל!

אָדער אַראָפּשפּרינגען פֿון געלעגער:

— סאָקאָל! (אַזוי האָט זײַן הונט אַ מאָל געהייסן) עמעץ דרייט זיך אַרום הויז!

---

9. אָרט פֿאַר אָרעמעלײַט. 10. נדבֿות. 11. טיטל פֿאַר דעם רבֿס פֿרוי. 12. se rindió.

1. פֿאַרווישט, ניט קלאָר.

און לייזן אַ פּסק פון חבֿרים־בעטלערס:

— האַלט ס'מויל, משוגענער!

„משוגענער" האָט מען אים גערופן...

מיט דער צײַט אָבער זענען די הקומות פון די גוטע יאָרן אויך פאַר־שוווּנדן...

נאָך אַ יאָר און נאָך אַ יאָר, האָבן די אַלטע צײַטן אים אַליין אויס־געזען, ווי אַ חלום... און ער האָט אויפגעהערט צו גלייבן אין חלום... ווער ווייסט, ווער ער איז, פון וועמען ער שטאַמט, פון וואַנען ער קומט... ער האָט מיט דער צײַט זײַן נאָמען פאַרגעסן; צײַט ער האָט אויפגעהערט צו שרײַען בײַ נאַכט,רופט מען אים „שטיל משוגעת". איז דאָס זײַן נאָמען...

נאָך אַ צײַט מיט יאָרן איז אַרויס אין; דער סבֿיבֿה, ווו די חבֿרה קבצנים האָט זיך געדרייט, אַ קלאַנג, אַז ערגעץ אין אַ ווײַטער שטאָט וועט זײַן זייער אַ רײַכע חתונה, מיט אַ גרויסער אָרעמער סעודה. קלויבט זיך די חבֿרה קבצנים אַהין צו דער חתונה; גייט „שטיל־משוגעת" אויך מיט דער חבֿרה צוזאַמען.

איז אין שטאָט אַרײַן אַ מהלך געווען... און אין יעדער קהילה שטייט מען אַ ביסל. געכטיקט מען אין אורחים־הויז, מע נעמט „קיצבֿה" און עפּעס אָנצובײַסן אויפן וועג... קומט מען אַ ביסל שפּעטלעך. קוים צײַט געהאַט צו לויפן אין מרחץ (2) אַריין, זיך אויסוואַשן, די בערד אויסצוקעמען און אָפּ־רייניקן די מלבושים. די אָרעמע סעודה איז גרייט, אין אַ סאַליע די טישן גע־דעקט מיט אַלעם גוטן — צוויי פּעסער ביר געעפנט, אַ פאַס מעד...

זעצט מען זיך אַרום די טישן.

דער מהותן מיט דער מהותנתטע, און די כּלה אין דערמיט — אויבנאָן; די סעודה איז געווען פון כּלה־צד...

זיצט „שטיל־משוגעת" און וואַרפט אַן אויג אויפן טיש: באַקאַנטע טעלער, באַקאַנטע מעסער און גאָפּל און לעפל... ער קוקט זיך בעסער צו: זײַנע אותיות בײַ דער פּרווו...

הערט ער, ווי די מחותנתטע זאָגט:

— עסט, ייִדן, און טרינקט געזונטערהייט און בענטשט מיר די כּלה מײַנע, און ווינטשט גוטע יאָרן דעם זיווג (3)...

דערקענט ער דאָס קול: גיטעלעס קול.

הייבט ער די אויגן אויף: זײַן טאָכטער שיינדעלע איז די כּלה.

הייבט דער מחותן אויף אַ כּוס און רופט:

— לחיים, ייִדן, לחיים!

איז עס זײַן אייגן קול פון אַמאָל...

דערשרעקט ער זיך, ווערט אים נישט גוט, פאַלט ער אַרונטער אויפן אָנלען פון בענקל.

---

3. באָד. 4. יונגע פּאָר.

זאָגט דער מחותּן צו צוויי פון די סאַרוועדס (4), וואָס דרייען זיך אַרום טיש:

— נעמט דעם ייִדן, וואָס עס איז אים. לאַ עליכם, נישט גוט געוואָרן, אין דער שטוב אַרײַן, ווי עס ברענט אין אויוון, און טוט אים אויס, און לייגט אים אין בעט אַרײַן... און איך וועל נאָכקומען זען, צי מע וועט, חס־ושלום, נישט דאַרפן אַ דאָקטאָר...

קרימען זיך די סאַרוועדס אַ ביסל — נאָר אַז דער מחותּן הייסט, פאָלגט מען...

אין אַ מינוט אַרום ליגט שוין אונדזער אָרענדאַר אין זײַן שטוב, אין ז ײַ ן בעט, אויף ז ײַ ן קישן, אונטער ז ײַ ן איבערבעט, און קוקט פאַרדולט (5) אין פײַער פון אויוון... איז עס אַ בייזער ווילדער חלום געווען?...

די סאַרוועדס גייען, דער מחותּן קומט אַרײַן און פרעגט:

— נו, פעלט אײַך עפּעס, אורח־לעב?

— ניין... — און פאַרמאַכט די אויגן...

און אין אַ ווײַלע אַרום עפנט ער זיי ווידער:

— איך וויל אײַך עפּעס פרעגן, נאָר איר זאָלט קיין פאַראיבל נישט האָבן...

— חס־ושלום! — ענטפערט דער מחותּן מיט אַ וווּנדערלעכן שמייכל.

— זאָגט נאָר בפירוש, וואָס איר ווילט... דאָס גרעסטע נחת פון אַ מענטשן איז, אויב ער קען עפּעס צוליב טון אַ צווייטן...

קרעכצט דער בעטלער אָפּ און זאָגט:

— זאָגט מיר, כ'בעט אײַך: ווער איז דער חתן אײַערער און וואָס?

ענטפערט דער מחותּן, מיט דעם זעלבן שמייכל און גאָרנישט פאַרוווּנדערט אויף דער שאלה:

— אַ רבֿס אַ זון, אַליין אַ למדן אַ גרויסער, און אַ מזג־טובֿ (6) — מיט אַלע מעלות...

ציט זיך דער בעטלער אויס איבערן בעט:

— מעג איך שוין שטאַרבן! — זאָגט ער, און הייבט אָן צו ציטערן.

— ניין, אורח־לעב, — זאָגט דער מחותּן לאַכנדיק... מע שטערט נישט קיין ייִדישע שׂימחה! מען שטאַרבט נאָך נישט... אײַך איז נאָר קאַלט. זעט, וואָס איך טו...

און ער כאַפּט דעם אורחס אָנטון פון בענקל אַראָפּ און וואַרפט עס אין פײַער אַרײַן...

דאָס פעטע אָנטון צעפלאַקערט זיך אויפן פײַער.

— איר, — זאָגט דער מחותּן, — וועט נעמען אויף זיך מײַנע, דאָס הייסט, אײַערע מלבושים. געננוג שוין געליטן...

---

4. מענטשן וואָס באַדינען צום טיש. 5. צעמישט. 6. גוטער כאַראַקטער.

און פּהרף־עין (7) וואַרפֿט ער פֿון זיך די מלבושים אַראָפּ און ער אַליין פֿאַרשווינדט...

**דאָס אַכטע און לעצטע קאַפּיטל.**

ענדע גוט — אַלעס גוט.

איז מיט אַ מאָל דעם אָרעמען אָרענדאַר אויפֿגעגאַנגען אַ ליכט אין די אויגן...

האָט ער פֿאַרשטאַנען, אַז ער איז שוין אָפּגעקומען (1), אַז עס האָט זיך געענדיקט די שטראָף...

לויבט ער מיט גרויס פֿרייד גאָט אין האַרץ...

און עס באַנײַען זיך אים פּלוצלינג די כּוחות, און ער שפּרינגט אַרויס פֿון בעט, כאַפּט אויף זיך די איבערגעלאָזטע קליידער, און לויפֿט אַרויס — אַ מהותּן צו די אָרעמע געסט...

זאָגט גיטעלע מיט אַ ליבן שמייכל:

— נו, מײַן מאַן, נישט גלײַכער אַזוי?

און שיינדעלע פֿאַלט אים אויפֿן האַלדז:

— טאַטעשי! אוי, אַ גוטער דו ביסט, טאַטעשי!

אָן קראַנקן אָרעמאַן האָבן עפּעס אַלע גאָר פֿאַרגעסן...

## ב ר י ד ע ר

ווײַסע, ברוינע, שוואַרצע, געלע —
מישט די פֿאַרבן אוים צוזאַמען:
אַלע מענטשן זײַנען ברידער
פֿון איין טאַטן, פֿון איין מאַמען.

אויך איין גאָט האָט זיי באַשאַפֿן,
און איין פֿאָטערלאַנד — די וועלט;
אַלע מענטשן זײַנען ברידער,
דאָס איז איין מאָל פֿעסטגעשטעלט.

אַלע מענטשן זײַנען ברידער,
שוואַרצע, ווײַסע, ברוינע, געלע...
אַנדערש זײַנען נאָר די פֿאַרבן,
די נאַטור איז דאָך די זעלבע.

---

7. אין איין מאָמענט.

1. שוין איבערגעקומען; געליטן גענוג.

# ווען אַן אַלטער בוים האָט זיך צעלאַכט

(אַן אַלט־אינדישע פאַבל)

## א

האָט איר, קינדערלעך, אַ מאָל געזען, ביימער זאָלן לאַכן?

קיין וואונדער נישט; איך בין אַ ביסל עלטער פאַר אײַך און האָב עס אויך נישט געזען.

אָבער אַ מאָל, אין אַלטע, גראָע צײַטן, ווען די פאַבל (1) איז נאָך יונג און שטראַלנדיק געווען, פלעגן זיך טרעפן וואונדערלעכע זאַכן. און אין אינ־דיע, וווּ די פאַבל איז געבוירן געוואָרן און איבער דער וועלט זיך צעשפּרייט, האָט אַ מאָל בוים געלאַכט.

און אינעם אינדישן פאַבל־לאַנד, אין אַ שטיקל לאַנד־ווינקעלע איז זיך דעמלט אַ טײַכל געפלאָסן. אַ שטיל טײַכל, אַ ריין־קרישטאָלנס, אויף אַ שמאָל, נישט זייער טיף געלעגער (2), מיט גאָלדענעם זאַמד אויסגעבעט, אונטער אַן אינדישן, שטילן הימל אַ בלאָען, צווישן ברעגעס, אויף וועלכע עס זײַנען געוואַקסן די שענסטע וואַסער־ליליען, די הערלעכסטע לאָטאָס־בלומען.

און געלעבט האָט אין יענער אַלטער צײַט, אין דעם טײַכל אַ שטילע, קליינע פאַמיליע פישלעך גאָלדענע; אמת, אויך אַ קראַב (3) אַ גרויסער, מיט צוויי שטאַרקע, ריזיקע שערן באַוואָפנט (4), איז אין טײַכל געווען. מיט אים האָבן זיך אָבער די גאָלדענע פישלעך נישט געהאָברט און אים מיט אָפּשײַ (5) שטענדיק דעם וועג אָפּגעטראָטן. געלעבט האָבן די פישלעך אין דער משפחה, דאָס טײַכל איז זיך, מורמלענדיק פריילעך, זינגענדיק געפלאָסן, און די פישלעך האָבן אין קרישטאָלענעם וואַסערל ווי אין אַ גן־עדן געלעבט. אָן אָפּגעלעגן וואַסערל, מע זעט קיין פישער נִיט. לעבט מען אין וווילטאָג (6) און מע לויבט גאָט.

פון צײַט צו צײַט שפּילט מען זיך, גיט מען אַ שאָס אַרויף אין דער הייך, עטלעכע גליטש איבערן גלאַנציק־שטראַלנדיקן וואַסער־שפּיגעלע, אַ קוק אין בלאָען הימל אַרײַן — און צוריק צו דער משפּחה.

---

1. משל. 2. טײַכבעקן (lecho). 3. cangrejo. 4. armado. 5. דרך־ארץ. 6. לוקסוס, גוט לעבן.

גאַר נאָענט צום טײַכל איז אַ זומפּיק (7) שטיק לאַנד געלעגן, און אין מיטן זומפּ איז אַן אַלטער בוים געשטאַנען, אײנער אַלײן. אויף אים האָט זיך אַ שטאָרך (8) זײַן נעסט געבויט; אין נעסט זיך אויפגעהאַלטן בײַ נאַכט. בײַ טאָג פלעגט דער שטאָרך אַרומגײן אויף זײַנע לאַנגע שטאַרקע פיס איבערן זומפּ, אויסקוקן מיט זײַנע ברוין־רויטלעכע אײגעלעך זײַן חיזנה (9) אין זומפּ; די ווערעמלעך, וואָס ער האָט אַזוי ליב, אויסגעקוקט; דערזען, דעם לאַנגן קופּערנעם שנאָבל (10) אַ שטעק אַרײַן — נישטאָ. געכאַפּט און געשלונגען; אײנס, צװײ, דרײַ, און אַזוי װײַטער, ביז ער איז זאַט און איבערזאַט געװאָרן, און די ליבע שפּײַז צו פאַרדײען זיך (11), װי זײַן שטײגער איז, אויף אײן פוס געשטעלט, די ברוין־רויטע אײגעלעך באַלד צוגעשלאָסן...

דערנאָך פלעגט ער זיך ברײטלעך שפּאַצירן איבערן זומפּ, מעשה באַלעבאָס נאָך אַ גוטן מאָלצײַט. טײל מאָל פאַר װױלטאָג מיטן שנאָבל צו קלאַפּן, אַ מאָל נאָך אויף די לאַנגע שטאַרקע פיס אַ טענצל זיך לאָזן, מיט די אַש־גראָע שטאַרקע פליגל צוקלאַפּנדיק.

פון דעם אַלעם אָבער האָבן די פישלעך נישט געװוּסט, דאָס אַלײן האָבן די לאָטאָס־בלומען פאַר זײ פאַרשטעלט...

ב

און אַזוי איז געװען לאַנג, לאַנג, ביז עס איז אויף די גאָלדענע פישלעך אַ שלעכטע צײַט געקומען, און אויף זײער פרעמדן שכן דעם קראָב — אויך, און אויפן שטאָרך, װאָס אויפן זומפּ, — אויפן גאַנצן װינקל אין לאַנד.

אין דער געגנט זענען גרױסע היצן געװאָרן, װאָס אַ טאָג הײסער; די זון — אַלײן ברענענדיקער, און דאָס טײַכל טריקנט אײַן. װאָס גאָט שיקט אַ טאָג, פאַלט דאָס װאַסער־שפּיגעלע נידעריקער, די ברעגן פון בײדע זײַטן הײבן זיך אַלץ העכער און העכער. און װאָס אַ נײַע זון, אַלץ דאַרשטיקער (1) איז זי און האַלט שוין בײַם אויסטריקענען דאָס גאַנצע טײַכל.

װאָס װעלן די גאָלדענע פישלעך טאָן? זײער שפּײַז איז אין װאַסער, זײער אָטעם — אין װאַסער! שװימען זײ אַרום אין פאַלנדיקן טײַכל, װי אָן קעפּ, צעשראָקן, מיט יעדער שעה פאַרצװײפלטער (2), מע שפּילט שוין ניט, מע קרעכצט, אַז גאָט זאָל זיך דערבאַרעמען (3).

פון צײַט צו צײַט שװימט אַרויף אַ פיש פון דער אומגליקלעכער פאַמיליע אויפן װאַסער־שפּיגל אַרויף, צו זען, צי װײַזט זיך נישט ערגעץ אין הימל אַ צײכן אויף אַ װאָלקן, אַן אָנזאָג אויף רעגן... צי הײבן זיך נאָך די ברעגעס, צי איז אַלײן די זון אַזוי ברענענדיק דאַרשטיק?

---

7. pantanoso. 8. בושל (cigüeña). 9. שפּײַז. 10. מויל (pico). 11. digerir.

1. װאָס װיל טרינקען. 2. desesperado. 3. רחמנות האָבן.

און באַקומען באַלד אַ שטאָך אין רוקן פון אַ זונענשטראַל, פאַלן אַראָפּ און פאַרציילן, טאָג אויף טאָג, די זעלבע בשורה:

— דער ברעג הייבט זיך, מיר זעען שוין קוים די שפּיצן פון די לאָטאָס־בלומען, זייערע שאָטנס לייגן זיך שוין נישט איבערן וואַסער, און דער הימל איז גליִענדיק (4) רויט, און די זון שיסט מיט פֿײַערדיקע פֿײַלן (5)...

און דעמלט ערשט זענען די גאָלדענע פישלעך ערשט געוואָר געוואָרן(6) פונעם שטאָרך.

איין מאָל האָט אַן אַרויפגעשיקט פישל זיך אויפן וואַסער־שפּיגלע לענגער פאַרווײַלט, צוריק איז עס אַראָפּ שנער נישט האַלב־געבראָטן און פאַרציילט אַ ווונדערלעכע זאַך. פון וועלכע אירע אויגן, וואָס האָבן עס צום ערשטן מאָל געזען, האָבן זיך נישט געקאָנט אָפּרײַסן:

— אַ ווונדערלעכע חיה געזען. בײַם ברעג, איבערן טײַכל געבויגן, איז זי געשטאַנען, און אויף איין פוס, און פאַרטראַכט, די אויגן האַלב צוגע־מאַכט... מיט די גרויסע אַש־גראָע פליגלען קיין ריר נישט געטאָן. וואָס קאָן עס זײַן?

דאָס זעלבע האָט געזען אַן אַנדער פישל צו מאָרגנס, אַ דריטס — אויפן דריטן טאָג... און דאָס ווונדער וואַקסט: די פליגלען, זאָגט מען, זענען שטאַר־קער, לענגער און ברייטער! און קוקן קוקט ער אַלץ מיט האַלב־פאַרמאַכטע אויגן אין וואַסער אַרײַן...

איז געבליבן, עס זאָל אַרויפשווימען אַן עלטערער, קליגערער פיש און רעדן מיט דער ווונדערלעכער חיה — אפשר וועט פון איר קומען הילף. די חיה שטייט אויף איין פוס, מוז זי זײַן אַ פרומע, און האָט אַ נדר געטאָן (7) פאַר גאָט אויף איין פוס צו שטיין, פּײַניקט זיך (8) דערמיט, צוליב זײַן ליבן נאָמען... און זי טראַכט אַלץ און טראַכט, און טראַכט שוין אַזוי לאַנג, מוז זי שוין זײַן קלוג, זייער קלוג, — אפשר וועט זי די אָרעמע פישלעך אַן עצה געבן אין היציקן אומגליק, וואָס זיי האָט געטראָפן...

און אַזוי איז געוועזן. אַן עלטערער פיש איז אַרויפגעשווומען:

— גרויסע, מעכטיקע חיה! דערלויב אַן אָרעמען גאָלדפיש דיך עפּעס צו פרעגן! — שרײַט צום ברעג אַרויף דער פיש.

און פון דער הייך קומט דער ענטפער:

— פרעג!

פאַרציטערט פאַר גרויס פרייד און גליק, פרעגט דער פיש:

— צוליב וואָס האָסטו אַ נדר געטאָן און שטייסט אויף איין פוס?...

— צוליב אײַך! — פאַלט אַראָפּ פון שטאָרכס שנאָבל אַן ענטפער.

און ער פאַרטײַטשט:

---

4. ברענענדיק. 5. flechas. 6. זיך דערוווּסט. 7. געגעבן אַ וואָרט. 8. אַנטאָן זיך ווייטאָגן.

אין מיטן פעלד שטייט אַ בוים, וווּ זײַן הויז שטייט, וווּ ער וווינט. פֿון טײַך אַרויס זעט מען נישט דעם בוים, אָבער פֿון בוים אַראָפּ זעט מען דעם טײַך, און ווײַל ער איז קלאָר, דער טײַך, און דורכזיכטיק — אויך זײַנע אײַנ־וווינער, די פֿישלעך. און ער האָט זיי אין זייער פּײַן (9) געזען און זיך צום האַרצן גענומען, און אַ נדר געטאָן: אַזוי לאַנג ווי עס וועט זיך קיין וואָלקן נישט באַווײַזן, וועט ער שטיין אויף איין פֿוס!

— און וואָס טראַכטסטו אַזוי שטענדיק, דו באַרעמהאַרציקע (10) גרויס־חיה?

— אויף וועגן אײַך! איך טראַכט אַ רעטונג (11) פֿאַר אײַך!

— און וואָס האָסטו אויסגעטראַכט, קלוגע חיה?

— דערטראַכט האָב איך זיך דערצו, אַז איר וועט מוזן וואַנדערן...

— מיר — וואַנדערן?

— אין אַן אַנדער, גרעסער וואַסער אַרײַן! אין אַ וואַסער, וואָס ליגט אין שאָטן פֿון הויכע ביימער אין וואַלד, און די זון קאָן צו אים נישט צוקומען, פֿון וואַסער נישט טרינקען! נישט ווײַט איז דער וואַלד, אין מיטן וואַלד איז דאָס וואַסער...

— מיר האָבן דאָך אָבער קיין פֿיס נישט און קאָנען אויף דער טריקע־ניש נישט גיין!

— איך אָפּפֿער מיך (12), — ענטפֿערט דער שטאָרך, — אײַך איבער־צוטראָגן; איינציקווײַז — די גרויסע; קליינע — צו צוויי און דרײַ אין מײַן שנאָבל!

— מיר ווען אָבער שטאַרבן אין דער הייסער, טרוקענער לופֿט!

— ניין! גרויס און מעכטיק זענען מײַנע פֿליגלען. איך וועל אײַך שנעל. ווי דער בליץ, איבערטראָגן, און איר וועט אין גרויסן וואַסער אַרײַן, נאָך איידער אײַערע שופּן און פֿלוספֿעדערן (13) וועלן זיך אָפּטריקענען!

— גיי און זאָג די בשורה (14) אָן די צעשראָקענע פֿיש... און אַזוי זאָג זיי: צעטראָגן זענען זיי און אין שרעק וועלן זיי אפשר נישט גלייבן אין דער בשורה... זאָלן זיי אויסקלויבן איינעם אַ פֿיש, אַ קלוגן פֿיש מיט אַ מוטיק האַרץ, זאָל ער אַרויפֿשווימען, אונטערשפּרינגען. ער וועט אים מיטן שנאָבל אויפֿכאַפּן, אַהין און צוריק מיט אים פֿליִען, — און זאָל ער דערציילן, וואָס ער האָט געזען און איך קאָן! איך וועל נאָך דאָ דערווײַל אויף איין פֿוס שטיין און טראַכטן, און גאָט בעטן, ער זאָל אײַך דאָס האַרץ שטאַרקן צום פֿליִען...

איז דער פֿיש, האַלב פֿון דער זון פֿאַרברענט, נאָר אויך פֿון דער גוטער בשורה דערפֿרייט, צוריק אין וואַסער אַרײַן. און באַלד איז אַרויפֿגעשוווּמען די גאַנצע פֿאַמיליע פֿיש:

— מיר ווילן! מיר ווילן!...

---

9. ווייטאָגן. 10. רחמנותדיקע. 11. הילף, אויסלייזונג. 12. ברענג זיך פֿאַר אַ קרבן.
13. שופּן — escamas. פֿלוספֿעדערן — aletas. 14. גוטע נײַעס.

און איינער אַן אויסגעקליבענער, גראָד אַן אַלטער האַלב־בלינדער פיש, האָט אַ שפּרונג געטאָן. דער שטאָרך האָט אים מיטן שנאָבל אונטערגעכאַפּט, מיט אים אַוועקגעפלויגן און באַלד צוריקגעקומען. און דער פיש פאַרציילט:

— פאַראַן אַ וואַלד, אין וואַלד אַ טײַך, אַ גרויסער טײַך, און די רײַזע דויערט נישט לאַנג, און אין שנאָבל איז נישט אַזוי טרוקן.

און עס האָט זיך באַלד אָנגעהויבן דאָס איבערטראָגן... עלטערע — איינציקווייז, ייִנגערע — צו פּאָרן, גאָר קליינע — צו דרײַ און פיר מיט אַ מאָל...

דער איינזאַמער (15) קראַב האָט זיך צו דעם צוגעקוקט, און נישט געוווּסט וואָס דעריבער צו קלערן; ער האָט דעם שטאָרך נישט געגלייבט.

## ג

און מע האָט דעם שטאָרך נישט געדאַרפט גלייבן...

דער שטאָרך האָט גערן (1) פיש. ער האָט אָבער נישט ליב צו שווי־מען, אײַנגעעצן זיך די לאַנגע פיס. אַז עס איז די טריקעניש געוואָרן, האָט ער זיך אַ לאַנגע צײַט שוין נאָר מיט טרוקענע טויטע ווערעמלעך געשפּײַזט, וואָס האָבן אים נישט זייער געשמעקט. האָט ער זיך צום טײַכל גענענט און געטראַכט:

— אַרײַן און פיש כאַפּן, די פיס נעצן?

און דעמלט זענען אים די פישלעך אַליין אַקעגנגעקומען, אים אין שנאָבל זיך אַרײַנגערוקט...

ער האָט זיי געטראָגן אין דער ריכטונג צום וואַלד, צום טײַך, דערטראָגן זיי האָט ער אָבער נאָר צום איינזאַמען בוים, וואָס איז אין מיטן זומפּ גע־שטאַנען, ווו זײַן נעסט, זײַן היים איז געווען... דעם געטראָגענעם פיש פון שנאָבל אויף אַ צווײַג פון בוים אַרויסגעלאָזט, מיטן שנאָבל דורכגעשטאָכן און געזעצט זיך עסן... דאָס פלייש האָט ער אויפגעגעסן, און די פיש־ביינד־לעך האָט ער צו די פיס פון בוים געוואָרפן... ביז צום לעצטן פיש...

און דעמלט ערשט, אַז ער איז אויפסנײַ הונגעריק און פאַר הונגער מאָ־גער און דאַר געוואָרן, האָט ער זיך דערמאָנט, אַז ער האָט אין טײַך אויך אַ קראַב געזען.

— זאָל זײַן, — טראַכט ער, — אַ קראַב... אַ האַרטע הויט האָט ער, וועל איך זי אָפּשיילן...

אײַלט ער אויף די לאַנגע פיס צום טײַכל און רופט:

— קראַב, קראַב!

---

15. עלנטער, וואָס לעבט איינער אַליין.

1. ליב.

באַווײַזט זיך דער ניט־גלייביקער קראַב.

— זײַ מוחל, וואָס איך האָב אָן דיר פֿאַרגעסן, ביסט אויך אַ לעבעדיק באַשעפֿעניש, און איך וויל דיך ראַטעווען (2).

— ווי אַזוי?

— איבערטראָגן...

— אין וואָס?

— אין מײַן שנאָבל, ווי יענע.

— ניין, — ענטפֿערט דער קראַב געלאַסן (3). — קליין און לײַכט זענען גאָלדענע פֿישלעך. איך בין גרויס און שווער און אַ שווערן פּאַנצער (4) טראָג איך. מיך וועסטו אַזוי נישט דערטראָגן, מיך וועסטו אײַפֿן וועג אַראָפּלאָזן, און דאָס וועט זײַן מײַן זיכערער טויט, איך דאַנק דיר!

נישט אַנגענעם איז דעם שטאָרך דאָס צו הערן, און נישט ליב איז אים דער בוים — ער איז הונגעריק. דער קראַב אָבער זאָגט נאָך אַ קורצער ווײַלע:

— אויב דו ביסט באמת אַזוי גרויסמוטיק (5), אַזוי באַרעמהאַרציק, נישט נאָר פֿאַר בליצנדיקע פֿישלעך גאָלדענע, נאָר אויך פֿאַר אַ קראַב אַ שוואַרצן, דערלויב מיר מיט מײַן שער אָנצונעמען דיך בײַם לאַנגן האַלדז, און טראָג מיך צום טײַך.

— גוט! — מוז דער שטאָרך באַשטיין. אין הונגער באַנאַרישט זיך אויך דער קלוגער. און ער פֿליט מיט אים...

אין דער הייך דערזעט באַלד דער קראַב דעם בוים און די ביינדלעך אַרום בוים; נישט אומזיסט, הייסט עס, האָט ער הושד געווען (6) דעם שטאָרך, — אַ גזלן (7)! און ווי דער שטאָרך וויל פֿאַרקערעווען צום בוים, גיט דער קראַב אַ נעם צוזאַמען די שער.

— וואָס צופּסטו מיך? — פֿרעגט דער שטאָרך.

— איך וויל דיר זאָגן, אַז דו ביסט אַראָפּ פֿון וועג, נישט צום טײַך פֿליסטו מיט מיר...

— איך פֿלי צום בוים, צו מײַן היים. דאָרט וועסטו אַ ווײַלע זײַן מײַן ליבער גאַסט...

ציט דער קראַב די שער נאָך ענגער צוזאַמען.

— איך וויל אַצינד נישט זײַן דײַן גאַסט, פֿריִער צום טײַך... דערנאָך אויפֿגעפֿרישט, וועל איך צו דיר שוין קומען...

— ניין, פֿריִער צום בוים!

ווערט די שער נאָך ענגער, שנײַדט זיך אַרײַן אין האַלדז...

— לאָז זײַן, ווי דו ווילסט! — שרײַט דער שטאָרך, — דו אומדאַנקבאַרער (8), נאָר מאַך לויז (9) די שער...

---

2. salvar. 3. פֿאַמעלעך, רויִק. 4. coraza. 5. גוט, ווייליק צו העלפֿן.
6. sospechaba. 7. באַנדיט. 8. וואָס געדענקט נישט קיין טובֿה. 9. לאָז אָפּ.

מאַכט ער, דער קראַב, עטוואָס לויז די שער. דער שטאָרך זעט שוין, עס איז שלעכט, ער וויל זיך שוין פון קראַב און זיין שער באַפרײַען און גיט מיט אים אַ פלי, גראָד צום וואַסער צו, פליט שוין איבערן וואַסער...

— אַצינד לאָז אָפּ, וואַרף זיך אין וואַסער אַרײַן.

אָבער איידער דער קראַב האָט דאָס געטאָן, האָט ער דעם גזלן מיט דער שער דעם האַלדז איבערגעשניטן...

און דעמלט האָט דער אַלטער בוים, וואָס האָט אַלץ שווײַגנדיק געזען און זיך נישט אַרײַנגעמישט, זיך האַרצלעך צעלאַכט!



# דאָס געבעט

רבונו־של־עולם!
נאָך ווייניק געליטן?
ווען וועסטו, רבונו־
של־עולם, פאַרשיטן
דעם אָפּגרונט (1), דעם טיפן,
וואָס טיילט דײַנע קינדער
אויף שטאַרקע און שוואַכע,
אויף לעמער און שינדער (2)?

און ברייט איז דער אָפּגרונט,
און טיף ווי אַ תהום (3).
און זאַפּט אין זיך אײַן (4)
אונדזער בלוט ווי אַ שוואָם (5)!...
עס ווערן אין אָפּגרונט,
ווו ס'מעסער נאָר בליצט,
מיט בלוט אויף די ריינסטע
אידעען באַשפּריצט...

עס ציטערט פון דאָרטן
דעם ווייטאָגס געוויין,
דאָרט ליגט די נקמה
און קריצט מיט די ציין...
דאָרט ליגט די פאַרצווייפלונג (6)
דערשראָקן, פאַרבליפט. (7)
מיט ליפּן, ווי קוילן,
ביים בעכער פון גיפט (8)...

דאָרט ברעכן די פליגל
די אָדלערס (9) די גרעסטע;
דאָרט ווערן פאַרשטיינערט
די הערצער, די בעסטע...
רבונו־של־עולם!
נאָך ווייניק געליטן?
ווען וועסטו דעם שרעקלעכן
אָפּגרונט פאַרשיטן?

---

1. abismo. 2. לעמער — שאָף; שינדער — וואָס נעמען אַראָפּ די פעל פון געשאָכטענע בעלי־חיים. 3. אָפּגרונט. 4. נעמט אַרײַן. 5. esponja.
6. desesperación. 7. ווי פאַראַליזירט. 8. סם. 9. águilas.



# אַבֿרהם רייזען

## קורצע ביאָגראַפּיע



אַבֿרהם רייזען איז געבוירן געוואָרן אין דעם שטעטל קאָידענאָוו (לעבן מינסק, ווײַסרוסלאַנד) דעם 10טן אַפּריל 1876.

ער האָט באַקומען די טראַדיציאָנעלע דערציִונג פֿון יענער צײַט (חדר, ישיבֿה), אָבער גלײַכצײַטיק האָט אים זײַן פֿאָטער (אַ משׂכּיל, אויך אַ ביסל אַ שרײַבער אין העברעיִש) געלערנט וועלטלעכע לימודים, העברעיִש און אַנדערע שפּראַכן. אויך זײַן מוטער איז געווען, לויט דעמאָלט, אַ געלערנטע פֿרוי. בכלל איז אין רייזענס היים געווען אַ גוטע קולטור־אַטמאָספֿער און עס זיינען פֿון איר אַרויסגעקומען שפּעטער נאָך אַנגעזעענע מענטשן: רייזענס שוועסטער, שׂרה, איז געוואָרן אַ יִדישע פּאָעטקע; רייזענס ברודער, זלמן, איז געוואָרן אַ באַקאַנטער יִדישער זשורנאַליסט און שפּראַכפֿאָרשער.

אַ דאַנק אָט די השפּעות האָט זיך אַבֿרהם אָנגעזאַפּט מיט אַ סך וויסן און קולטור, ער האָט אַ סך געלייענט און טאַקע גאָר פֿרי אַליין אָנגעהויבן צו שרײַבן. ער איז נאָך נישט אַלט געווען קיין 16 יאָר, ווען דאָס ערשטע ליד זײַנס איז שוין געוואָרן געדרוקט אין י. ל. פּרצעס זשורנאַל „די יִדישע ביבליאָטעק“.

זייער פֿרי אויך האָט זיך פֿאַרענדיקט רייזענס גליקלעכע יוגנט: עס שטאַרבט פּריצײַטיק זײַן מוטער, די משפּחה ווערט בכלל פֿאַראָרעמט, און

דער יונגער אַבֿרהם מוז זיך נעמען צום פֿאַרדינען. ער גיט פּריוואַטע לעק־ציעס, וואָס ברענגען נישט אַרײַן קיין סך אין דעם קליינעם שטעטל. שפּע־טער פּרוּווט ער זוכן גליק אין דער גרויסער שטאָט מינסק. מאַטעריעל גייט עס אים נישט קיין סך בעסער, דערפֿאַר אָבער באַקענט ער זיך בעסער מיטן ייִדישן לעבן בכלל און בפרט מיטן לעבן פֿון ייִדישן אַרבעטער. ער טרעפֿט זיך דאָרטן מיט אַ סך אינטערעסאַנטע מענטשן, אויך מיט עטלעכע אָנפֿירערס פֿון די סאָציאַליסטישע קרײַזלעך, וואָס קומען דעמאָלט אויף. אַ סך פֿון זײַערע אידעען האָבן איבערגעלאָזט אַ טיפֿע ווירקונג אויף דעם שרײַבער אַבֿרהם רייזען.

דערנאָך פֿאַרזוכט רייזען דאָס שווערע לעבן אין צאַרישן מיליטער, וואָס איז באַזונדערס ביטער געווען פֿאַר אַ ייִדישן סאָלדאַט. נישט געקוקט אויף די אַלע שווערע איבערלעבונגען, אַנטוויקלט זיך ווײַטער רייזענס טאַ־לאַנט. ער שרײַבט אַ סך לידער, שפּעטער אויך נאָוועלן (קורצע דערציי־לונגען) און זיי ווערן געדרוקט אין די בעסטע ייִדישע זשורנאַלן און צײַטונגען.

נאָכן מיליטער־דינסט באַזעצט זיך רייזען אין וואַרשע, וווּ ער ווערט אַן אָפּטער אַרײַנגייער אין פּרצעס הויז. דאָרטן טרעפֿט ער זיך מיט אַנ־דערע יונגע שרײַבערס (אַש, נאָמבערג א״אַ). רייזענס נאָמען ווערט אַלע מאָל מער באַקאַנט אין דער ייִדישער ליטעראַטור.

נישט לאַנג זיצט רייזען אויף איין אָרט — ער הייבט אָן אַ וואַנדער־לעבן: צווישן 1904 און 1908 וווינט ער אין פֿאַרשיידענע אייראָפּעיִשע שטעט (קראָקע, ווין, פּאַריז, לאָנדאָן). אין 1908 קומט ער קיין ניו־יאָרק, אָבער נישט אויף לאַנג — עס ציט אים צוריק קיין מזרח־אייראָפּע, צו די ייִדישע פֿאָלקסמאַסן. ערשט אין יאָר 1914 באַזעצט ער זיך אויף שטענדיק אין ניו־יאָרק.

די וואַנדערונגען איבער דער וועלט האָבן ניט אָפּגעשטעלט, נאָר דווקא סטימולירט רייזענס שרײַבערישע אַקטיווקייט. יעדע וואָך באַווײַזן זיך אין זשורנאַלן און אַפֿילו טאָגצײַטונגען זײַנע לידער און דערציילונגען, און די פּאָפּולאַריטעט פֿון שרײַבער וואַקסט, באַזונדערס צווישן די אַרבעטערס און פּשוטע פֿאָלקסמענטשן. קאָמפּאָזיטאָרן שרײַבן מעלאָדיעס צו רייזענס לי־דער. אַ סך פֿון זיי ווערן אויך געזונגען ווי פֿאָלקסלידער, מיט ניגונים צו־געטראַכטע פֿון אַנאָנימע מוזיקערס.

אַבֿרהם רייזען האָט גרויסע פֿאַרדינסטן פֿאַר דער ייִדישער ליטעראַ־טור מיטן אַרויסגעבן אַליין פֿאַרשיידענע זשורנאַלן און זאַמלביכער („איי־ראָפּעיִשע ליטעראַטור“, „דאָס נײַע לאַנד“, א״אַ), וואָס שטעלן זיך פֿאַר אַ ציל צו דערהייבן די ייִדישע ליטעראַטור, באַזונדערס דורך אַרײַנברענגען אין איר די בעסטע שאַפֿונגען פֿון דער וועלט־ליטעראַטור. רייזען דער רע־דאַקטאָר באַציט זיך מיט חבֿרשאַפֿט צו די יונגע שרײַבערס, שטענדיק גרייט צו העלפֿן זיי מיט אַן עצה און אַפֿילו מאַטעריעל, כאָטש ער אַליין

איז געווען אין אַ שלעכטן עקאָנאָמישן מצב. רייזען איז אויך געזעלשאַפט־לעך אַקטיוו, בפרט ווען עס גייט וועגן הייבן דעם אָנזען פון דער ייִדישער ליטעראַטור און ייִדישער שפּראַך. ער איז געווען איינער פון די אָרגאַניזאַ־טאָרן פון דער טשערנאָוויצער קאָנפערענץ, וווּ מע האָט באַטראַכט די ראָל פון ייִדיש ווי אַ נאַציאָנאַלע שפּראַך.

אַבֿרהם רייזענס פּאָפּולאַריטעט איז געקומען צום אויסדרוק אין יאָר 1926, ווען מע האָט געפּראַוועט זײַן 50־יאָריקן יובל. ווו נאָר אַ ייִדישער ייִשוב אין דער וועלט, האָט מען רייזענען פאַרבעטן, און אומעטום האָט מען אויפגענומען מיט הארציקייט און ליבשאַפט דעם גרויסן ייִדישן שרײַ־בער. גרויס איז אָבער געווען דער טרויער, ווען רייזען איז געשטאָרבן (דעם 31סטן מערץ 1953, אין ניו־יאָרק) — צענדליקער טויזנטער ייִדן האָבן אָפּגעגעבן כּבֿוד דעם באַליבטן פּאָעט.

דעם כּבֿוד און ליבשאַפט האָט רייזען זיך פאַרדינט, ווײַל ער איז באמת געווען אַ פאָלקסשרײַבער. רייזענס לידער האָט דאָס פאָלק געזונגען, ווײַל אין זיי האָט יעדער פאָלקסמענטש געפונען זײַנע אייגענע געפילן, שטרעבונגען און געדאַנקען; רייזענס דערציילונגען האָט מען געלייענט און געלערנט, ווײַל אין זיי האָט דאָס פאָלק (דער אַרבעטער, באַלמעלאָכע, קליי־נער קרעמער, דער ייִדישער אינטעליגענט) געפונען זײַנע אייגענע פּראָבלע־מען; מיט רייזענס פערסאָנאַזשן האָט מען זיך אידענטיפיצירט. און נאָך אַ זאַך, די וויכטיקסטע פאַר וואָס מען האָט ליב געהאַט רייזענען: ער אַליין האָט ליב געהאַט דעם מענטשן. אַפילו ווען ער שילדערט אַ נעגאַטיוון שטריך אָדער אַקט פון עמעצן, טוט ער דאָס נישט מיט קיין בייזקייט. ער לאַכט נישט אויס און באַשולדיקט נישט סתּם. רייזען זוכט צו געפינען די סיבות, וואָס ברענגען דעם מענטשן צו שלעכטס, ער געפינט שטענדיק אַ זכות און אַ פאַרגעבונג. רייזען זוכט און געפינט דאָס גוטע און דערהויבענע אין מענטשן, ער זוכט אים צו טרייסטן און שטאַרקן. רייזענס שאַפונגען זײַנען דורכגעדרונגען מיטן גײַסט פון אמתן הומאַניזם, מיט סאָלידאַריטעט און מיטגעפיל פאַרן אָרעמען און באַעוולטן, מיט דער שטרעבונג צו שיינקייט, יושר און פרײַהייט.

דערפאַר האָבן אים ליב געהאַט זײַנע בני־דור, דערפאַר איז ער באַ־ליבט אויך הײַנט. רייזענס לידער און דערציילונגען זײַנען דאָ אין אַלע טעקסטביכער פאַר ייִדישע קינדער, אויך אין ישׂראל. רייזענס שאַפונגען וועלן אויף אייביק פאַרבלײַבן צווישן די בעסטע אוצרות פון דער ייִדישער ליטעראַטור.

שואל פֿערדמאַן



# דער גמילות־חסד

## א.

דער גרעסטער יאַריד אין קלעמענקע איז אולאַס (1). דאָס שטעטעלע וואַרט אויף אולאַס מיט אַ קלאַפּנדיק האַרץ און מיט גרויסע האָפענונגען. „אולאַס", זאָגן די קלעמענקער קרעמער און הענדלער. "איז אַ גאָטס־בענטשונג. ווען נישט אולאַס, וואָלט קלעמענקע שוין לאַנג אויס קלעמענקע געווען; אַמעריקע וואָלט שוין דעם רעשט ביסעלע ייִדן פון דאָרט צוגענומען צו זיך".

צו אולאַס דאַרף מען אָבער האָבן „געציַיג" (2). די קרעמער דאַרפן האָבן סחורה און די סוחרים — געלט. אָן דעם געציַיג איז אולאַס אויך בלאָטע!

און חיים דער תּבֿואה־הענדלער גייט אַרום אַ טויטער. צו אולאַס איז געבליבן סך־הכּל נאָך דריַי טעג. און ער האָט נאָך נישט אַ קאָפּיקע (3) מיט וואָס דעם שפּיַיכלער (4) אויפצומאַכן.

און אויפן מאַרק דרייען זיך אום די תּבֿואה־הענדלער מיט פאַרדרייטע היטלען, מיט פּאַפּיראָסן אין די מיַילער, מיט די שטעקלעך אין די הענט און מען רעדט שטאַרק וועגן יאַריד.

—אין דריַי טעג אויף דער צײַט! — רופט אויס איינער.

— פּסססס! — קריגט התפּעלות (5) אַ צווייטער. — אין דריַי טעג אויף דער צײַט „וועט זיך ברעכן".

„זיך ברעכן" הייסט אויף מאַרק־לשון: עס וועט זײַן אַ גרויסער עולם.

און חיים ווערט בלאַס. ער וואָלט בעטן אַ מפּלה (6) אויפן יאַריד, עס זאָל דעם טאָג רעגענען, שנייען, שטורעמען, אַז קיין משוגענער הונט אפילו זאָל צום מאַרק נישט קומען. חיים ווייסט אָבער, אַז אולאַס איז נישט קיין שרעקעדיק ייִנגל; אולאַס האָט קיין מורא נישט פאַר דער גרעסטער זאַווערוכע (7), אולאַס בלײַבט אולאַס!...

---

1. נאָמען פון יאַריד (לויטן נאָמען פון טאָג־הייליקן אין קריסטלעכן לוח). 2. אינסטרומענטן. 3. זייער קליינע מטבע. 4. מאַגאַזין צו האַלטן תּבֿואה. 5. דאָ: ענטוזיאַזם, באַוווּנדערונג. 6. דורכפאַל; עס זאָל זיך נישט אײַנגעבן. 7. שניישטורעם.

און בײַ היימען שפּאַרן אַרויס די אויגן פון קאָפּ: אַ גמילות־חסד (8), ווו קריגט מען אַ גמילות־חסד? אַ פינף־און־צוואַנציקער כאַטש...

ער בעט בײַ אַלעמען, נאָר יעדערער ענטפערט מיט אַ פריילעך געלעכטערל:

— צי משוגע! פאַר אַ יאַריד געלט?

און היימען דאַכט זיך, אַז ער וועט טאַקע משוגע ווערן...

## ב.

— וואָלסט אַריבערגיין צו לייבע בערעס, — עצהט אים די ווײַב, נעמענדיק אַ טיפּן אָנטייל אין זײַן ווייטיק.

— איך האָב דאָס שוין אַליין געקלערט, — ענטפערט חיים פאַרטראַכטערהייט.

— נאָר וואָס? — פרעגט די ווײַב.

חיים וויל איר ענטפערן: „נאָר איך קען נישט אַרײַנגיין, איך האָב קיין מוט נישט". פאַר דער ווײַב אָבער פּאַסט אים נישט צו זײַן אַזוי אָפּגעהאַרציק און ער ענטפערט:

— גייט ער צום טײַוול! ער וועט נישט לײַען.

— פאַרגוון זיך שאַדט נישט, — רעדט זי אים אײַן.

און חיים באַרעכנט זיך, אַז ער האָט טאַקע קיין אַנדער ברירה נישט. אַז לייבע בערעס איז אַ ייִד אַ גבֿיר און וווינט מיט אים אין איין גאַס, דאָס הייסט שכנים, און קיין געלט צום יאַריד דאַרף לייבע בערעס נישט — ער אַליין איז גאָר אַ וואַלד־סוחר.

— נעם מיר אַרויס דעם שבתדיקן אייבער־בגד! — ווענדט ער זיך צו דער ווײַב מיט אַ באַשליסנדיק טאָן.

— וואָס דען? — ענטפערט אים די ווײַב. — די בעסטע זאַך אַרײַנגיין צו אים.

מיט אַ זיפץ האָט ער אָנגעטאָן דעם שבתדיקן אייבער־בגד, אַרויסגעמורמלט: „זאָל ער אַזוי לעבן, ווי ער וועט לײַען", — און איז אַרויסגעגאַנגען.

גייענדיק צו לייבע בערעס האָט חיימען דאָס האַרץ געציטערט. פאַרן גאַנצן לעבן זײַנעם, זינט לייבע־בערעס וווינט דאָ אין עק גאַס, איז ער בײַ אים אין גאַנצן געווען צוויי מאָל, און בײַ היימען איז דער איצטיקער גאַנג געווען אַ מין עקזאַמען... דער אַרײַנגאַנג צו אים, די ליכטיקע צימערן, די גרויסע שפּיגלען, די ווייכע מעבל, לייבע בערס אַליין מיט זײַן לאַנגער ברייטער באָרד, מיט זײַנע שטרענגע גבֿירישע אויגן: די גבֿירטע, די פריילעכע, גליקלעכע קינדער, אפילו די דינסט, וועלכע איז אים געבליבן

8. הלוואה (לײַען) אָן פּראָצענטן.

אין זכּרון פון יענע צוויי מאָל, — דאָס אַלץ האָט אים געשראָקן און ער האָט זיך אַליין געפרעגט: „וווּהין גייסטו? צי משוגע? גיי צוריק!" און ער פלעגט זיך מינוטנווייז אָפּשטעלן אין מיטן וועג. נאָר דער געדאַנק, אַז באַלד איז אולאַס און ער האָט נישט מיט וואָס צו עפענען דעם שפּײַכ־לער, האָט אים געטריבן גיין ווײַטער.

— ער וועט נישט לײַען, עס איז גאָר נישטאָ וואָס צו האָפן אומ־זיסט!... — האָט ער גייענדיק זיך געגרייט צום קלאַפּ. נאָר ער האָט דער־פילט, אַז ער וועט נישט קענען דאָס מויל עפענען אַרויסצורײדן זײַן בַּקָ־שָה, אויב ער וועט אַזוי אַראָפּפאַלן בײַ זיך, און ער האָט זיך געטרייסט:

— אַז מען זאָל אים צוטרעפן אין אַ גוטן הומאָר, וועט ער לײַען. וואָס וועט ער מורא האָבן צו לײַען מיר עטלעכע רובל איבערן יאַריד? איך וועל אים זאָגן, ווי נאָר איך פאַרקויף די סחורה, באַקומט ער גלײַך דעם גמילות־חסד. איך וועל אים שווערן מיט ווײַב און קינדער... ער וועט גלייבן... און איך וועל דאָך אים טאַקע אָפּגעבן...

דאָס מאַכט אָבער היימען אַלץ נישט שטאַרקער בײַ זיך, און ער זוכט אַן אַנדער נחמה (1), אַן אַנדער רפואה (2) צו שטאַרקן זיך:

— ער איז נישט קיין שלעכטער מענטש... און ער קען מיך דאָך נישט פון הײַנט אָן. שוין אַ יאָר צוואַנציק, אַז מע וווינט אין איין גאַס...

און חיים דערמאָנט זיך, אַז פאַר צוויי וואָכן, ווען לייבע בערעס איז געגאַנגען פאַרבײַ זײַן שטיבל אין מאַרק און ער, חיים, איז געשטאַנען גראָד אויפן הויף און האָט אים פרײַנדלעך, ווי עס פּאַסט פאַר אַ גבֿיר, גוט־מאָרגן אָפּגעגעבן (איך וואָלט געשוואָרן, אַז איך האָב אים די האַנט געגעבן, — וויל ער זיך דערמאָנען), האָט לייבע בערעס אים צוריק פרײַנד־לעך געענטפערט. ער האָט זיך אַפילו אָפּגעשטעלט און געפרעגט אים, גאָר ווי אַ גובער באַקאַנטער:

— וואָס מאַכסטו עפּעס, חיים?

און חיים שטרענגט אָן זײַן כּוח־זכּרון און דערמאָנט זיך, אַז גע־ענטפערט האָט ער אים אַזוי:

— אַ דאַנק פאַרן פרעגן! נישט צו פאַרזינדיקן... מע האַנדלט!...

און חיים בלײַבט צופרידן מיט דעם ענטפער.

— געענטפערט האָב איך אים גאַנץ ברייט!...

חיים באַשליסט, אַז איצט וועט ער מיט אים אויך ריידן וואָס ברייי־טער, וואָס שטאָלצער. פאַלן — נישט!

חיים דערזעט שוין פון ווײַטן לייבע־בערעס הויז... ער הוסט זיך אויס, גיט אַ גלעט די באָרד און באַטראַכט אויף זיך דעם בגד.

---

1. טרייסט. 2. מעדיצין (היילונג).

— נאָך גאָר אַ גוטער בגד, — רעדט ער פאַר זיך אַרויס, ווי ער וואָלט זיך וועלן אײַנשמועסן, אַז דער בגד איז נאָך גוט, כּדי ער זאָל מער מוט האָבן, מער שטאָלץ זײַן...

אַז ער איז אָבער צוגעקומען צו לייבע בערעס גרויס הויז, אַז פאַר זײַנע אויגן האָבן אַ פינקל געטאָן (3) די אַכט גרויסע פענצטער צום גאַס, דורך וועלכע עס האָט זיך דורכגעשלאָגן דאָס העלע ליכט פון אינעווייניק, האָט אים דאָס האַרץ אַ ציטער געטאָן.

— אוי, רבונו־של־עולם, העלף! — האָט זיך בײַ אים נישט ווילנדיק פון האַרצן אַרויסגעריסן. ער האָט זיך אָבער באַלד פאַרשעמט פאַר זיך אַליין און ער האָט זיך פאַרכאַפּט:

— עט, נאַרישקייט!...

אַ צי טוענדיק די טיר, האָט זיך בײַ אים די „תּפֿילה“ נאָך שטאַרקער אַרויסגעריסן:

— העלף, שטאַרקער גאָט! מײַן בלוט גיסט זיך!...

ג.

לייבע בערעס איז געזעסן בײַ אַ גרויסן טיש, איבערגעדעקט מיט אַ קלאָרן טישטעך, און האָט געטרונקען טיי, שמועסנדיק פריילעך מיט זײַן געזינדל (1).

— עפּעס אַ ייִד איז געקומען, טאַטע! — האָט הויך אויסגערופן אַ ייִנגעלע פון אַ יאָר צוועלף, דערזעענדיק היימען שטיין בײַ דער טיר.

— טאַקע אַ ייִד! — האָט אַ צווייטער ייִנגעלע נאָך פריילעכער אויסגעשריִען, אויסשטעלנדיק אויף חיימען זײַנע גרויסע, שוואַרצע, ממזרישע (2) אויגן.

דאָס געזינדל בײַם טיש האָט זיך אַ נעם געטאָן שטאַרק באַטראַכטן היימען און אים האָט זיך געדאַכט, אַז באַלד פאַלט ער אַנידער. „עס וועט זײַן זייער מיאוס, אַז איך וועל פאַלן“... — האָט ער זיך געשטאַרקט און האָט געמאַכט אַ טראָט ווײַטער, און אָן אַ גוטן אָוונט צו זאָגן האָט ער אַרויסגעשטאַמלט (3).

— איך בין געגאַנגען פאַרבײַ, פאַרשטייט איר מיך, איך זע, איר זיצט... הייסט דאָס, איר זײַט אין דער היים... נו, קלער איך: מע דאַרף אַרײַנגיין... שכנים...

— נו, מהיכא־תּיתא, מהיכא־תּיתא (4) — האָט לייבע בערעס ליבלעך געשמייכלט, — ביסט אַן אַנגעלייגטער (5) גאַסט, זעץ זיך!

---

3. געגלאַנצט.

1. משפּחה. 2. דאַ: קלוגע. 3. tartamudeó. 4. זאָל זײַן אַזוי; גוט. 5. חשובֿער.

חיימען האָבן זיך ווי שטיינער פון האַרצן אַראָפּגעקײַקלט נאָך אַזאַ ענטפער, און קוקנדיק אויף די צוויי ייִנגלעך, האָט ער זיך שטיל אַוועקגעזעצט.

— לאה! דערלאַנג ר' חיימען אַ גלאָז טיי! — האָט דער גבֿיר אַ קאָמאַנדעווע געטאָן.

— אַ גאַנץ גוטער מענטש, — האָט חיים אַ טראַכט געגעבן,— זאָל אים דער אייבערשטער העלפן!

ער האָט געקוקט מיט דאַנקבאַרע בליקן אויף אים, עס האָט זיך אים געוואָלט פאַלן דעם גבֿיר אויפן גראָבן האַלדז און קושן אים.

— נו, וואָס מאַכסטו? — האָט דער גבֿיר געפרעגט.

— גאָט צו דאַנקען! מע לעבט!

די דינסט האָט אים דערלאַנגט אַ גלאָז טיי. ער האָט איר געזאָגט „אַ דאַנק" און האָט גלײַך חרטה געהאַט: אַ דינסט פּאַסט נישט צו דאַנקען. ער איז רויט געוואָרן און האָט געביסן די ליפּן.

— טרינק מיט „וואַרעניע" (6)! — האָט לייבע בערעס אים פּאַרגעלייגט.

— אַ טײַערער מענטש, אַ טײַערער מענטש! — איז חיים איבערראַשט געוואָרן. — ער וועט זיכער לײַען...

— דו האַנדלסט עפּעס? — האָט לייבע בערעס געפרעגט.

— ווי דען? — האָט חיים ברייט געענטפערט. — מע האַנדלט, אַ דאַנק גאָט, נישט ערגער ווי אַלע סוחרים.

— ווי האַלט איצט האָבער (7)? — איז דעם גבֿיר אײַנגעפאַלן צו פרעגן.

האָבער איז די לעצטע צײַט געפאַלן, נאָר חיימען האָט אויסגעוויזן צו זאָגן בעסער, אַז האָבער איז געשטיגן (8).

— גאַנץ הויך געהויבן! — האָט ער אויסגעלאָזן מיט אַ סוחרישן טאָן.

— נו, און דו האָסט עפּעס אָנגעגרייט האָבער? — האָט דער גבֿיר ווײַטער געפאָרשט.

— איך האָב גאָר אַ פּײַן פּעקל האָבער. קאָסט מיר נישט טײַער, גאָנץ ביליק! — האָט חיים מיט מער היץ געענטפערט, פאַרגעסנדיק בשעת ריידן, אַז ער האָט שוין פון עטלעכע וואָכן קיין קערנדל האָבער נישט אין שפּײַכלער.

— און דו ביסט ביכולת (9) צו ספּעקולירן? — האָט לייבע בערעס געפרעגט. — דאַרפסט גאָר קיין געלט נישט?

— גאָט צו דאַנקען! — האָט חיים שטאָלץ געענטפערט.— געלט האָט מיר קיין מאָל נישט אויסגעפעלט.

---

6. אײַנגעמאַכטס פון פרוכטן. 7. avena. 8. זיך געהויבן דער פרײַז. 9. קאָנסט.

„וואָס רייד איך וואָס? ווייַ איז מיר!“ — האָט חיים זיך דערשראָקן פאַר זײַנע אייגענע ווערטער. — „ווי אַזוי בעט מען איצטער לײַען אַ גמילות־חסד?“ און חיים האָט געוואָלט צוריק אַ שלעפּ טאָן דעם וואָגן, נאָר לייבע בערעס האָט אים איבערגעשלאָגן:

— הייסט עס, דו מאַכסט גוטע געשעפטן, ביסט אַ שטיקל נגיד (10)...

„מײַנע נגידות אויף שׂונאים געזאָגט געוואָרן“, — האָט חיים גע־וואָלט צוריקציִען. אַ קוק טוענדיק אָבער אויפן גבֿירס שײַנענדיקן פּנים, אויפן בלאָען קריגל „וואָרעניע“, האָט ער שטאָלץ געענטפערט:

— גאָט צו דאַנקען, איך האָב זיך נישט אויף וואָס צו באַקלאָגן.

„אָט איז דיר אַ גמילות־חסד!“ — האָט חיימען ווי עמעצער אַ זעץ געטאָן הינטן אין קאָפּ. — „פּרא־אָדם (11) דו, שוטה!... וואָס באַרימסטו זיך? דערצייל אים, אַז דו דאַרפסט האָבן צו אולאָס אַ פֿינף־און־צוואַנצי־קער, זאָל ער דיך ראַטעווען, זאָג אים, אַז דו פאַלסט, אַז...“

נאָר חיים איז, וואָס ווײַטער, אַלץ מער אַרײַנגעפאַלן אין אַ צופרײ־דענעם, גליקלעכן טאָן, אַלץ מער געריממט זײַנע געשעפטן און פאַרבראַכט מיטן גבֿיר, ווי מיט גאָר אַ גלײַכן מענטשן...

באַלד האָט ער אָבער דערפילט, אַז ער איז דאָ איבעריק, אַז ער האָט נישט אַזוי געדאַרפט זיצן, נישט אַזוי געדאַרפט רײדן. ער וואָלט בעסער רײדן וועגן יאַריד, וועגן גמילות־חסד... איצטער איז שוין פאַר־פאַלן: „קיין געלט פעלט מיר נישט..“

און חיים האָט מיט פאַרצווייפלטע בליקן אַ קוק געטאָן אויף לייבע בערעס פריילעכן פּנים, אויף די צוויי יונגלעך, וואָס זײַנען געזעסן קעגן אים און האָבן מיט ממזרישע לוסטיקע אייגעלעך געקוקט אויף אים און זיך עפּעס מאָדנע געשושקעט און נאָך מאָדנער געשמייכלט...

אַ קאַלטער שווייס האָט אים באַגאָסן. ער האָט זיך אויפגעהויבן פון אָרט.

— דו גייסט שוין אַוועק? — האָט לייבע בערעס העפלעך (12) גע־פרעגט.

„אָט איצט אפשר קען איך אַ בעט טאָן“, — איז חיימען אײַנגעפאַלן צו ראַטעווען זיך פאָרט, נאָר אַ קוק טוענדיק אויף די צוויי יונגלעך מיט די ממזרישע אייגעלעך, וואָס האָבן אַזוי כיטרע (13) געקוקט, האָט ער מיט גדלות (14) געענטפערט:

— איך מוז! געשעפטן! נישטאָ קיין צײַט!...

און לאָזנדיק זיך צום טיר האָט זיך חיימען געדאַכט, אַז הינטן שטעלן אים אויס די צוויי יונגעלעך פײַגן, צינגער, און לייבע בערעס אַליין שמייכלט, דאַכט זיך, און זאָגט זיי:

---

1. גבֿיר, רײַכער מאַן. 11. דאָ: זייער נאַרישער מענטש. 12. איידל, פײַן.
13. astuto. 14. שטאָלץ.

— גרעסערע, גרעסערע!...

און חיימען האָט זיך געדאַכט, אַז די פּלייצע ברענט אים פון הינטן, און ער איז געשווינד אַרויסגעגאַנגען...

# דער גמרא-ניגון

וואָס זשע קלאָגסטו בײַ דער גמרא,
קלויזניק (1) בלאַסער, קלויזניק ליבער!
און דײַן וויינענדיקער ניגון
אין מײַן האַרצן גייט אַריבער,

און מײַן אויג איז פײַכט (2) געוואָרן,
מיט אַ טרער איז עס פאַרלאָפן.
קלויזניק בלאַסער, קלויזניק ליבער,
זאָג: וואָס האָט מיט דיר געטראָפן?



1. ישיבה־בחור, וואָס לערנט פאַר זיך אין בית־מדרש. 2. נאַס.

צי דו בענקסט אַהיים נאָך דײַנע
טאַטע־מאַמע, שוועסטער, ברודער,
וואָס אָן זיי ביסטו געבליבן,
ווי אַ שיפל אָן אַ רודער (3)?

אָדער אפשר גלאַט דו שעמסט זיך
עסן ברויט בײַ פרעמדע טישן,
און מיט בלוט, מיט הייסע טרערן
שלינגסט אַראָפּ דו יעדן ביסן?

אָדער ס׳פעלט דיר אויס אַ „מאָנטיק“,
און עס האָט דיר שוין געטראָפן
נישט איין מאָל זיך לייגן הונגעריק
אויף דער האַרטער באַנק און שלאָפן?

הייב זשע העכער אויף דעם ניגון,
שטאַרקער, העכער דריי די טרעלן (3);
וועסט דײַן בענקעניש פאַרגעסן
און דער הונגער וועט נישט קוועלן (4)...

## פון הי צי פון ווײַט...
### (צײַטהימען)

פון וואַנען? — פון הי (1)
צי גאָר פון דער ווײַטן,
צי שפּעטער, צי פרי —
ס׳וועט קומען דער לוין (2)!
אין אונדזערע צײַטן
פאַר אונדזער געוויין
דער לוין וועט נאָך קומען:
פאַר שטיינער — די בלומען!

די פרייד, פאַר דער טרער
בײַם פלאַנצן דעם באָדן.
און זײַן וועט נאָך מער
דער לוין פאַר דעם שאָדן:
דער רום (3) פאַר דעם שפּאָט (4)
און ליבע פאַר האַסן (5),
און פאָנען אויף שטאָט,
און יום־טובֿ אין גאַסן...

---

3. timón. 4. דאָ: טענער פון ניגון ביים לערנען. 5. דאָ: ווייטאָן.

1. פון דאַנען, פון נאָענט. 2. געצאָלט, פרעמיע. 3. באַרימטקייט.
4. אָפּלאַכן. 5. פײַנט האָבן.

# די פאַבריק

**א.**

איצטער בין איך שוין אַ גרויסער. דערוואַקסענער מענטש, אַ מאָל בין איך אַ קליין יינגעלע געווען, און מײַן וועלט איז געווען דאָס קליינע שטעטעלע מיט די זעקס קליינע, שמאָלע געסלעך, וואָס האָבן זיך געצויגן, ווי שוואַרצע סטענגעס (1) — מיט דעם טײַכעלע, הינטער אַ שמאָל קליין געסעלע, וווּ מיר פלעגן זיך זומער באָדן.

פלעגט זיך אַמאָל טרעפן, אַז לויפנדיק אַזוי צום טײַכעלע, פלעגט עמעצנס אַ טאַטע אונדז באַגעגענען און אַ רוף טאָן מיט אַ בייזער: „וווּ־הין?!“ פלעגן מיר זיך מאַכן ניט־וויסנדיק און זיך נישט אָפּשטעלן. אײַ וואָס, שפּעטער וועט מען שמײַסן? מילא! וואָס נאָך דעם וועט זײַן, האָבן מיר נישט געזאָרגט.

ס'איז ווינטער געווען. מיר, יינגלעך, זײַנען געזעסן אין חדר און האָבן געלערנט גמרא. דער פּרק איז געווען צו ערנסט און צו שווער פֿאַר אונ־דזערע קעפּלעך.

און יענעם טאָג האָבן מיר גראָד געלערנט יענעם באַוווּסטן עמוד, וואָס האָט בלויז עטלעכע שורות גמרא און ווו דאָס איבעריקע איז רש"י און תּוספות (2), אַזוי אַז דער עמוד מיט די עטלעכע שורות גמרא ווײַזט אויס, ווי עפּעס אַ קליינער אינדזל, פֿאַרטרונקען צווישן צוויי גרויסע ימים, און מיר דאַכט זיך, אַז מיר שטייען אויפֿן אינדזל און ציטערן, און אונדזער רבי, דער קאַפּיטאַן, וויל אונדז אַריבערפירן די צוויי גרויסע ימים, וויל זײַן אַ העלד, נאָר ער קען נישט און ער שרײַט...

נאָר אָט עפֿנט זיך אויף די טיר און עס פֿאַלט אַרײַן בערל דער שמיד, אַ חדר־יינגלס אַ טאַטע. ער קומט געוואָר ווערן, וואָס עס מאַכט זיין יאָסקע, און גלאַט אַ ביסל שמועסן מיט אַ ייִד אַ תּלמיד־חכם (3) — מיטן רבין.

— שלום עליכם, רבי! — ציט דער שמיד אויס דעם רבין זײַן גראָבע, פֿאַרהאָרעוועטע האַנט.

— עליכם שלום! — ענטפֿערט דער בייזער רבי און סטאַרעט זיך צו שמייכלען, נאָר דאָס קומט אים זייער שווער אָן.

---

1. בענדער. 2. קאָמענטאַרן צום תּלמוד. 3. געלערנטער.

— זיצט, ר׳ בער! נו, שקצים (4), — ווענדט זיך דער רבי צו אונדז,
— זיצט רויִק אַ ווײַלע, קוקט איבער דעם תּוספות דערווייל, און איך וועל אַ ביסל שמועסן מיט ר׳ בערן.

מיר קוקן זיך אַלע אײַן אין דעם גרויסן ים תּוספות, נאָר אונדזערע אויערן זײַנען אָנגעשטרענגט צו הערן עפּעס נײַס, וואָס בער דער שמיד האָט געבראַכט. ווײַל בער דער שמיד ברענגט שטענדיק אַ סך נײַס, ווען ער קומט.

— אַ וועלטעלע געוואָרן, אַ גרויל, אַ גרויל (5)! — הייבט אָן דער שמיד.

— דהײַינו, ר׳ בער? — ווערט נײַגעריק דער רבי און שטעלט אָן די אויערן צו הערן עפּעס אינטערעסאַנטס.

— אַ גרויל, אַ גרויל! — האַלט זיך אַלץ דער שמיד בײַם ווונדערן — נו, אַ וועלטעלע!

— אַדרבא, וואָס אַזוינס?... — טרײַבט דער רבי.

— אַ גרויל, אַ גרויל!

מיר קוקן אין תּוספות און וואַרטן מיט דעם גרעסטן אומגעדולד אויפן „גרויל", וואָס ר׳ בער דער שמיד וועט מסתּמא באַלד דײַטלעכער דער־קלערן.

— אַ קליין שטעטעלע, — הייבט אָן דער שמיד, — מישטיינס גע־זאָגט, זעקס געסלעך מיט אַ מאַרק, די גויִישע געסלעך איז דאָך נישטאָ וואָס צו רעכענען, איר פאַרשטייט?... אין אַזאַ שטעטעלע זאָל מען גיין שטעלן אַ פאַבריק... אַ פאַבריק! אַ גרויל!

— אַ פאַבריק! — גיב איך אַ קלאַפּ אַ חבֿר מיטן פוס.

— אין תּוספות קוק! — גיט אַ געשריי דער רבי.

— אַזוי גאָר! — ווענדט זיך דער רבי צום שמיד. — אַ פאַבריק דאָ אין שטעטל! צי משוגע?

— אַ פאַבריק פון שוועבעלעך.

— פון שוועבעלעך! — גיב איך ווידער אַ קלאַפּ אַ חבֿר מיטן פוס.

— דו קוקסט אין תּוספות, צי נישט, גראָבער יונג דו! — שרײַט אוים דער רבי נאָך העכער און נעמט מיך אָן פאַרן אויער...

— אַזוי גאָר, פון שוועבעלעך! וואָס איך הער! — וווּנדערט זיך דער רבי און גלאָצט אוים די אויגן.

— יאָ, יאָ, בײַ אונדז אין שטעטעלע שטעלט מען אַ פאַבריק פון שוועבעלעך.

— משוגע, פּשוט משוגע, — לאַכט דער רבי, — וויפל שוועבעלעך דאַרף האָבן אונדזער שטעטל? לאָמיר אפילו רעכענען אַ מאה פּעקלעך אַ וואָך... לוינט דאָס דען?... פּשוט משוגע...

---

4. דאָ: שטיפערס. 5. שרעקלעכע זאַך.

— רעכנט אײַך, — גיט דער שמיד קאַלטבלוטיק צו פאַרשטיין, — אַז אַ פאַבריק מאַכט זיך נישט נאָר פאַר אַ שטעטל אַליין. די שוועבעלעך קענען אַנגיין אומעטום אין דער גאַנצער וועלט, איר פאַרשטייט?...

— אויב אַזוי, — זאָגט דער רבי, פאַרקרימענדיק דאָס פּנים, — אויב אַזוי, איז עפּעס אַנדערש. וועט מען מאַכן, קען געמאָלט זײַן, פּײַנע געשעפטן?

— וואָס פרעגט איר! גליקלעך וועט ער ווערן! — שטעלט פאָר דער שמיד פאַרן רבין גרויסע גליקן.

— ווער מאַכט די פאַבריק? — פרעגט דער רבי.

— עפּעס אַ גרויסער גבֿיר פון מינסק; האָט אַ מטמון (6) מיט גאָלד און זוכט געשעפטן.

— און ווו שטעלט ער די פאַבריק? — פרעגט דער רבי ווײַטער.

— אַן אָרט האָט ער אַ גאָלדענעם, בײַם טײַכל, אַ זעלטענער פּלאַץ.

— בײַם טײַכל! — רײַסט זיך אַרויס בײַ אונדז, חדר־ייִנגלעך, ווי אין איין קול אַ געשריי, און מיר קוקן זיך אַלע איבער.

— אין תּוספֿות קוקט! — שרײַט דער רבי.

— בײַם טײַכל! — קלאַפּ איך מײַן חבֿר הינטערן טיש מיטן פוס. מײַן האַרץ ווערט איבער פול מיט עפּעס מאָדנע גליקן, און פאַר מײַנע אויגן מאָלן זיך פאַנטאַסטישע בילדער. און איך וויל פאַלן צו די פיס בערע דעם שמיד און ווײנען פאַר אים און בעטן אים:

— רב בער, האָט רחמנות, זאָגט מיט אַן אמת, טאַקע בײַם טײַכל מאַכט מען די פאַבריק?... טאַקע בײַם טײַכל?...

און מיר גלייבט זיך דאָס גליק נישט...

## ב.

נאָך פּסח איז די פאַבריק פאַרטיק געוואָרן. מיר, חדר־ייִנגלעך, זײַנען געקומען צו לויפן אָנקוקן זי. איר אויסזען האָט אונדז געשראָקן. די הויכע קוימענס האָבן פון דער ווײַטנס אַזוי בייז געקוקט און האָבן אויסגעזען, ווי זיי וואָלטן וועלן חרובֿ מאַכן דאָס גאַנצע שטיק פעלד, וואָס געפינט זיך אַרום.

— אַ, סאַראַ הויכע קוימענס! — האָט יאָשקע, אַ חדר־ייִנגל, פון ווײַטן אָנגעוויזן.

— ווי עס הודזשעט! — האָט אַ צווייט ייִנגל ווי מיט שרעק אַרויסגעזאָגט.

— קומט נעענטער! וואָס האָבן מיר מורא, — האָבן מיר זיך אַלע אָנגענומען מיט מוט, — קומט!

---

6. אוצר; אַ סך.

מיר זײַנען צוגעגאַנגען נעענטער און האָבן זיך אָװעקגעשטעלט בײַם טײַכל. דאָס װאַסערל האָט שטיל און טרויעריק געררוישט, און מיר האָט זיך געדאַכט, אַז עס װיינט... עס האָט מיר אויסגעװיזן, אַז דאָס טײַכעלע האָט מורא פֿאַר דער גרויסער פֿאַבריק...

און נישט נאָר אויף מיר אַליין האָט דאָס טײַכעלע אַזאַ אײַנדרוק געמאַכט: אַלע חדר־ייִנגלעך האָבן, אַנשטאָט צו קוקן אויף דער פֿאַבריק, זיך אין װאַסער אײַנגעקוקט, און איינער האָט זיך צעזיפֿצט:

— מוטנע (1) װאַסער געװאָרן!

— טאַקע! — האָט אַ צװייטער טרויעריק מודה געװען.

— דאָס איז פֿון רויך פֿון די קוימענס...

— אַ רחמנות אויף דעם טײַכעלע, — האָט אַ ייִנגעלע כּלומרשט (2) לאַכנדיק געזאָגט.

— משוגענער! — האָבן מיר פֿון אים אָנגעהויבן צו לאַכן. די הערצעלעך אָבער אינעװייניק האָבן אונדז געקלעמט (3) און עס האָט זיך געװאָלט װיינען...

## ג.

שוין זומער. עס איז געװען אַ הייסער טאָג, און לערנענדיק מיטן בייזן רבין, האָבן מיר אַ גאַנצן טאָג געקוקט אין פֿענצטער צו זען, װוּ עס האַלט שוין דער שאָטן פֿון די הײַזער, װען עס װעט שוין די זון אויף אונדז רחמנות האָבן און װעט זיך איבערפּעקלען ערגעץ װײַט הינטער די הײַזער, כּדי דער רבי זאָל אונדז שוין לאָזן פּרײַ...

און אָט איז שוין די גאַנצע גאַס שאָטן געװאָרן. דער פֿאַסטעך האָט שוין די טשערעדע (1) געטריבן און דער רבי האָט אונדז פּרײַ געלאָזט.

— באָדן זיך! -— האָבן מיר אין איין קול אויסגעשריִען און זיך געלאָזט אַראָפּ פֿון געסל צום טײַכל.

— הערסט, װי עס פּײַפֿט! — האָט,גייענדיק, איין חבֿר װי באַזאָרגט אויסגערופֿן, צוהערנדיק זיך, װי פֿון װײַטן פּײַפֿט די פֿאַבריק.

—זאָל פּײַפֿן! װעט זײַן פֿריילעכער זיך צו באָדן, — האָט אַ צװייטער געזאָגט.

— טאַקע! — האָבן מיר מיטגעשטימט, װי מיר װאָלטן װעלן זיך אַליין אָפּנאַרן.

נאָר װאָס נעענטער מיר זײַנען געקומען צום טײַכל, אַלץ מער האָבן מיר זיך געשראָקן, עפּעס האָט אונדז דאָס האַרץ פֿאַרגעזאָגט טרויעריקס...

איך האָב זיך געלאָזן לויפֿן אַלץ שטאַרקער און שטאַרקער, װי איך װאָלט װעלן דערמיט צוגעבן מוט מײַנע חבֿרים. נאָר קומענדיק נאָענט צום טײַכל, בין איך געבליבן שטיין, װי פֿאַרגליװערט.

---

1. ניט קלאָר, אומריין. 2. אַזוי װי ( dizque.) 3. געדריקט, װיי געטאָן.

1. rebaño.

— נישטאָ, ברידער, קיין טײַכל! צוריק! — האָב איך ווי מיט אַ געוויין אויסגעשריִען.

— דזזזזז!! — האָבן די קוימענס געפּיפּט. — דזזז!

די חדר־ייִנגלעך זײַנען נעענטער צוגעקומען, האָבן אײַנגעבויגן די קעפּ אַרײַנצוקוקן אין טײַכעלע, און מיר אַלע האָבן אַ לאַנגן זיפֿץ, ווי נאָך אַ גשטאַרבענעם, אַרויסגעלאָזן.

— אוי!!

דאָס וואַסער האָט אויסגעזען, ווי אין אַ טעלער פֿאַרבליבן קאַלט געקעכטס, פֿאַרגליווערט (2). אויף דער גליווערײַ זײַנען געווען אָנגעוואָרפֿן העלצעלעך, צעבראָכענע קעסטעלעך און סתּם מיסט. און אַלץ האָט גע־שמעקט מיט אַ מאָדנעם, שטיקנדיקן גערוך (3).

מיר זײַנען אַזוי געשטאַנען, ווי פֿאַרשטיינערט, אַ פּאָר מינוט און געקוקט מיט אָראָפּגעלאָזטע קעפּ. פּלוצעם האָבן מיר דערהערט אַ גראָב קול הינטער אונדז ריידן:

— וואָס טוט איר דאָ, האָ?

מיר האָבן זיך אומגעקוקט און האָבן דערזען אַ הויכן, גראָב־בײַכיקן ייִד, מיט אַ פּליך (4) אויפֿן קאָפּ. ער איז געשטאַנען, געקוקט אויף אונדז און געשמייכלט. מיר האָבן נישט געוווּסט וואָס צו ענטפֿערן.

— וואָס טוט איר דאָ, האָ? — האָט ער ווײַטער געפֿרעגט.

— באָדן זיך ווילן מיר! — האָט זיך בײַ איינעם אַרויסגעריסן אַ געשריי...

— כאַ־כאַ־כאַ! באָדן זיך! — האָט זיך דער דיקער ייִד צעלאַכט. נו, וואָס־זשע וואַרט איר? כי־כי־כי!...

— אַמאָל פֿלעגן מיר זיך דאָ באָדן, — האָט אַ צווייט ייִנגל ווי דורך טרערן אַרויסגעלאָזט, — אַ מאָל איז געווען ריינע וואַסער.

— אַ מאָל! אַ מאָל! — האָט דער הויכער, בײַכיקער ייִד זיך לוס־טיק (5) געמאַכט מיט אונדז. — אַמאָל איז דען אויך אַ קונץ געווען צו באָדן זיך?... באָדט זיך איצטער... כאַ־כאַ־כאַ!

זײַן לאַכן האָט אונדז ביז ווייטיק גערייצט (6). און איינער פֿון אונדז, בלאַס ווי דער טויט, האָט אַ געשריי געטאָן:

— אַ בראַנד (7) אין אײַער פֿאַבריק!...

און האָט זיך פֿונאַנדערגעוויינט.

— כאַ־כאַ־כאַ! — האָט זיך דער בײַכיק־דיקער ייִד פֿונאַנדערגעלאַכט — אַהיים, שקצים!...

---

2. ווי זשעלאַטין. 3. ריח. 4. אָן האָר אויפֿן קאָפּ. 5. דאָ: געשפּאַסט.
6. irritaba. 7. פֿײַער, שׂרפֿה.

גייענדיק צוריק אַהיים, האָט מיר געקלונגען אין די אויערן דעם יידנס געלעכטער, דער „דזזזזז" פון די קוימענס און דאָס אַלץ האָט זיך מיר געלייגט ווי שוועבל (8) אויף מײַן האַרצן.

— אַ בראַנד אין דער פאַבריק! — האָט דאָס יינגל דעם גאַנצן וועג געשאָלטן.

— דערשטיקט האָט זי דאָס טײַכעלע! — האָט אַ צווייטער געזיפצט...

און לאַנג האָבן מיר דאָס טײַכעלע באַוויינט, און נאָך לענגער די פאַבריק געשאָלטן...

## איך און די וועלט

ווען די גאַנצע וועלט וואָלט לײַדן,
מיר אַליין זאָל גוט זײַן בלויז;
וואָלט איך דאַן די וועלט די גאַנצע
אײַנגעלאַדן אין מײַן הויז.

איך וואָלט טרייסטן זי און צערטלען
און געזאָגט: „נישט זאָרג זיך, וועלט!" —
ביז זי וואָלט צו זיך געקומען
און זיך אויף די פיס געשטעלט.

ווען די וועלט געווען וואָלט גליקלעך,
איך אַליין בלויז פול מיט לייד,
וואָלט איך דאַן צו איר געקומען
און געפאָדערט: „גיב מיר פרייד!"

אָבער אַז מיר בײדע לײַדן,
סײַ די וועלט, סײַ איך אַליין, —
האָט די וועלט נישט וווּ צו קומען
און איך האָב נישט וווּ צו גיין...

---

8. azufre.

# דער אַלטער טשעסלער

**א**

אַלט איז שוין לייזער דער טשעסלער (1). געבויגן גייט ער שוין, און קענטיק, אַז דער שטעקן זײַנער, וואָס ער האַלט אין דער רעכטער האַנט, קומט אים שטאַרק צו נוץ — אָן דעם שטעקן וואָלט ער אין בית־מדרש אַוודאי ניט געגאַנגען. מער ווי אין בית־מדרש גייט ער ניט — עס איז אים שווער און, אַגבֿ (2), האָט ער נישט וווּהין צו גיין: זײַנע קינדער זײַנען זיך צעפֿאָרן קיין אַמעריקע, און ער איז עלנט (3), ווי אַ שטיין. די אַלטע זײַנע איז שוין אויך טויט. געשטאָרבן איז זי מיט דרײַ יאָר צוריק, ווען ער האָט נאָך געאַר־בעט. און געאַרבעט האָט לייזער אַזוי לאַנג, ביז וואַנען ער האָט שוין נישט געקענט, אַזוי לאַנג, ביז די האַק האָט זיך נישט פֿון זײַן האַנט אַרויסגע־גליטשט. דעמאָלט האָבן אים די יינגערע טשעסלערס געזאָגט:

— צײַט שוין, ר׳ לייזער, זיך אָפּרוען!...

און שוין צוויי יאָר, אַז ער רוט טאַקע. אמת, אין גאַנצן רוט ער נישט, עס קומט אים אָן זייער שווער די „הוצאה“ (4) זײַנע. דאָס עסן איז שוין ווי עס איז: אַ פּאָר געבאַקענע קאַרטאָפֿל און אַ קאָפּ פּוך אַ הערינג קלעקט אים אויף אַ טאָג. דאָס אומגליק איז נאָר דאָן, ווען עס קומט אים אויס צו צאָלן דעם אַלטן זלמנען די צוויי גילדן דירה־געלט. דעמאָלט אַרבעט ער מעשׂים (5), עס פֿאַרשטייט זיך — נישט מיט די הענט, נאָר מיטן קאָפּ: ער זוכט אויף אין מוח באַלעבאַטים, וועמען ער האָט הײַזער געבויט און וועלכע זײַנען אים נאָך שולדיק געבליבן. אַ סך פֿון זיי לייקענען אים; אַנדערע זײַנען מודה און שווערן, אַז זיי האָבן נישט; טייל זײַנען זיך נישט מודה און לייקענען נישט און וואַרפֿן אים דאָך אַרויס אַ פּאָר גילדן.

נאָר די לעצטע צײַט קומט אים אָן אַלץ שווערער און שווערער די צוויי גילדן דירה־געלט צו קריגן. ער איז שוין שולדיק דעם אַלטן זלמנען פֿיר גילדן פֿאַר צוויי חדשים, און עס גייט שוין באַלד אַ דריטער חודש. זלמן וואָלט אים אַפֿילו געוואַרט, נאָר ער קען נישט — ער איז אַליין נישט דער באַלעבאָס, ער אַליין צאָלט דירה־געלט און אים קומט דאָס אויך זייער שווער

---

1. וואָס בויט הײַזער פֿון האָלץ. 2. de paso. 3. איינער אַליין. 4. וואָס מע גיט אויס אויף צו לעבן. 5. אַרבעטן אַ סך.

אָן. סך־הכל איז זלמן אַן אַלטער שנײַדער, אויף איין אויג שוין בלינד, און מער ווי לאַטעס (5) לייגן קען ער נישט. און וואָס פאַרדינט ער פון אַ לאַטע, מישטיינס געזאָגט?...

לייזער דער טשעסלער האָט אויף אים קיין פאַראיבל נישט (6), ווען ער מאָנט אַ מאָל צו שטאַרק, נאָר גוט איז דאָס אים נישט. זינט ער לעבט, האָט ער קיין ליגן נישט געזאָגט, און איצטער, אויף דער עלטער, האָט ער שוין דעם אַלטן זלמנען גענאַרט, אַז הײַנט־מאָרגן גיט ער אים געלט...

און די לעצטע טעג בלײַבט לייזער אין בית־מדרש ביז שפּעט נאָך מעריבֿ. ער זיצט בײַ אַ ספר אויף עבֿרי־טייטש (7) און וואַרט, ביז וואַנען דער בית־מדרש־זייגער שלאָגט צען. דעמאָלט ווייסט ער זיכער, אַז דער אַלטער זלמן שלאָפֿט שוין, און ער גייט אַוועק אַהיים...

## ב

דער אַלטער זלמן האָט שוין געגעבן לייזערן אָנצוהערעניש, אַז ער וועט פאַרדינגען זײַן אָרט אַ צווייטן, אויב ער וועט אים די טעג קיין געלט נישט געבן. לייזער איז צעטומלט געוואָרן. ער האָט אַ מורמל געטאָן: „אײַלט זיך נישט, מיר וועלן זען..." נאָר טאַקע מער נישט ווי אַ מורמל — דײַטלעך זאָגן האָט ער נישט געקענט, וואָרעם וואָס האָט ער „צו זען"? ער האָט שטיל גענומען דעם שטעקן און האָט זיך שטיל אַרויסגערוקט פון שטיבל...

דאָס אומגליק איז גרויס געווען! דאָס אומגליק האָט דעם אַלטן לייזערן צעטומלט. ער איז געגאַנגען און מיט שטאַרע (1) בליקן געקוקט אויף דער ערד און אין די זײַטן. נאָר אָט פאַרשווינדט דאָס גרויסע אומגליק, לייזער פאַרקוקט זיך אויף די הײַזער און פאַרגעסט זיך. די הײַזער ווערן אים ליב, פיל פון זיי דערמאָנען אים אַמאָליקע יאָרן, ווען ער, אַ הויכער, אַ געזונטער, איז געשטאַנען און געשמאַק געאַרבעט. „אָט די שטוב", דערמאָנט ער זיך, פאַרבײַגייענדיק יאַנקל דעם שענקערס שיין הויז, „האָב איך צען וואָכן געאַרבעט. ער האָט גאַנץ ערלעך געצאָלט — פינף גילדן אַ טאָג, און ער פלעגט אַ מאָל געבן אַ ביסל בראָנפן (2) נאָך דער אַרבעט. עס איז נאָך גאַנץ שטאַרק! אַמאָליקע האָלץ — אײַזן!"... „אָט די שטוב", פאַרקוקט ער זיך אויף נאָך איינער, „האָב איך שוין געאַרבעט נישט פון טאָג. איך האָב זיך דעמאָלט אָפּגענאַרט, עס האָט מער נישט אויסגעמאַכט ווי אַ האַלבער רובל צי פיר גילדן אַ טאָג" — ער קען זיך נישט דערמאָנען... אָט גייט ער פאַרבײַ דעם גבֿירס הויז. „אַ הײַזעלע", טראַכט ער און קוועלט (3), „נאָך גאָר נײַ! שוין אַ מעשׂה פון אַ יאָר צוואַנציק". זייער אַ סך חדרים, דערמאָנט ער זיך, זײַנען דאָ! בײַ דעם גבֿיר האָט ער נישט שלעכט פאַרדינט: זעקס גילדן אַ

5. parches. 6. איז נישט ברוגז. 7. יידיש.

1. וואָס רירן זיך נישט. 2. ווײַן. 3. האָט פאַרגעניגן.

טאָג. ער פֿאַרוווּנדערט זיך אין געדאַנק: „אַזוי פֿיל? נו, ער איז דאָך פּאָרט דער ערשטער גבֿיר אין שטאָט!" — פֿאַרענטפֿערט ער זיך אַליין זײַן האַרבע קשיה (4)... און ער פֿאַרקוקט זיך אויף נאָך און נאָך הײַזעלעך, וועלכע ער האָט אין זײַן לאַנגן לעבן געבויט. זיי גיבן אים אָפּ גרוסן, און עס ווערט אים וואַרעם אין זײַן נשמה... נאָר אָט וואַקסט פּלוצעם דאָס אומגליק צוריק אַרויס. ער דערמאָנט זיך עפּעס שרעקלעכס, און זײַן אַלטער קערפּער ציטערט..

פֿאַרצווייפֿלט (5) איז ער אַרײַן אין בית־מדרש, אָפּגעדאַוונט מנחה. שפּעטער — מעריבֿ. דער זייגער שלאָגט שוין אַכט, נײַן, צען. איצטער שלאָפֿט דער אַלטער זלמן, נאָר לייזער האָט נאָך נישט בדעה צו גיין אַהיים. ער זיצט בײַם ספֿר, זײַנע געדאַנקען זײַנען אָבער ערגעץ ווו אַנדערש. „וואָס טוט מען?" — אָט די אײַזערנע ווערטער קלאַפּן אים אין זײַן אַלטן מוח. זיי האָבן אָבער אַזוי לאַנג געקלאַפּט, ביז זיי האָבן אויפֿגעבויט אין זײַן קאָפּ אַ גליקלעכן פּלאַן. דער אַלטער שמייכלט, ער איז גליקלעך: פֿון הײַנט אָן וועט ער שוין בלײַבן אין בית־מדרש אויף שטענדיק, צוריק וועט ער שוין נישט גיין צום אַלטן זלמנען. ער לייגט זיך איבער (6) עטלעכע מאָל, טאָמער איז דאָ פֿאַראַן אַ שטיקל הסרון, עפּעס אַ שטערעניש. נאָר ער געפֿינט נישט. ער ווערט באַגײַסטערט (7). „געוויס, געוויס", — באַשליסט ער זיך פֿעסט, — „פֿון הײַנט אָן בלײַב איך אין בית־מדרש. אַראָפּ אַזאַ יאָך (8)! אַ קלייניקייט — אַלע חודש צוויי גילדן"... „צוויי גילדן"! — רעדט ער אַרויס שוין נישט אין געדאַנק, נאָר מיט ווערטער, און אים דאַכט זיך, אַז פֿון זײַנע פּלייצעס איז עפּעס אַראָפּגעפֿאַלן, און אים איז גרינג געוואָרן...

אַ פּיצעלע משׂא (9) בלײַבט אים דאָך — דער הובֿ! אָפּצאָלן מוז מען! נאָר ווי אַזוי? ער זיפֿצט...

ג

דער בית־מדרש־זייגער האָט געשלאָגן צוועלף. דער אַלטער לייזער זיצט בײַם טיש און דרעמלט, און אים חלומט זיך, אַז דער אַלטער זלמן זיצט נעבן אים און נייט און נאָך יעדן שטאָך אין בגד גיט ער אים מיט דער נאָדל אַ שטאָך אין די אויגן.

— ר' זלמן, שטעכט זיך נישט, — בעט ער זיך, — איך וועל אײַך די פֿיר גילדן אָפּצאָלן, מאָרגן הייב איך אָן צו אַרבעטן בײַ יאַנקל דעם שענקערס הויז, ער צאָלט פֿינף גילדן אַ טאָג...

זלמן וויל עס נישט הערן און שטעכט אים מיט דער נאָדל אין די אויגן און אין אַלע גלידער. און אָט דערפֿילט ער, אַז ער שטורכעט (1) אים. נאָר

4. שווערע פֿראַגע. 5. desesperado. 6. באַטראַכט זיך. 7. פֿול מיט ענטוזיאַזם. 8. דאָ: שווערע פּראָבלעם. 9. שווערע זאַך.

1. שטויסט, שטופּט.

דאָס שטורכען איז שוין געווען אויף דער וואָר (2). דאָס האָט געשטורכעט דער אונטער־שמש, וואָס איז נעבן אים געשטאַנען און בייז געברומט:

— זייט מוחל, דאָ איז מיין אָרט! איך דאַרף זיך לייגן.

לייזער האָט אָנגעהויבן רייבן די אויגן. דערזעענדיק, אַנשטאָט דעם אַלטן זלמנען, דעם אונטער־שמש, איז ער צו זיך געקומען. ער האָט זיך דערמאָנט אָן זיין פּלאַן, אַז ער בלייבט פון היינט אָן אין בית־מדרש, נאָר דער אונטער־שמש האָט אים טרוקן איבערגעגעבן, אַז דאָ איז נישט קיין הקדש (3). די גבאים (4) האָבן פאַרזאָגט, אַז מע זאָל קיינעם נישט לאָזן נעכטיק, עס איז גענוג די ישיבה־בחורים, וואָס שלאָפן דאָ.

אויס...

און, גייענדיק צוריק צו דעם אַלטן זלמנען, האָט שוין לייזער נישט גע־קוקט אויף די הייזער, וועלכע ער האָט געבויט. עס איז געווען זייער אַ פינצטערע נאַכט און אין די אויגן איז אים נאָר פינצטערער געווען. זייער פּאַמעלעך איז ער געגאַנגען, נאָך פּאַמעלעכער ווי ער האָט געקאָנט: עס איז אים ליבער געווען צו שלעפּן זיך אין דער פינצטערער נאַכט, איידער צו קומען צו דעם אַלטן זלמנען, צו זיין „מאַנער" (5)... און וואָס וועט זיין



2. רעאַליטעט. 3. אָרט ווו עס האָבן זיך אויפגעהאַלטן אָרעמעלייט, וואָס האָבן נישט געהאַט קיין היים. 4. אַנפירערס פון שול. 5. cobrador.

דער סוף?... דער אַלטער זלמן וועט אים וואַרטן נאָך אַ פּאָר טעג, אָבער ניט מער. אויפן גאַס וועט אים אויסקומען צו לייגן זיך... אויפן גאַס!

— אוי! — האָט ער אַ קרעכץ געטאָן ביי דעם געדאַנק.

און איצטער האָט ער זיך דערמאָנט, וואָס זיין אַלטע האָט אים אַ מאָל, אַ מאָל געזאָגט: „לייזער, אַלע בויען זיך, לאָמיר זיך אויך פאַרזאָרגן מיט אַ שטיבעלע". „מע קען נישט" — האָט ער איר געענטפערט, — „פאַר מיין אַרבעט פאַר זיך וועט מיר קיינער נישט באַצאָלן".

ער האָט איר אַפילו גוט געענטפערט, זי האָט דערויף נישט געהאַט וואָס ווייטער צו ריידן: דאָך, דערמאָנענדיק זיך, אַז אַט באַלד־באַלד האָט ער זיך נישט וווּ אַהין צו טאָן, ווערט ער אויף זיך אין כעס און זידלט און שעלט זיך אַליין:

— אַלטער נאַר! הייזער האָסטו געבויט און אויפן גאַס וועסטו שטאַרבן...

## צום העמערל

אָך, העמערל, העמערל, קלאַפּ,
שלאָג שטאַרקער אַ טשוועק (1) נאָך אַ טשוועק!
קיין ברויט איז אין שטוב שוין נישטאָ,
נאָר צרות און לייד אָן אַן עק.

אָך, העמערל, העמערל, קלאַפּ,
דער זייגער, ער שלאָגט שוין באַלד צוועלף.
די אויגן, זיי מאַכן זיך צו —
גיב כּוח, אַ גאָטעניו, העלף!

אָך, העמערל, העמערל, קלאַפּ,
שלאָג שטאַרקער די טשוועקעס, שלאָג גיך!
ביז מאָרגן מוז פאַרטיק שוין זיין
דער גבֿירינטעס (2) טעכטערלס שיך.

אָך, העמערל, העמערל, קלאַפּ,
ניט גליטש זיך, (3) פון מיין האַנט אַרויס!
מיין איינציקער שפּייזער ביסטו,
פון הונגער אָן דיר גיי איך אויס...

1. טשוואָק (clavo). 2. רייכע פרוי. 3. פאַל נישט אַרויס.

# דער בוים

### א.

עס איז געווען אַ לאַנגע גאַס, אין דעם ייִדישן קליינשטעטל האָט זי זיך געריכנט פאַר דער לענגסטער. זי האָט פאַרמאָגט פּערציק הײַזלעך, אויסער דער הורבה (1), אין וועלכער קיינער האָט שוין אַ יאָר צען נישט געוווינט. די אײַנוווינערס פון דער גאַס זײַנען געווען דורכויס ייִדן. דער איינציקער גוי, וואָס איז געווען אין גאַס, איז אויך געווען אַ האַלבער ייִד: גערעדט ייִדיש, געהאַלטן פון אַ סך ייִדישע מנהגים און האָט געוווינט אין אַ ייִדיש שטיבל, וווּ בײַ דער טיר איז געווען צוגעשלאָגן אַ מזוזה — אַזוי אַז די ייִדישע אָרעמע־לייט, גייענדיק איבער די הײַזער, פלעגן זײַן שטיבל אויך נישט דורכלאָזן און פלעגן אַ מאָל כאַפּן בײַ אים אַ צוויי־דרײַ קאַרטאָפל.

די ייִדן פון דער גאַס האָבן אַלע גוט געקענט לערנען. האָבן זיי געוווּסט, אַז אַ מאָל, אין ארץ־ישׂראל, איז יעדער ייִד געזעסן „אונטער זײַן ווײַנשטאָק און אונטער זײַן פײַגנבוים”. אויך האָבן זיי געוווּסט פון די צעדערביימער פון לבֿנון און פון נאָך אַנדערע ביימער, וואָס ווערן אויסגערעכנט אין תּנך. דאָ אָבער, אין חוץ־לאָרץ, האָבן זיי פון ביימער ווייניק געוווּסט.

צווישן די הדר־ייִנגלעך איז אומגעגאַנגען אַ „סוד”, אַז אויב מען זאָל פאַרזייען די קערנדלעך פון אַן עפּל אין דער ערד, קאָן אין אַ צײַט אַרום אויסוואַקסן אַ בוים. נאָר עס איז נישט מער געווען ווי אַ קלער, קיין אמתע אמונה (2) האָבן די חדר־ייִנגלעך דערין נישט געהאַט און האָבן זיך אַפילו געפוילט צו מאַכן אַ פּרווו אײַנצוזעצן אַזעלכע קערנדלעך.

און די לאַנגע גאַס האָט טאַקע אַן איינציקן בוים געהאַט. און ייִ־דערן איז געווען אַ וווּנדער: ווי אַזוי קומט דער בוים אַהער?

דער באַלעבאָס פון דעם בוים, חיים־יאַנקל דער שנײַדער, האָט אויך נישט קלאָר געוווּסט, ווער האָט דעם בוים פאַרפלאַנצט און ווי אַזוי ער איז אויסגעוואַקסן. זײַן טאַטע האָט עס געווים נישט געטאָן, ווײַל אַז

---

1. אַלט, צעשטערט הויז. 2. גלויבן, צוטרוי.

חיים־יאַנקל איז נאָך געווען אַ יונגל -- איז שוין דער בוים געווען אַזוי גרויס און דיק ווי איצטער. חיים־יאַנקלס נחלה (3) איז אים איבערגעגאַנגען בירושה אַוודאי פון זעקסטן דור. אפשר האָט די נחלה אַמאָל געהערט צו אַ גוי און ער האָט דעם בוים פאַרפלאַנצט?

נאָר ווי די מעשׂה זאָל נישט זײַן, אַזוי צי אַנדערש — די לאַנגע גאַס האָט געהאַט אַ בוים, און דער בוים איז געווען חיים־יאַנקל דעם שנײַדערס. געוואַקסן איז דער בוים לעבן שטיבל, האַרט בײַם פענצטער, וואָס האָט צו דער גאַס אַרויסגעקוקט, און חיים־יאַנקל האָט בשעת דער אַרבעט געקענט קוקן אויף זײַן בוים, וואָס ער האָט אים ליבער געהאַט ווי אַלץ אין דער וועלט.

ב.

אין האַרבסט, ווען דער ווינט האָט געבלאָזן, האָבן די צווײַגן זיך געשאָקלט און געהיישט טרויעריק אין פענצטער אַרײַן, ווי זיי וואָלטן עפּעס אַן אומעטיקע לאַנגאָנענדיקע (1) מעשה וועלן חיים־יאַנקלען פאַרציילן. אין דעמאָלט ווערט חיים־יאַנקל אומעטיק, די נאָדל וויל אַרויסשפּרינגען פון די פינגער, ביז ער לאָזט זי אין גאַנצן אַרויס פון דער האַנט. ער לענט זיך אָן (2) צום פענצטער און פאַרטראַכטערהייט ברומט ער אונטער מיט אַ האַלב צעבראָכענעם קול אַ ניגון.

זומער אָבער האָט דער בוים מער רושם (3) געמאַכט אויף חיים־יאַנקלען. מלאָכה איז געווען ווייניק, צייט צו פאַנטאַזירן מער — און די ליידיקע צייט ליגט חיים־יאַנקל אונטערן בוים. די צווײַגן רוישן שטיל, פאַרזיכטיק. אַ פייגל פאַרגנבֿעט זיך אַ מאָל אויף זיי און טשיריקעט. און חיים־יאַנקל מאַכט צו די אויגן, און קלערט, און טראַכט פון עפּעס העכערס ווי שער־און־אײַזן (4)...

אין זומערדיקע שבתים, אַז עס איז געווען היס, פלעגן אַ מאָל קומען נאָענטע שכנים אויסרוען זיך אונטערן בוים נאָכן טשאָלנט.

דעמאָלט פלעגט חיים־יאַנקל האָבן גרויס כּבֿוד. עס פלעגט אויך קומען טבֿיה דער גמרא־מלמד, אַ הויכער דאַרער ייִד מיט אײַנגעפאַלנע באַקן. טבֿיה האָט גערעדט זייער שטיל, בנעימותדיק (5), און חיים־יאַנקל האָט זייער שטאַרק געהאַלטן פון אים.

— ווילן מיר אַ ביסעלע אָפּרוען אונטער אײַער בוים, ר׳ חיים־יעקבֿ! — פלעגט טבֿיה שטיל אַרויסרעדן, אויסצײַענדיק זיך מיט אַ מידן שמייכל אונטערן בוים, און האָט דערבײַ נישט געקוקט חיים־יאַנקלען אין פּנים בשעתן רעדן.

---

3. דאָ: די שטוב מיטן פּלאַץ אַרום.

1. זייער אַלטע; אַמאָליקע. 2. שפּאַרט זיך אָן. 3. אײַנדרוק. 4. זאַכן פון שנײַדערײַ.
5. פאַמעלעך, רויִק.

— אָך, מיטן גרעסטן כּבֿוד, ר׳ טבֿיה, — פלעגט חיים־יאַנקל כּמעט אויסשרײַען, — „מיטן גרעסטן כּבוד! — רוט זיך אָפּ, מהיכא־תּיתא״ (6).

— „כּי האָדם עץ השׂדה״, — פלעגט טבֿיה אַרײַנקומען אין אַ שטי־מונג, ליגנדיק אונטערן בוים, — אַ בוים, ר׳ חיים־יעקבֿ, איז געגליכן צו אַ מענטשן.

און חיים־יאַנקל פלעגט אויפהייבן די אויגן, באַטראַכטן די צווײַגן פון בוים, דעם שטאַם (7), ווי ער וואָלט געזוכט אַן ענלעכקייט צווישן אַ מענטשן מיט אַ בוים. קיין גרויסע ענלעכקייט האָט ער נישט געפונען. דאָך פלעגט ער ענטפערן:

— אוודאי, וואָס דען, ר׳ טבֿיה.

„אַ בוים לעבט אָבער לענגער ווי אַ מענטש״, — פלעגט ר׳ טבֿיה באַלד סותר זײַן (8) זײַנע ווערטער און זיך פונאַנדערהוסטן.

געהוסט האָט ר׳ טבֿיה לאַנג און שווער, און יעדער הוסט האָט חיים־יאַנקלען אָפּגעקלונגען ווי אַ שטים וואָס רעדט:

ר׳ טבֿיה וועט באַלד שטאַרבן... ער האָט די שווינדזוכט?... און דער בוים וועט אונדז אַלעמען איבערלעבן ...

## ג.

אָפּהיען אונטערן בוים פלעגט אויך קומען זרח ברײַנעס, דער נגיד פון גאַס. נײַען בגדים פלעגט זרח בײַ אַ צווייטן שנײַדער, נאָר חיים־יאַנקל האָט זיך נישט נוקם געווען אין אים און זיך נישט באַנוצט מיט דעם וואָס ער קען אים פון בוים אַוועקטרײַבן. אַדרבא, ער פלעגט אים זײַער שיין אויפנעמען, ווי ער וואָלט וועלן דעם נגיד באַווײַזן, אַז ער קען אויס־קומען אָן זײַן מלאָכה.

— אַ וווילער בוים, — אַזאַ בוים מע זאָל צעהאַקן, קען קלעקן (1) אויף אַ ווינטער הייצן. מיר איז אַ חידוש (2), וואָס דו צעהאַקסט אים ניט, חיים־יאַנקל.

חיים־יאַנקל פלעגט ווערן אָנגעצונדן פון אַזעלכע ווערטער. אַ הזיר וואָלט אַליִן אויפעסן, — האָט ער אין האַרצן געטראַכט, נאָר ר׳ זרחן פלעגט ער ענטפערן איידעלער:

— מע טאָר נישט האַקן, ר׳ זרח, מע טאָר נישט! עס איז אַפילו אַ זינד צו זאָגן אַזוינס. אַ בוים, זאָגט ר׳ טבֿיה, איז ווי אַ מענטש...

— „כּי האָדם עץ השׂדה״, — פלעגט טבֿיה אונטערזאָגן ווי פון שלאָף.

---

6. פאַר וואָס נישט; גוט. 7. tronco. 8. זאָגן פאַרקערט.

1. זײַן גענוג. 2. וווּנדער.

— עט, נאַרישקייט, עס איז נאָר אַ משל, — פלעגט דער נגיד אַ מאַך טאָן מיט דער האַנט, — נו, מע דאַרף אַ דרימל טאָן. וועסט מיך אַ וועק טאָן אַ זייגער דריַי, וועל איך גיין טרינקען אַ גלעזל וואַרעמס...

### ד.

איין חסרון האָט אָבער דער בוים געהאַט: עס האָבן אויף אים פּרות (1) געוואַקסן, און דאָס האָט אים און חיים־יאַנקלען געשאַט.

וואָלטן כאָטש די פּרות געווען געראָטענע (2), וואָלט דאָס אומגליק אפשר נישט אַזוי גרויס געווען. חיים־יאַנקל וואָלט אים אַרומגעצאַמט (3) צי ער וואָלט אים פאַרדונגען זעליג דעם „סאַדאָווניק" (4), און יענער וואָלט זיך שוין אַן עצה געגעבן ווי אַזוי צו פאַרהיטן אים פון שלעכטע הענט.

האָבן אָבער אויפן בוים געוואַקסן נאָר ווילדע עפּעלעך. עסן האָט מען זיי געקענט ערשט שפּעט אין ווינטער, ווען זיי ווערן, ליגנדיק אויפן בוידעם, שטאַרק איבערגעפרוירן. דעמאָלט איז אויך אויף שונאים געזאָגט זייער טעם וואָס זיי האָבן. די גאַנצע מעלה פון די עפּעלעך איז וואָס זיי זיַינען אַ רפואה צו טשאַד (5). און פריידע, חיים־יאַנקלס וויַיב, פלעגט טאַקע מיט די דאָזיקע עפּעלעך אָפּראַטעווען דאָס גאַנצע געזינד, ווען מען פלעגט ווינטערציַיט פאַרטשאַדען די קעפּ פון די אָנגעברענטע פּרעסלעך.

די יינגלעך פון דער גאַס האָבן אָבער נישט געקוקט, וואָס די עפּע־לעך זיַינען ווילדע. זייער געלט זיַינען זיי ווערט געווען. וואַרטן ביז די עפּעלעך וועלן איבערפרירן אויפן בוידעם — דערצו זיַינען זיי צו היציק געווען. פאַר טשאַד האָבן זיי קיין מורא נישט געהאַט. דעריבער ווי עס פלעגט קומען אָנהייב אלול און די עפּעלעך האָבן באַקומען אַ געהעריקע צורה, פלעגן זיי יעדן נאָכמיטאָג, יעדן בין־מנחה־למעריב, באַלאַגערן (6) דעם בוים. זיי האָבן געוואָרפן אויף די שפּיצן צוויַיגן, וווּ די עפּעלעך האָבן געדיכט געוואַקסן, העלצער, שטיינער, און מיט געוואַלד און געפּיל־דער אָנגעלייגט פולע קעשענעס מיט „רויב" (7).

דערזעענדיק די מהנה קינדער בנים בוים, האָבן ביַי חיים־יאַנקלען אָנגעהויבן ציטערן הענט און פיס. ער פלעגט, ווי אַן אָפּגעבריטער, אַרויס־לויפן פון שטוב, אַראָפּוואַרפנדיק דאָס שטיקל אַרבעט פון דער האַנט אויף דער ערד, און פלעגט ברומען:

— שקצים (8), וואָס ווילט איר פון דעם בוים? איך וועל איַיך ממיתן (9)!

די יינגלעך פון דער גאַס פלעגן זיך צום אָנהייב דערשרעקן און מיט אַ געפּילדער און פּיפּערניַי זיך לאָזן אַנטלויפן. אין אַ וויַילע אַרום, אַז

1. פרוכטן. 2. גוטע, שיינע. 3. אַרומגענומען מיט אַ צאָם (barda). 4. איינער וואָס האַלט אַ פרוכטגאָרטן. 5. tufo. 6. אַרומרינגלען. 7. botín.
8. דאָ: שטיפערס; נישט־דערצויגענע קינדער. 9. שלאָגן.

זיי האָבן באַמערקט, אַז חיים־יאַנקל איז צוריק אין שטוב אַרײַן, זײַנען זיי זיך ווידער צוזאַמענגעקומען און מיט מער פרישקייט זיך גענומען צום בוים.

און דעמאָלט פלעגט זיך אָנהייבן אַ מלחמה אויף לעבן און טויט. מיט אַ שטעקן לאָזט זיך חיים־יאַנקל לויפן, ווי אַ ווילדער טיגער, נאָך דער מחנה יינגלעך. די יינגלעך לאָזן זיך אַנטלויפן מיט אַ געלעכטער און הורא, און ווידער קומען זיי צו לויפן...

## ה.

אַ מאָל פלעגט בײַ חיים־יאַנקלען פּלאַצן די געדולד און ער האָט זיך געלאָזט לויפן ווײַט־ווײַט נאָך די יינגלעך. דעמאָלט ווערט אין גאַס אַ טומל. ייִדן מיט בערד, ווײַבער און קינדער לויפן אַרויס פון די הײַזער און דערשראָקענע פרעגט מען איינער דעם אַנדערן:

— וואָס איז דאָס? האַ?

באַלד אָבער הייבט אָן איינער דעם אַנדערן באַרויִקן:

— גאָרנישט, גאָרנישט, חיים־יאַנקל דער שנײַדערוק יאָגט זיך נאָך די יינגלעך... אַ שנײַדורע אַ ביסל! פרעג, וואָס זשאַלעוועט ער די עפּע־לעך? מער ווי בויכווייטאָג האָט מען פון זיי נישט!

דערהערנדיק אַזאַ מיאוסע מיינונג וועגן זײַנע עפּלעך, ווערט חיים־יאַנקל נאָך מער צערייצט און פּאַר כּעס כאַפּט ער אַ יינגל און גיט אים אַ קלאַפּ.

— אוי! אוי! — פלעגט זיך דאָס יינגל הויך צעוויינען — פאַר וואָס שלאָגט ער מיך? איך האָב גאָרנישט געריסן...

— בתיה! מע האָט אײַער יינגל געהרגעט, — זאָגט אָן אַ שכנה פאַר גוטפרײַנדשאַפט־וועגן דעם יינגלס מוטער.

נעמט זיך די מוטער אָן פאַר איר קינד:

— וואָס שלאָגט איר עפּעס מײַן קינד? איר גיט אים עסן? העגן אַ ביסל? ער האָט אַ שטיקל בוים מיט סם־המוותדיקע (1) עפּעלעך — קאַכט די גאַס!

און אויף חיים־יאַנקלען פאַלט אָן די גאַנצע גאַס, און יעדערער זידלט אים און מאַכט אים מיט דער בלאָטע צו גלײַך. געזעצטע באַלעבאַטים פלעגן אים נאָר ווייכן מוסר זאָגן (2).

— זאָגט אַליין: ווי שעמט זיך דאָס נישט אַ ייִד צו האָבן אין זינען אַזעלכע נאַרישקייטן — בוים־שמוים! דאָס פּאַסט פּאַר אַ גוי, נישט פּאַר אַ ייִדן... קינדער, זיי רײַסן — זאָלן זיי רײַסן. עס האָט עפּעס אַ ווערדע די עפּעלעך? פּע, חלשות!

---

1. מיט סם וואָס קאָן טייטן. 2. מאָראַל פּרעדיקן.

— מיך ארט נישט די עפּעלעך, — פּלעגט חיים־יאַנקל ענטפערן מיט אַ וויינענדיקן קול, — דעם בוים קאַליעטשען (3) זיי מיר, די צווייַגן צעברעכן זיי!

— צווייַגן־שמייַגן! — הייבן ווידער אָן מוסרן די געזעצטע באַלע־באַטים. — נו, זאָגט אַליין: זייט איר נישט ערגער פאַר די קינדער! אַ געשעפט האָט איר! אָט גייט אַהיים און נעמט זיך צו דער אַרבעט. פע, חלשות! אַ ייִד מיט אַ באָרד...

און חיים־יאַנקל האָט זיך נאָך אַזאַ מוסר געפילט, ווי אַ קינד נאָך אָן אָפּגעטאָנענער נאַרישקייט. ער פלעגט פאַרשעמט אַ קוק טאָן אויף דעם מוסר־זאָגער, דערנאָך אויף דער אייגענער באָרד. נאַריש אַ שמייכל טאָן און זיך לאָזן צוריק אַהיים גיין.

צוגעקומען נאָך אַזאַ מעשה צום שטיבל, שטעלט זיך חיים־יאַנקל בייַם בוים. אויף דער ערד לעבן בוים וואַלגערן זיך שטיקלעך אָפּגעבראָ־כענע צווייַגלעך, אין דער הייך אויפן שפּיץ בוים הענגען אַ פּאָר צווייַגן איבערגעבראָכענע און זעען אויס, ווי הרוגים. חיים־יאַנקל קוקט אויף די צעבראָכענע צווייַגלעך, אויף דער ערד, אויפן בוים, קוקט, זיפצט — און מיט אַ געקלעמט (4) האַרץ גייט ער אַרייַן אין שטוב...

אַזוי פלעגט יעדער אלול ביז אַ שטיק אין האַרבסט רוישן די גאַס.

## ו.

עס זייַנען אַזוי איבערגעלאָפן אַ צענדליק יאָרן.

און די צען יאָר האָבן אַ פּאָר סימנים געלאָזן אין דער גאַס: די חורבֿה איז צעלייגט געוואָרן; טבֿיה דער גמרא־מלמד האָט זיך איין מאָל שטאַרק פונאַנדערגעהוסט, נישט געקענט כאַפּן דעם אָטעם און איז אוועק־געשטאָרבן; זרח דער נגיד האָט געוואָלט ווערן אַ גבֿיר, האָט געקויפט סחורה אויף ספּעקולאַציע און איז אַן אָרעמאַן געוואָרן.

און דער בוים אין גאַס איז נאָך אַלץ געשטאַנען, און אין האַרבסט, ווען דער ווינט האָט געבלאָזן און די צווייַגן האָבן טרויעריק געדרוישט, פלעגט חיים־יאַנקל אַלץ אונטערברומען דעם זעלביקן ניגון פון קינות (1).

זומער, אין אַ ליידיקער צייַט, פלעגט ער נאָך אַלץ ליגן אונטערן בוים און טראַכטן וועגן עפּעס העכערס פון שער־און־אייַזן. אלול־צייַט פלעגט ער אַלץ האָבן צו טאָן מיט די הדר־ייִנגלעך, וואָס זייַנען געקומען באַלאַגערן דעם בוים, און די גאַס פלעגט אַלץ רוישן און קאָכן: עפּעלעך, בוים, חיים־יאַנקל...

---

3. צעשטערן, קאַליע מאַכן. 4. פאַרדריקט, צעוויטאָגט.

1. טרויער־לידער, וואָס מע זאָגט תשעה־באָבֿ.

עס זײַנען אװעק נאָך עטלעכע יאָר.

חיים־יאַנקל איז שױן װײַס געװאָרן, און דער בױם איז נאָך געשטאַנען. דער בױם איז אָבער אױך נישט דער זעלביקער געװען.

— עפּעס װײס איך נישט, װאָס מיט דעם בױם איז געװאָרן! — פֿלעגט חיים־יאַנקל װעלן אַ מאָל אױסרעדן דאָס האַרץ פֿאַר עמעצן. — עפּעס איז ער װי אײַנגעבױגענער געװאָרן, שיטערער די צװײַגן, און איז גאָרנישט דער װאָס אַ מאָל.

נאָר קײנער האָט אים נישט געענטפֿערט: אַ נאַרישער שנײַדער: האָט אַלץ אַן עסק מיטן בױם...

און חיים־יאַנקל האָט מיט זײַנע שװאַכע אױגן, מיט אַ געקלעמט האַרץ געקוקט, װי דער אײנציקער בױם אין גאַס שטאַרבט אָפּ אין אײנעם מיט אים...

— די קינדער האָבן אים אַװעקגעהרגעט, — פֿלעגט ער װײנען אין דער שטיל, — דער בױם דאָרט, ער שטאַרבט אָפּ ...

און חיים־יאַנקל האָט זיך דערמאָנט אין טבֿיה עליו־השלום װער־טער: „כּי האָדם עץ השׂדה"...

— אַ למדן אַ ייִד געװען, אַ שאָד, װאָס ער איז געשטאָרבן, — פֿלעגט חיים־יאַנקל זיפֿצן אין אַזױנע מינוטן. ער לענט זיך אָן אין פֿענצטער און הערט זיך צו, װי דער בױם רױשט קױם מיט זײַנע עטלעכע איבערגעבלי־בענע צװײַגן...



# דאָס בעקער־ייִנגל

באַגעגנט האָב איך דאָס ייִנגעלע אין אַ שפּיַיזגעוועלב(1) האַלב צען אַ זייגער אָוונט, זומער.

געזעסן איז דאָס ייִנגעלע בײַ דער טיר פון געוועלב אויף אַ קאַסטן. לעבן זײַנע דאַרע, נאַקעטע, קויטיקע (2) פיסלעך איז געשטאַנען אַ קויש (3) מיט עטלעכע איבערגעבליבענע בייגל.

איך האָב אויך אים אַ קוק געטאָן, געמיינט, אַז פאַר מיר זיצט אַ קינד, וואָס מע האָט נאָר וואָס פון שפּיטאָל אויסגעשריבן, אָדער בעסער — וואָס מע דאַרף אים אין שפּיטאָל אַרײַננעמען...

— וואָס זעסטו אַזוי שלעכט אויס, ייִנגל? — האָב איך אים אַ פרעג געטאָן.

ער האָט זיך געפּוילט אָדער נישט געקענט ענטפערן. ער האָט, אַנ־שטאָט אַן ענטפער, שווער געאָטעמט.

— ביסט קראַנק?

ער האָט אַ שאָקל געטאָן מיטן קאָפּ אויף נישט. קענטיק, אַז וועגן קראַנק זײַן האָט ער געהאַט אַ באַגריף (4), אַז מע מוז ליגן אין בעט און מע קען שוין קיין טריט נישט מאַכן.

— וואָס זשע זעסטו אַזוי שלעכט אויס?

ער האָט געשוויגן און האָט מיך נאָר אָנגעקוקט מיט זײַנע גרויסע, אויסגעלאָשענע אויגן.

— ביסט פאַרמאַטערט?

די דאָזיקע פראַגע האָט ער שוין פאַרשטאַנען. דאָס וואָרט פאַרמאַ־טערט איז אים באַקאַנט. און ער האָט, גלײַך ווי צופרידן פון דעם וואָס איך האָב געטראָפן, געענטפערט:

— יאָ, פאַרמאַטערט.

— וואָס פרעגט איר? — האָט זיך שוין אַרײַנגעמישט די באַלעבאָסטע, זעענדיק, אַז איך אינטערעסיר זיך מיט אַזעלכע נאַרישקייטן. — ער איז קוים אַרײַנגעפאַלן אין געוועלב.

---

1. קראָם פון שפּײַז. 2. שמוציקע. 3. canasta. 4. פאַרשטעלונג, געדאַנק.

— דאָ איז אַפֿילו נישט קיין אָרט... — האָט זי צוגעגעבן.

דאָס יונגעלע האָט אויף איר אַ מידן בליק אַ וואָרף געטאָן; ס'האָט זיך געדאַכט, אַז דער בליק באַטײַט: נאָך איין ווילעטשקע.

— פֿאַר וואָס גייסטו שוין נישט אַהיים שלאָפֿן? — האָב איך אים געפֿרעגט.

— איך וועל איצט דאַרפֿן אַרבעטן, — האָט ער שטיל געענטפֿערט.

— וואָס הייסט, דו אַרבעטסט נאָר בײַ נאַכט? — האָב איך געפֿאָרשט.

— ניין, — האָט ער קוים געענטפֿערט.

— בײַ טאָג אויך?

— יאָ.

— ווען זשע שלאָפֿסטו?

— פֿון צוויי ביז פֿינף.

איך האָב שיִער נישט אויסגעשריִען: „ביסט אַ קליין ליגנערל!" — נאָר איך האָב אַ קוק געטאָן אויף זײַן אויסגעדאַרט, פֿאַר דער צײַט פֿאַרעלטערט פּנימל און האָב אים געגלייבט...

— און דער באַלעבאָס אַרבעט אויך אַזוי פֿיל?... — האָב איך געפֿרעגט.

— ער אַרבעט גאָרנישט.

— און די באַלעבאָסטע?

— אויך נישט.

— און די קינדער זײַנע?

— אויך נישט; איך און נאָך דרײַ מענטשן אַרבעטן.

— וויפֿל נעמסטו אַ וואָך?

— גאָרנישט...

— וואָס הייסט?

— צוויי יאָר אומזיסט.

— דאָס קען נישט זײַן! — האָב איך, דער גרייסער הכם, אויסגעשריִען. — דאָס קען נישט זײַן, זאָג דעם אמת.

דאָס יונגעלע האָט שוין אָבער געשוויגן. וואָס אַרט אים, אַז איך גלייב נישט; און אַז איך וועל אים יאָ גלייבן, וועט אים שוין בעסער זײַן? אין דער צײַט, וואָס ער וועט מיר ענטפֿערן, וועט ער בעסער צומאַכן אויף אַ קליין רגעלע די אויגן. ס'איז אַזאַ מחיה (5)!...

— וואָס גלייבט איר דאָ נישט! — האָט זיך די קרעמערין אַרײַנגעמישט. — בעקערײַ איז אַ קאַטאָרזשנע (6) אַרבעט. געבעקס מוז זײַן פֿריש, מוז מען אַרבעטן בײַ נאַכט...

איך האָב געוואָלט עפּעס זאָגן דערויף, נאָר דאָס יונגל האָט זיך אויפֿגעכאַפּט און, קוּוּצנדיק זיך אין דער הוילער, ערטערווײַז צעבלוטיקטער ברוסט, האָט ער מיט געבעט געפֿרעגט:

---

5. זייער גוט. 6. זייער שווערע.

# דאָס בעקער-יִינגל

באַגעגנט האָב איך דאָס יִנגעלע אין אַ שפּיַיזגעוועלב(1) האַלב צען אַ זייגער אָוונט, זומער.

געזעסן איז דאָס יִנגעלע בײַ דער טיר פֿון געוועלב אויף אַ קאַסטן. לעבן זײַנע דאַרע, נאַקעטע, קוויטיקע (2) פֿיסלעך איז געשטאַנען אַ קויש (3) מיט עטלעכע איבערגעבליבענע בייגל.

איך האָב אויך אים אַ קוק געטאָן, געמיינט, אַז פֿאַר מיר זיצט אַ קינד, וואָס מע האָט נאָר וואָס פֿון שפּיטאָל אויסגעשריבן, אָדער בעסער — וואָס מע דאַרף אים אין שפּיטאָל אַרײַננעמען...

— וואָס זעסטו אַזוי שלעכט אויס, יִנגל? — האָב איך אים אַ פֿרעג געטאָן.

ער האָט זיך געפֿוילט אָדער נישט געקענט ענטפֿערן. ער האָט, אַנשטאָט אַן ענטפֿער, שווער געאָטעמט.

— ביסט קראַנק?

ער האָט אַ שאָקל געטאָן מיטן קאָפּ אויף נישט. קענטיק, אַז וועגן קראַנק זײַן האָט ער געהאַט אַ באַגריף (4), אַז מע מוז ליגן אין בעט און מע קען שוין קיין טריט נישט מאַכן.

— וואָס זשע זעסטו אַזוי שלעכט אויס?

ער האָט געשוויגן און האָט מיך נאָר אָנגעקוקט מיט זײַנע גרויסע, אויסגעלאָשענע אויגן.

— ביסט פֿאַרמאַטערט?

די דאָזיקע פֿראַגע האָט ער שוין פֿאַרשטאַנען. דאָס וואָרט פֿאַרמאַטערט איז אים באַקאַנט. און ער האָט, גלײַך ווי צופֿרידן פֿון דעם וואָס איך האָב געטראָפֿן, געענטפֿערט:

— יאָ, פֿאַרמאַטערט.

— וואָס פֿרעגט איר? — האָט זיך שוין אַרײַנגעמישט די באַלעבאַסטע, זעענדיק, אַז איך אינטערעסיר זיך מיט אַזעלכע נאַרישקייטן. — ער איז קוים אַרײַנגעפֿאַלן אין געוועלב.

1. קראָם פֿון שפּײַז. 2. שמוציקע. 3. canasta. 4. פֿאַרשטעלונג, געדאַנק.

— דאָ איז אַפילו נישט קיין אָרט... — האָט זי צוגעגעבן.

דאָס יינגעלע האָט אויף איר אַ מידן בליק אַ וואָרף געטאָן; ס'האָט זיך געדאַכט, אַז דער בליק באַטײַט: נאָך איין װײַלעטשקע.

— פאַר וואָס גייסטו שוין נישט אַהיים שלאָפן? — האָב איך אים געפרעגט.

— איך וועל איצט דאַרפן אַרבעטן, — האָט ער שטיל געענטפערט.

— וואָס הייסט, דו אַרבעטסט נאָר בײַ נאַכט? — האָב איך געפאָרשט.

— ניין, — האָט ער קוים געענטפערט.

— בײַ טאָג אויך?

— יאָ.

— ווען זשע שלאָפסטו?

— פון צוויי ביז פינף.

איך האָב שוין נישט אויסגעשריען: „ביסט אַ קליין ליגנערל!“ — נאָר איך האָב אַ קוק געטאָן אויף זײַן אויסגעדאַרט, פאַר דער צײַט פאַרעלטערט פנימל און האָב אים געגלייבט...

— און דער באַלעבאָס אַרבעט אויך אַזוי פיל?... — האָב איך געפרעגט.

— ער אַרבעט גאָרנישט.

— און די באַלעבאָסטע?

— אויך נישט.

— און די קינדער זײַנע?

— אויך נישט; איך און נאָך דרײַ מענטשן אַרבעטן.

— וויפל נעמסטו אַ וואָך?

— גאָרנישט...

— וואָס הייסט?

— צוויי יאָר אומזיסט.

— דאָס קען נישט זײַן! — האָב איך, דער גרייסער הכם, אויסגעשריען. — דאָס קען נישט זײַן, זאָג דעם אמת.

דאָס יינגעלע האָט שוין אָבער געשוויגן. וואָס אַרט אים, אַז איך גלייב נישט; און אַז איך וועל אים יאָ גלייבן, וועט אים שוין בעסער זײַן? אין דער צײַט, וואָס ער וועט מיר ענטפערן, וועט ער בעסער צומאַכן אויף אַ קליין רגעלע די אויגן. ס'איז אַזאַ מהיה (5)!...

— וואָס גלייבט איר דאָ נישט! — האָט זיך די קרעמערין אַרײַנגעמישט. — בעקערײַ איז אַ קאַטאָרזשנע (6) אַרבעט. געבעקס מוז זײַן פריש, מוז מען אַרבעטן בײַ נאַכט...

איך האָב געוואָלט עפּעס זאָגן דעריבער, נאָר דאָס ייִנגל האָט זיך אויפגעכאַפּט און, קוואַנדיק זיך אין דער הוילער, ערטערווײַז צעבלוטיקטער ברוסט, האָט ער מיט געבעט געפרעגט:

---

5. זייער גוט. 6. זייער שווערע.

# די נקמה

## (אַ מעשׂהלע)

אין אַ גרויס לאַנד, ווו עס האָט רעגירט אַ בייזער הערשער, וואָס אַלע זײַנע קנעכט האָבן געטאָן דעם הערשערס בייזן ווילן, האָט געלעבט אַ נבֿיא.

דער נבֿיא איז אומגעגאַנגען איבער די גאַסן און מערק און האָט ניט געשוינט (1) יונג און אַלט, אָרעם און רײַך.

דאָס פֿאָלק פֿלעגט נישט שטענדיק הערן דעם נבֿיאס ווערטער. אַ גאַנצן טאָג האָט עס געאַרבעט אין די פֿעלדער, אין די גערדיכטע וועלדער אָדער בײַ די גרויסע און רײַכע הארן (2). אויך האָט דאָס פֿאָלק נישט אַלע מאָל פֿאַרשטאַנען, וואָס דער נבֿיא רעדט. דער גרעסטער טייל פֿון פֿאָלק פֿלעגט אין אַ פֿרײַער מינוט אַוועקגיין אין שענק אַרײַן אויסטרינקען אַ גלעזל בראָנפֿן, כּדי צו פֿאַרגעסן די צרות און די קנעכטשאַפֿט, אין וועלכער עס האָט זיך געפֿונען יעדערער אין דעם דאָזיקן לאַנד.

נאָר דעם נבֿיא האָט נישט שטאַרק געאַרט, וואָס דאָס פֿאָלק הערט אים נישט. ער האָט סײַ ווי סײַ נישט דאָס פֿאָלק געמוסרט (3), נאָר די פּירערס פֿון פֿאָלק. און די דאָזיקע פּירערס — פֿאַרפֿירערס! — האָבן זײַנע ווערטער געטראָפֿן ווי שאַרפֿע פֿײַלן (4) אין האַרץ אַרײַן. און זיי זײַנען אויף אים זייער בייז געווען.

אָבער בייזער פֿאַר אַלע איז אויפֿן נבֿיא געווען איינער אַ גרויסער האַר. דעם דאָזיקן האַר האָט זיך שטענדיק געדוכט, אַז דער גאַנצער מוסר (5) וואָס דער נבֿיא זאָגט, איז אָנגעמאָסטן פּונקט פֿאַר אים. ווײַל יעדע זינד, וואָס דער נבֿיא האָט אויסגערעכנט, איז אויף זײַן נשמה געלעגן, און דער האַר האָט זיך געפֿילט שרעקלעך באַליידיקט, און עס זײַנען אים נישט אײַנגעגאַנגען אַלע זײַנע פֿאַרגעניגנס: נישט די ווײַנען, נישט די מוזיק, וואָס מען האָט פֿאַר אים געשפּילט. און דעם האַרס גרימצאָרן (6) האָט געפֿלאַקערט ווי אַ פֿלאַם-פֿײַער. און ער האָט שטענדיק געטראַכט וועגן עפּעס אַ שטאַרקער נקמה אין דעם הייליקן נבֿיא.

---

1. ניט רעספּעקטירט. 2. פּריצים, רײַכע לייט. 3. געפּרעדיקט מאָראַל; געשטראָפֿט. 4. flechas. 5. מאָראַל. 6. גרויסער כּעס.

נאָר שוואַך און פאַרשטאָפּט איז געווען זײַן קאָפּ, און ער האָט בשום אופן נישט געקענט אויסקלערן קיין פּאַסיקע נקמה.

האָט ער זיך איין מאָל באַטראַכט און זיך געווענדט צו אַ גרויסן חכם אין לאַנד, און האָט אים צוגעזאָגט אַ סך אוצרות מיט גאָלד, ער זאָל אים זען אַן עצה געבן — וואָס פאַר אַ נקמה ער זאָל נעמען אין נבֿיא.

— איך בין אויף אים אַזוי בייז, אַזוי בייז, אַזוי בייז! — האָט ער זיך געקלאָגט פאַרן חכם: — גיב אַן עצה, וואָס איך זאָל אים אָפּטאָן. ווי מיינסטו, גרויסער חכם, אפשר זאָל איך בײַ אים זײַנע פעלדער אָפּנעמען און לאָזן אים אויף דער וועלט אָרעם און נאַקעט?

און דער חכם האָט געענטפערט:

— די דאָזיקע נקמה איז שוין צו שפּעט, ווײַל דער נבֿיא האָט זײַנע פעלדער און אַלץ, וואָס ער האָט געהאַט בירושה, פאַרטיילט אָרעמע פּויערים, און פאַר זיך האָט ער גאָרנישט איבערגעלאָזט.

— אפשר זאָל איך הייסן מײַנע קנעכט, זיי זאָלן כאַפּן אים ערגעץ אין אַ ווינקל און גוט אָנברעכן אים די ביינער?

דער חכם האָט געשמייכלט און געענטפערט:

— ניין, גרויסער האַר. נישט קיין נקמה וועט עס זײַן, נאָר אַ טובֿה. דו ווייסט דאָך, אַז דער נבֿיא וויל יסורים (7) האָבן פאַר זײַנע הייליקע ווערטער, וואָס ער רעדט אין גאָטס נאָמען. די קלעפּ — דאָס איז זײַן באַ־לוינונג. אָנשטאָט נקמה צו נעמען — וועסטו אים באַלוינען.

— אפשר מאַכן אויף אים אַ בילבול (8) און אין טורמע אַרײַנוואַרפן אים? — האָט דער האַר ווידער פאָרגעלייגט.

— ווידער נישט קיין נקמה, נאָר אַ טובֿה, — האָט דער חכם גע־שמייכלט. — צווישן די הונדערטער פאַרמשפּטע אין טורמע וועט ער זיך פילן ערשט גליקלעך און פרײַ, ווײַל די אומגליקלעכע זײַנען ברידער זײַנע און חבֿרים. פאַר אים, גרויסער האַר, איז אונדזער גאַנץ לאַנד אַ טורמע.

דאָ האָט זיך דער האַר אָנגעבויגן און אויפן אויער דעם חכם עפּעס אײַנגערוימט.

— דאָס איז אויך נישט קיין נקמה פאַר אים. אַזוינע מענטשן ווי אונ־דזער נבֿיא האָבן נישט קיין מורא פאַרן טויט. פאַרקערט, זיי האַלטן זיך פאַר טויט בשעת זיי לעבן, און פאַר לעבעדיקע — נאָכן טויט.

דאָ האָט שוין דער האַר פאַר צאָרן געקריצט מיט די ציין און דריקנ־דיק די פויסטן אויסגעשריִען:

— קלער עפּעס פאָרט אויס אַ נקמה! איך מוז זיך אין אים נוקם זײַן! איך קען נישט רוען! ער איז מײַן גרעסטער שונא!

דער חכם האָט רויִק געשמייכלט און געענטפערט:

---

7. וויטאָגן. 8. פאַלשע באַשולדיקונג.

— בארויִק זיך, גרויסער האר. איך האָב אַן עצה ווי אַזוי דו זאָלסט זיך אין אים נוקם זײַן, אַז ער זאָל פילן שטאַרק און טיף די נקמה.

אַנגעצונדן מיט אַ בייזער שׂמחה האָבן זיך די אויגן פון האַר און ער האָט אויסגעשריִען:

— גיכער זאָג: ווי אַזוי?

און דער חכם האָט געענטפערט:

— אויב דו ווילסט באמת נקמה נעמען אין נבֿיא, מוזסטו מיט אים שלום ווערן, ווערן זײַנער אַ פרײַנד, און ליבן אים, און רימען (9) אים, און גרייסן אים. וואָרעם קיין ערגערס איז נישטאָ פאַר אַ נבֿיא, ווען עס ווערן מיט אים שלום אַזוינע מענטשן ווי דו...

# אין ארץ־ישׂראל

אין ארץ־ישׂראל איז ליכטיק,
אין ארץ־ישׂראל איז ריין;
און טאָמער פעלט אוים דאָרטן ברונעמס,
איז טרינקט מען דעם רעגן אַליין.

אין ארץ־ישׂראל הערשט יושר (1),
גאָטס שטימע פון אומעטום רופט;
און טאָמער פעלט אוים דאָרטן שולן,
מאַכט קלוג דאָרט דעם מענטשן די לופט.

אין ארץ־ישׂראל הערשט הדווה (2)
און ס'פילט זיך דאָרט גליקלעך דער ייִד;
און טאָמער פעלט אוים דאָרטן פידלען,
רוישט שטענדיק דער ירדן זײַן ליד.

אין ארץ־ישׂראל די הײַזקעס (3) —
איינשטאָקיק, מיט בלומען אין הויף;
און טאָמער פאַרווילט זיך דיר העכער,
דאַן שטײַג צום באַרג תּבֿור אַרויף.

9. דאָ: לויבן, זאָגן גוטס.

1. גערעכטיקייט. 2. פרייד. 3. קליינע הייזער.

# מאַני לייב

## קורצע ביאָגראַפיע



מאַני לייב — דאָס איז דער פּסעוודאָנים (ליטעראַרישער נאָמען) פֿון מאַני־לייב בראַהינסקי.

מאַני לייב איז געבוירן געוואָרן אין דער שטאָט ניעזשין, אין אוקראַינע, דעם 20סטן דעצעמבער פֿון יאָר 1883.

פֿון קינדוויַיז אָן האָט מאַני לייב זיך אַרויסגעוויזן פֿאַר זייער אַ לעבעדיקן און פֿעיִקן קינד סיַי אין שפּיל סיַי אין לערנען.

ביז 11 יאָר האָט ער זיך געלערנט אין חדר, דערנאָך אַליין און מיט זיַין פֿאָטער, וואָס איז געווען אַ געלערנטער ייִד. אָבער גאָר יונג האָט מאַני לייב געמוזט אַהױעקגיין אַרבעטן, וויַיל זיַינע עלטערן זיַינען געווען נישט־פֿאַרמעגלעכע. ער האָט זיך אויסגעלערנט קאַמאַשן־שטעפּעריַי (דאָס צוגרייטן די אייבערשטע טיילן פֿון שיך), און צו פֿופֿצן יאָר איז ער שוין געוואָרן אַ באַלמעלאָכע פֿאַר זיך, אַפֿילו געפֿירט אַליין אַ וואַרשטאַט מיט עטלעכע אַרבעטער.

אין רוסלאַנד האָט אין יענער ציַיט נאָך געהערשט דער צאַר (אַ קייסער); דאָס פֿאָלק איז געווען אָרעם און נישט געהאַט קיין שום רעכט. נאָך ערגער איז דעמאָלט געווען די לאַגע פֿון די ייִדן. עס זיַינען דעריבער אויפֿגעקומען פֿאַרשיידענע אָרגאַניזאַציעס פֿון רעוואָלוציאָנערן־סאָציאַליסטן, וואָס האָבן געוואָלט פֿאַרבעסערן דאָס לעבן פֿון פֿאָלק.

אויך מאַני לייב איז גאָר יונג געוואָרן אַקטיוו אין די רעוואָלוציאָנערע אָרגאַניזאַציעס. אין אַ קורצער ציַיט אַרום איז ער אַרעסטירט געוואָרן.

נאָכן אַרויסגיין פֿון תּפֿיסה, האָט ער ווײַטער געפֿירט זײַן אַרבעט, און עס האָט געהאַלטן דערבײַ, מע זאָל אים נאָך אַ מאָל אַרעסטירן און דאָס מאָל שוין געבן אים גאָר אַ גרויסע שטראָף. דעמאָלט איז מאַני לייב אַנטלאָפֿן פֿון לאַנד, צו ערשט קיין ענגלאַנד, דערנאָך אין די פֿאַראייניקטע שטאַטן פֿון צפֿון־אַמעריקע, וווּ ער האָט שוין ווײַטער געלעבט די גאַנצע צײַט, ביז זײַן טויט, אין יאָר 1953.

שרײַבן האָט מאַני לייב אָנגעהויבן זייער פֿרי, ווען ער איז נאָך געווען אַ יונג בחורל. אַ גרויסע ווירקונג האָט אויף אים געהאַט זײַן מוטער, וואָס האָט געקענט אַן אַ שיעור ייִדישע פֿאָלקס־מעשׂיות און פֿאָלקסלידער, וועלכע זי פֿלעגט דערציילן און זינגען אין די לאַנגע ווינטער־אָוונטן. זי האָט גערעדט אַ שיינע און רײַכע ייִדישע שפּראַך, פֿול מיט ייִדישע ווערטלעך און מיט גראַמען. דער שפּעטערדיקער פּאָעט מאַני לייב האָט אַ סך צו פֿאַרדאַנקען זײַן מאַמען די שיינקייט פֿון זײַנע פֿערזן און בילדער.

מאַני לייב געהערט צו די בעסטע פֿון די מאָדערנע ייִדישע פּאָעטן, און זײַנע לידער, פּאָעמעס און באַלאַדעס זײַנען באַקאַנט און באַליבט בײַם ייִדישן פֿאָלק. אַ סך שאַפֿונגען מאַני לייבס זײַנען געדרוקט אין די טעקסט־ביכער און ווערן געלערנט אין ייִדישע שולן („דאָס ליד פֿון ברויט", „דער פֿרעמדער", „ייִנגל צינגל כוואַט" און אַנדערע). צו אַ סך לידער האָבן ייִדישע קאָמפּאָזיטאָרן געשאַפֿן מעלאָדיעס, און זיי ווערן געזונגען אומעטום.

## אַ מעשׂה וועגן זיך

### א

אין אוקראַיִנע(1) איז דאָ אַ שטאָט ניעזשין, וואָס האָט געשמט(2) מיט אירע בלאָטעס, ווערבעס(3) רײַכע טאַבאַק־סוחרים און פֿערדהענדלער. די שטאָט האָט אויך געשמט מיט הייליקע קבֿרים־שטיבלעך פֿון צדיקים, און מער פֿון אַלץ — מיט אירע געזאַלצענע אוגערקעס.

שיין איז געווען די שטאָט ניעזשין!

שיין מיט אירע ערבֿ־פּסחדיקע און נאָך־ימים־נוראָימדיקע בלאָטעס, אָבער נאָך שענער איז די שטאָט געווען ווינטערצײַט, ווען די שנייען וואַקסן אָן ביז אַריבער די שטרויענע דעכער.

---

1. אוקראַיִנע — אַ מאָל געווען אַ טייל פֿון רוסלאַנד.
2. געשמט (געשעמט) — געהאַט אַ גרויסן נאָמען.
3. ווערבע — sauce.

וואָס האָבן געהאַט אַכט קינדער. געוווינט האָבן דער ייִד מיט דער ייִדענע אין אַ קליין, קליין שטיבל מיט אַ שטרויענעם דאַך. דער ייִד מיט דער ייִדענע זײַנען געווען אײדעלע און ערלעכע מענטשן, נאָר גרויסע אָרעמלײַט. יעדן טאָג פֿלעגן זיי אויפֿשטיין באַגינען(4) און אַוועקלויפֿן אין מאַרק אַרײַן האַנדלען און וואַנדלען. דער ייִד האָט געהאַנדלט מיט פֿעל. גוייִם ברענגען אויפֿן מאַרק אַלערליי פֿעל, קויפֿט זיי דער ייִד אויף און פֿאַרקויפֿט זיי דערנאָך צו דעם רײַכסטן הענדלער פֿון שטאָט. די ייִדענע האָט געהאַנדלט מיט גענדז, הינער און אייער. אַלע אין דער פֿרי איז זי אַרויס אין מאַרק מיט אַ גרויסן ליידיקן קויש, און אַז זי איז צוריקגעקומען פֿאַר נאַכט, איז דער קויש געווען פֿול מיט קאַרטאָפֿל, ברויט און געפֿרוירענע עפּל.

און אַז די קינדער זײַנען אין אָוונט אַהיימגעקומען פֿון חדר, האָבן זיי זיך צוגעכאַפּט צו די קאַרטאָפֿל מיט ברויט, ווי צו אַ טײַערן מאַכל(5), און פֿאַרביסן מיט אַ געפֿרוירענעם עפּל. אָפּגעגעסן, דאַרף מען דאָך גיין שלאָפֿן, פֿלעגט דער טאַטע די גרעסערע קינדער לייגן אויף דער ערד, אויף צוויי קוליעס(6) שטרוי, און די קלענערע — אין דעם ברייטן, גרויסן בעט, וואָס איז געשטאַנען אין אַ ווינקל.

נאָך דעם ווי די קינדער זײַנען אײַנגעשלאָפֿן, פֿלעגן טאַטע־מאַמע נאָך לאַנג זיצן בײַם לעמפּל, בײַם אָפּגעקילטן סאַמאָוואַר(7), און רעדן פֿון זייער מזל און וועגן אַ תּכלית(8) פֿאַר די קינדער. אויפֿן טיש איז געווען אָנגעשאָטן אַ הויפֿן(9) קופּערנע מטבעות. מיט אָפּגעהאַקטע ווערטער פֿלעגן זיי ציילן די מטבעות, קוקן איינער אויפֿן אַנדערן און שמייכלען צופֿרידענע. נאָר אָפֿט פֿלעגט זיך טרעפֿן, אַז זיי האָבן ניט געשמייכלט, נאָר פֿאַרטרויערטע האָבן זיי אויסגעלאָשן דאָס לעמפּל און זיך געלייגט שלאָפֿן.

אַז טאַטע־מאַמע גייען אַוועק פֿון שטיבל אויף גאַנצע טעג, איז ווער זשע גיט אַכטונג אויף די קינדער? — קיינער גיט ניט אַכטונג אויף די קינדער. האָבן זיי אויף זיך אַליין אַכטונג געגעבן. די גרעסערע אויף די קלענערע, און די קלענערע אויף די נאָך קלענערע — און קיין בייז אויג האָט זיי חלילה ניט געשאַט. זיי זײַנען געוואָקסן גערעטענע(10), האָבן געהאַט גוטע קעפּלעך און זײַנען געווען די בעסטע תּלמידים אין חדר. מע דאַרף אָבער זאָגן דעם אמת, אַז זיי זײַנען געווען אויך די גרעסטע קונדייסים

---

4. באַגינען — פֿאַר טאָג.
5. מאַכל — שפּײַז, עסן.
6. קוליע — בינטל, פּאַק.
7. סאַמאָוואַר — אַזאַ כּלי, וווּ מע זידט אויף וואַסער אויף טיי.
8. תּכלית (טאַכלעס) — ציל, קאַריערע.
9. הויפֿן — puñado.
10. גערעטענע — פּעיִקע.

און שטיפֿערס אין שטאָט. גייט מען שווימען, איז פֿול מיט זיי דער טײַך. גייט מען רײַסן עפּל אין פֿרעמדע סעדער, זײַנען זיי די ערשטע צום קלעטערן איבער די פּלויטן, און זיי פֿאַרפֿירן געשלעגן מיט שקצים, גיבן קלעפּ און כאַפּן קלעפּ — און די שטאָט איז פֿול מיט זיי.

דאָס איז זומער־לעב.

ווינטערצײַט זײַנען זיי די ערשטע גליטשערס אויפֿן אײַז, די בעסטע פּעטער־שנייער־מאַכערס, די גרעסטע כוואַטן באַרג־אַראָפּ־פֿליִערס אויף שליטלעך אָדער אויף שטיקער אײַז אָנשטאָט שליטלעך. די קינדער זײַנען אויך געווען גרויסע בריות(11) צו רײַטן אויף פֿערד. אַזוי פֿאָרן רײַטנדיק אויף פֿערד, ווי זיי, האָט קיין שום יִינגל אין שטאָט ניט געקענט. דאָס האָבן זיי געהאַט צו פֿאַרדאַנקען זייער זיידן, רב אָשר, וואָס איז געווען אַ פֿערדהענדלער.

צו די אַלע מעלות(12) זײַנען נאָך די קינדער געווען גוטע זינגערס, די בעסטע משוררים בײַ די שטאָט־חזנים. זינגען האָבן זיי זיך אויסגע־לערנט בײַ זיך אין שטיבל, ווײַל פֿון זינט זיי האָבן געדענקט, האָט דאָס שטיבל געזונגען. אין אַ שבת אָדער אַ יום־טובֿ. ווען זייער מאַמע האָט נאָר געקענט, אָן אויסגערוטע, זיך אַוועקזעצן אויף אַ שעה, האָט זי זיך באַלד פֿונאַנדערגעזונגען. דער טאַטע, וואָס אַליין האָט ער זיך געשעמט צו זינגען, פֿלעגט דעמאָלט לאָזן אָפּן דאָס ספֿר, וואָס איז געלעגן פֿאַר אים אויפֿן טיש, אָנשפּאַרן דערויף זײַן עלנבויגן, און דעם קאָפּ אויף דער האַנט, און שמייכלען אַ צופֿרידענער און גליקלעכער. און אַז דער טאַטע האָט גע־שמייכלט, האָבן די קינדער זיך דערפֿילט פֿרײַ און גרינג און וואַרעם און זיך באַלד אַוועקגעלאָזט זינגען אין איינעם מיט דער מאַמען. די גאַנצע גאַס פֿלעגט דעמאָלט קומען צו לויפֿן און זיך שטעלן אונטער זייערע פֿענצטער.

און אַז דער שבת איז אַוועק און ס'איז געקומען דער שבת־צו־נאַכט, האָבן זיך צו זיי אין שטיבל פֿאַרקליבן טרינקען טיי אַלע גוטע פֿרײַנד און שכנים. פֿלעגט מען זיצן בײַם קאָכעדיקן סאַמאָוואַר, טרינקען טיי און דערציילן זיך שרעקלעכע מעשׂיות פֿון גזלנים, וועלף, מכשפֿים(13) און יתומות. די קינדער פֿלעגן זיצן מיט אָפֿענע מיילער, אײַנזאַפּן(14) אין זיך די אַלע שרעקלעכע מעשׂיות, דערבײַ ציטערן — און דאָך האָבן אַ ווילדע הנאה און ניט וועלן גיין שלאָפֿן ביז שפּעט אין דער נאַכט אַרײַן.

---

11. בריות(בעריעס) — ספּעציאַליס־טן.

12. מעלות (מײַלעס) — גוטע זײַטן (פֿון כאַראַקטער).

13. מכשפֿים (מעכאַשייפֿים) — brujos.

14. אײַנזאַפּן — אַבסאָרבירן.

אַזוי האָבן געלעבט דער ייִד מיט דער ייִדענע, און אַזוי זײַנען גע־וואַקסן זייערע קינדער. און אַז זייער עלטסטער ייִנגל איז אַלט געוואָרן עלף יאָר, האָבן טאַטע־מאַמע אָנגעהויבן טראַכטן וועגן אַ תּכלית פֿאַר זײַ־נעם זון. דער טאַטע האָט געוואָלט ניט אַנדערש, נאָר אַז זײַנע קינדער זאָלן ווערן באַלמעלאָכעס. „אַ מלאָכה איז די מזל־ברכה" — פֿלעגט ער זאָגן. און אַזוי ווי ער האָט געוואָלט, אַזוי איז געווען.

אין מיטן מאַרק האָט געוווינט אַ קאָמאַשן־שטעפּער(1), וואָס פֿאַר זײַן שטוב איז געהאָנגען אַ גרויסע בלויע שילד(2) מיט אַ געמאָלעכץ פֿון אַ מאַשין, וואָס האָט אויסגעזען ווי צוויי פֿלעשער. דעם ייִנגל איז די שילד שטאַרק געפֿעלן געוואָרן. איז איין מאָל אין אַ בײַטאָג האָט דער טאַטע גענומען זײַן עלטסטן עלפֿיאָריקן בחור פֿאַר אַ הענטל, אים אָוועקגעפֿירט צו אָט דעם קאָמאַשן־שטעפּער און אים דאָרטן איבערגעלאָזט אויף צוויי מיט אַ האַלבן יאָר, ער זאָל זיך דאָרט אויסלערנען שטעפּן אויף יענער מאַשין און ווערן אַ לײַט.

דאָס ערשטע, וואָס דאָס ייִנגל האָט אָנגעהויבן לערנען בײַ דעם שטעפּער,איז געווען ווי אַזוי שלעפּן פֿאַר דער באַלעבאָסטע די שווערע קוישן פֿון מאַרק, וויגן אירע קינדער, טראָגן וואַסער פֿון ברונעם, קערן דאָס הויז און אין מיטן נאַכט זוכן דעם באַלעבאָס, וואָס האָט זיך בײַ אַ פֿרײַנד פֿאַר־שפּילט אין קאָרטן, וואָרעם זײַן באַלעבאָס האָט זייער ליב געהאַט צו שפּילן אין קאָרטן. דער באַלעבאָס האָט אָבער אויך ליב געהאַט צו לייענען ביכלעך. בײַ זיך אין הויז האָט ער טאָקע געהאַט שטיין גאַנצע שאַפֿעס מיט ביכער. און אַזוי האָט זיך דאָס ייִנגל אין די צוויי אַ האַלב יאָר אויס־געלערנט פֿון זײַן באַלעבאָס דרײַ זאַכן: שטעפּן קאָמאַשן, לייענען ביכלעך און די מיאוסע טבֿע — שפּילן קאָרטן.

דעם אמת געזאָגט, האָט זיך דאָס ייִנגל דאָרטן אויסגעלערנט נאָך צוויי זאַכן: גנבֿענען ברויט בײַ דער באַלעבאָסטע, וואָס איז געווען אַ קאַר־גע, און פֿון באַלעבאָס — רעדן אין גראַמען(3). ווײַל וואָס דער באַלעבאָס פֿלעגט ניט רעדן, פֿלעגט ער עס תּמיד מוזן זאָגן אין גראַמען. דעם אמת גערעדט, זײַנען גראַמען פֿאַר דעם ייִנגל קיין נײַס ניט געווען. פֿון גראַמען האָט ער געוווּסט נאָך פֿון דער היים. וואָרעם זײַן מאַמע האָט אויך אַ מאָל ליב געהאַט צו רעדן אַזעלכע ווערטלעך אין גראַמען. אירע גראַמען זײַ־נען געווען אייִדעלער, ווי פֿון זײַן באַלעבאָס. פֿון דער מאַמעס ווערטלעך

---

1. קאָמאַשן־שטעפּער — וואָס אַר־בעט אויס די אייבערשטע טיילן פֿון שיך.
2. שילד — אויפֿשריפֿט.
3. גראַם — rima.

אין גראַמען פֿלעגט מען לאַכן, און אַלע האָבן זי טאַקע ליב געהאַט דערפֿאַר. דעם באַלעבאָס' גראַמען פֿלעגן אָפּט באַליידיקן און דערעסן. דאָס יִנגל האָט זיך אָבער פֿון זײַן באַלעבאָס אָפּגעלערנט שטענדיק צו רעדן אין גראַמען. מיט עלטערע באַלמעלאָכעס, מיט די שוסטערס, וואָס האָבן געבראַכט קאַמאַשן צו שטעפּן, מיט די ברידערלעך — מיט אַלעמען, נאָר ניט מיט זײַן טאַטן. מיט דער מאַמען פֿלעגט טרעפֿן, אַז זיי פֿלעגן אין אַ פֿרײַער שעה זיך אָנהייבן איבערוואַרפֿן מיט ווערטלעך אין גראַמען, פֿלעגט דאָס גאַנצע שטיבל קײַכן(4) פֿון געלעכטער. אָבער אַנטקעגן דער מאַמען פֿלעגט דאָס יִנגל בלײַבן הינטערשטעליק(5), ווײַל דער מאַמעס ווערטלעך פֿלעגן זיך קיין מאָל ניט אויסשעפּן. דערפֿאַר אָבער האָט זיך שוין דאָס יִנגל אויסגעלערנט צו פֿאַרשרײַבן אין העפֿטן אַלע זײַנע אייגענע גראַמען, אויסגעלייגט אין לידער, און האָט זיי געהיט, ווי זײַן אויג אין קאָפּ.

ג

אַזוי האָט געלעבט דאָס יִנגל, ביז ער איז אַלט געוואָרן פֿופֿצן יאָר. ער האָט שוין דעמאָלט געהאַט דורכגעלייענט אַ סך ביכלעך, יִדישע און רוסישע. אַ באַלמעלאָכע איז ער געווען אַ גוטער, האָט געשמט אין שטאָט פֿאַר אַן איידעלן בחור און האָט זיך שוין געחבֿרט מיט די געלערנטע יונגעלײַט פֿון שטאָט.

האָט געטראָפֿן, אַז זײַן באַלעבאָס מיט דער באַלעבאָסטע זײַנען איין מאָל אין אַ נאַכט אַנטלאָפֿן קיין אַמעריקע, און די גאַנצע שטעפּערײַ מיט די מאַשינען און די בלויע שילד זײַנען געבליבן אויף הפֿקר(6). האָט דאָס אַלץ אונדזער יִנגלס טאַטע איבערגענומען און געוואָלט, אַז זײַן זון זאָל ווערן אַ גאַנצער באַלעבאָס. דאָס בהורל האָט ניט געוואָלט, נאָר דער טאַטע האָט אים געגעבן פּעטש, איז ער געוואָרן אַ באַלעבאָס מיט מאַשינען און מיט באַלמעלאָכעס. און ער האָט אַזוי לאַנג געבאַלעבאַטעוועט, ביז אין שטאָט איז פֿון ערגעץ ווײַט אָנגעקומען אַ יונגערמאַן, אויך אַ קאַמאַשן־שטעפּער. די צוויי יונגעלײַט זײַנען געוואָרן חבֿרים, האָבן שפּאַצירט אין איינעם, געלייענט ביכלעך אין איינעם, און פֿון די ביכלעך מיט די שמועסן מיט דעם חבֿר האָט זיך אונדזער בחורל דערוווּסט, אַז ערגעץ אין די ווײַטע שטעט מאַכן באַלמעלאָכעס סטרײַקן(7) און אַז מע וויל ניט דעם קייסער.

דעם בחורל איז דאָס געפֿעלן געוואָרן, און אין אַ קורצער צײַט אַרום האָט ער צונויפֿגעקליבן אַלע באַלמעלאָכעס פֿון שטאָט און האָט מיט

4. קײַכן — זיך פֿאַרהוסטן.
5. בלײַבן הינטערשטעליק — ניט קענען אָניאָגן.
6. אויף הפֿקר (העפֿקער) — דאָ: פֿאַרלאָזט, אוועקגעוואָרפֿן.
7. סטרײַק — huelga.

זיי געמאַכט אַ סטראַיִק און איז געוואָרן אַ גאַנצער פֿירער. ער האָט אָוועק־
געוואָרפֿן זײַן שטעפּערײַ מיט די מאַשינען, און אים האָבן שוין ניט
געאַרט די טרערן פֿון טאַטע־מאַמע און אויך ניט זייערע סטראַשונקעס(8)
— ער איז געוואָרן אַ גאַנצער מאַכער. אַ באַלעבאָס צו זײַן איז געווען בײַ
אים זייער אַ מיאוסע זאַך... בקיצור, דאָס בחורל האָט אויפֿגעהערט צו
אַרבעטן און אָנגעהויבן אַרומלויפֿן גאַנצע טעג און נעכט מיט בחורים,
מיידלעך און סטודענטן, פֿון וועמען ער האָט זיך אויך דערוווּסט, אַז זײַנע
גראַמען, אויסגעלייגט אין לידער, רופֿט מען פּאָעזיע און אַז ער איז אַ פּאָעט.
אַזוי האָט ער געקריגן דעם צונאָמען „פּאָעט". און אונטער דעם נאָמען
האָט ער כּסדר געבונטעוועט(9) קעגן דעם קייסער, ביז ער איז אַרײַנגעפֿאַלן
אין תּפֿיסה.

אין תּפֿיסה איז אים געווען גוט ווי די וועלט. ערשטנס, איז געווען אַ
כּבֿוד צו זיצן אין תּפֿיסה פֿאַר אַזאַ זאַך, ווי בונטעווען אַנטקעגן קיי־
סער; און, צווייטנס, האָט ער אין תּפֿיסה געשריבן אַ סך גראַמען, אויס־
געלייגט אין לידער, און אַלע חבֿרים, וואָס זײַנען געזעסן מיט אים צוזאַ־
מען, האָבן די לידער געזונגען און שפּעטער זיי אַרויסגעטראָגן אויף דער
פֿרײַ, און מע האָט זיי שוין געזונגען אין דער גאַנצער שטאָט און אַפֿילו
אין אַנדערע שטעט.

אין תּפֿיסה איז געזעסן אונדזער בחורל פֿון די ערבֿ־פּסחדיקע בלאָטעס
ביז נאָך די ימים־נוראָימדיקע. אין גיכן אָבער וואָלט ער אַ צווייט מאָל
געדאַרפֿט גיין אין תּפֿיסה אַרײַן. און דאָ האָט זיך אונדזער בחור אַרויס־
געדרייט און אַנטלאָפֿן. אַנטלאָפֿן פֿון זײַן שטאָט און פֿון זײַן לאַנד און איז
בשלום אָנגעקומען קיין אַמעריקע. דאָ אין אַמעריקע האָט ער זיך אַוועק־
געזעצט בײַ פּונקט אַזאַ מאַשין מיט צוויי פּלעשער און ווידער אָנגעהויבן
צו שטעפּן קאַמאַשן. האָט דאָ פֿאַרדינט געלט, אַראָפּגעבראַכט אַהער קיין
אַמעריקע זײַנע טאַטע־מאַמע, חתונה געהאַט, געבראַכט קינדער אויף דער
וועלט, און ווען ער האָט נאָר געהאַט אַ ביסל פֿרײַע צײַט, האָט ער גע־
שריבן גראַמען, אויסגעלייגט אין לידער.

— און דאָס בחורל, מיט וועמען דאָס אַלץ האָט געטראָפֿן, דאָס בין איך —

מאַני לייב

---

8. סטראַשונקעס — amenazas. 9. בונטעווען — דאָ: אַגיטירן.



# דער פּאָעט

פּאָעט, דו ביסט אַ קעניג,
די גאַנצע וועלט — דײַן לאַנד.
און אַלץ איז אונטערטעניק(1)
צום צייכן פֿון דײַן האַנט.

אַ צייכן — ווײַס נעמט פֿאַלן
אַ שניי אין מיטן יון(2),
מיט העלן גאָלד נעמט שטראַלן
אין מיטן נאַכט די זון.

אַ צייכן — שווײַגן ימען,
און רעדן רעדט דער שטיין,
און ביימער פֿון די שטאַמען,
ווי מענטשן, נעמען גיין.

נאָר אָפֿט איז שווער צו טראָגן
דעם קעניג אויך די קרוין, —
און שטילע טרערן שלאָגן
דורך דײַן געמיט(3) און ביין.

אַ צייכן — און די טרערן,
געצויגן אויף די שניר,
זיי וועלן פּערל ווערן —
פֿאַר דיר און אויך פֿאַר מיר.

# אין פּאַרק

איך בין פֿון טומלעניש און רויש און די געשרייען
אין פּאַרק אַנטלאָפֿן. האַרבסט. איצט גייט דאָ קיינער ניט.
די הענט פֿאַרלייגט אַזוי, מיט שטילע, מידע טריט
גיי איך אַרום אין שטילע ליידיקע אַלעען(1).

און די לבֿנה דורך די גרויע דאַרע צווײַגן,
ווי איך — אַ רויִקע, ווי איך — אַליין און בלייך,
מיט ווײַסע שטראַלן עפּעס כּישופֿט פֿון דער הייך
און לײַטערט(2) אַרום מיר דאָס היטנדיקע שווײַגן.

און מיד פֿון דער לבֿנהס כּישופֿדיקע שטראַלן,
אַ שטילער און אַ ציטערדיקער, בלײַב איך שטיין.
איך שטיי און הער — אַ גליקלעכער — און קען פֿאַרשטיין,
פֿאַר וואָס די שאָרכנדיקע געלע בלעטער פֿאַלן.

---

1. אונטערטעניק — סובאָרדינירט.
2. יון — יוני.
3. געמיט — שטימונג, נעפּילן.

1. אַלעע — וועג אין פּאַרק.
2. לײַטערט — מאַכט ריין.

# יידיש

די וועלט איז פֿול מיט רעדן —
עס רעדט דאָך יעדער זאַך,
און יעדער אויף זײַן שטייגער,
און יעדער אויף זײַן שפּראַך.

דער וואָלקן רעדט מיט דונער,
די זון מיט פֿײַער־פֿלאַם;
דער וואַלד מיט גרינעם רוישן,
מיט ברויזן(1) רעדט דער ים.

מיט ברומען רעדט די חיה,
דער פֿויגל מיט געזאַנג,
מיט פֿליסטערן(2) — די קוואַלן,
מיט שאָרכן(3) רעדט די זאַנג.

מיט אַלע טויזנט פֿאַרבן
און ריחות רעדט די בלום,
דאָס פֿליגעלע דאָס מינדסטע(4)
רעדט אויך מיט אַ געזשום.

דער מענטש נאָר, מיט זײַן הכמה
פֿון אַלעמען די קרוין —
ער רעדט מיט יעדנס לשון,
מיט שפּראַך פֿון שטיין
און פּלוין(5).

אויף זיבעציק לשונות
פֿאַרשטייט דער מענטש און רעדט:
וואָס נאָר עס הערט זײַן אויער,
וואָס נאָר זײַן אויג דערזעט.

און ווו אַ פֿאָלק מיט מענטשן —
איז דאָ אַ שפּראַך בײַ זיי:
אין ענגלאַנד רעדט מען ענגליש,
און רוסיש — אין ראַסיי(6).

אין שפּאַניע רעדט מען שפּאַניש,
כינעזיש — אין קיטאַי(7),
וואַלאַכיש — אין וואַלאַכיע(8),
און טערקיש — אין טערקײַ.

און ייִדן רעדן ייִדיש
אין אַלע עקן וועלט,
ווו נאָר אַ ייִד אין פֿרידן
שטעלט אויף זײַן רוגעצעלט(9).

און ייִדן רעדן ייִדיש,
און ייִדיש איז דאָך שיין —
איז גרינג איעדן ייִדן
פֿאַרשטיין, ווי זיך אַליין.

---

1. ברויזן — שטורעמען.
2. פֿליסטערן — מורמלען, שטיל רעדן.
3. שאָרכן — שטילער קלאַנג, ווי דאָס רוישן פֿון בלעטער.
4. מינדסטע — קלענסטע.
5. פּלוין — פּליין — llanura.
6. ראַסיי — רוסלאַנד.
7. קיטאַי — כינע.
8. וואַלאַכיע — פּראָווינץ פֿון רו־מעניע.
9. רוגעצעלט (געצעלט פֿון רו); גע־צעלט — tienda de campaña.

# אין שניי

בלימעלעך, קרענצעלעך מאָלט אויף די שויבן דער פֿראָסט,
און אין דעם קוימען דער ווינט אַזוי וואָיענדיק בלאָזט.
גוט איז אונדז איצטער בײַם פֿריילעכן פֿײַער אין הויז!
ביזקל(1) דער נאַפּט(2) אין דעם שטילינקן לעמפּל גייט אויס,
ביזקל דער זייגער טוט ברוגזלעך שעפּטשענען(3): „שפּעט,
צײַט שוין צו ליגן אין וויכן, אין וואַרעמען בעט!" —
וועל איך, בײַם וואָיען אין קוימען פֿון נאַכטיקן ווינט,
מעשׂהלעך, לידעלעך זינגען, דערציילן, מײַן קינד.

אין אַזאַ נאַכט האָט אין וועג זיך געלאָזן אַ ייִד.
אונטערן אָרעם אַ פּעקל, טויט-הונגעריק, מיד;
נאָר מיט בטחון אין האַרצן צום האַר פֿון דער וועלט,
שלעפּט ער זיך עלנט(4) אין אָפֿענעם, שנייִיקן פֿעלד.
פֿעלד הינטער אים און פֿאַר אים אין דער ווײַט, אין דער ברייט,
שניי איז אים איבער די קני. און דער וועג איז פֿאַרווייט(5);
און ווי אַ פֿויגל אַ ווילדער טראָגט אום זיך דער ווינט,
הורבעט(6) אָן שניי, גיט אַ דריי אין דער לופֿט און פֿאַרשווינדט,
קומט באַלד צוריק, רײַסט דעם ייִדן די פּאָלעס(7) און באָרד,
קוים מיט די כּוחות דער ייִד האַלט זיך אײַן אויפֿן אָרט.

הייבט אויף דער ייִד צו דעם הימל מיט רחמים זײַן בליק:
„גאָטעניו, ברענג דו בשלום אַהיים מיך צוריק!"
נאָר איבער אים איז דער הימל אַ גרויער, ווי בלײַ,
און אָרום אים טראָגט דער ווינט זיך אַ ווילדער און פֿרײַ.
הערט ניט דער הימל דעם ייִדנס געבעט און געשריי,
שטויסט אים דער ווינט און ער וואַרפֿט אים אַ מידן אין שניי.

---

1. ביזקל — ביז.
2. נאַפּט — קעראָסין.
3. שעפּטשענען — שעפּטשען — זייער שטיל רעדן.
4. עלנט — איינער אַליין.
5 פֿאַרווייט — פֿאַרשיט.
6. הורבעט אָן — שיט אָן בערגלעך.
7. פּאָלע — faldón del abrigo.

אויפֿשטיין פֿון שניי האָט שוין מער ניט קיין כּוח דער ייִד,
עפּעס אַ פֿוילקייט אַ זיסע פֿילט אַן יעדן גליד(8).
און אין די ביינער צעגיסט זיך אַ וואַרעמע רו.
אָט, און די אויגן פֿאַמעלינקע שליסן זיך צו.

פּלוצלינג — ער גלייבט זיך אַליין ניט — אַ קרעטשמע(9) זאָל זײַן?
ס'שלאָגט אין דער נאַכט פֿון אַ פֿענצטער אַ פֿריילעכע שײַן.
סקריפּעט(10) דער ווינט מיטן טויער, מאַכט צו, עפֿנט אויף;
שליטנס(11), געלאָדן מיט סחורות פֿול, שטייען אין הויף,
און בײַ די שליטנס פֿאַרבונדענע שטייען די פֿערד,
עסן דעם האָבער און רײַסן דעם שניי ביז דער ערד.
פֿרייט זיך דער ייִד, וואָס דער בורא האָט אין אַזאַ נאַכט
אים צו אַ מענטשלעכן ייִשובֿ(12) בשלום געבראַכט.
קלאַפּט ער אין טיר, און מען עפֿנט אים באַלד — סאַראַ פֿרייד! —
פֿריילעכע ייִדישע פּנימער, ייִדישע רייד!
איבער דער שטוב גיסט דער ענגלאָמפּ אַ ליכטיקייט אויס.
ס'טראָגט זיך אַ ריח פֿון טאַבאַק און בראָנפֿן און שווייס.
גיבן די ייִדן אים „שלום": „פֿון וואַנען אַ ייִד"?
לאַכט ער: אַז ער האָט געלאָזט זיך צו פֿוס פֿון יאַריד,
און אַז דער וועג איז געוועזן אַ ביסעלע שווער,
האָט ער געבלאָנדזשעט, ביז ער האָט געטראָפֿן אַהער.
לאַכן די ייִדן מיט אים, נאָר זיי ווערן באַלד שטיל...
יעדערנס האַרצן פֿילט אַן אַ רחמנות־געפֿיל,
יעדערנס פּנים און שטערן ווערט כמורנע(13), פֿאַרטראַכט:
„ווי לאָזט אַ ייִד זיך צו פֿוס גיין אין אָט אַזאַ נאַכט?!"

ווערט באַלד דער טיש מיט מאכלים און בראָנפֿן געגרייט,
וואַשט זיך צום עסן דער ייִד, מאַכט המוציא(14) אויף ברויט,
זאָגט צו די ייִדן „לחיים!" — „לשלום, ר' ייִד!"
עסט ער און טרינקט, און אַ וואַרעמע זאַטיקע פֿרייד
גיסט זיך, צעגייט אין זײַן האַרץ, אַזש דאָס לײַב ווערט אים הייס,
ווישט מיטן האַנט ער פֿון פּנים דעם וואַרעמען שווייס.
עסט ער און טרינקט, און ער עסט, אַזש עס גייט שוין ניט מער.
בענטשט ער, און ס'שײַנט אין זײַן אויג אַ גאָטספֿאַרכטיקע(15) טרער.

---

8. גליד — טייל פֿון קערפּער.
9. קרעטשמע — posada.
10. סקריפּען — chirriar.
11. שליטן — trineo.
12. ייִשובֿ — באַוווינט אָרט.
13. כמורנע — דאַ: פֿאַרזאָרגט.
14. מאכן המוציא (האַמויצע) — זאָגן די ברכה בײַם אָנהייבן עסן.
15. גאָטספֿאַרכטיקע — פֿרומע.



„...פלוצלינג — ער גלייבט זיך אַליין ניט — אַ קרעטשמע זאָל זײַן?
ס'שלאָגט אין דער נאַכט פֿון אַ פֿענצטער אַ פֿריילעכע שײַן"...

איצטער וואַלט ער מיט די ייִדן געשמועסט ביז שפּעט!
אָבער עס וואַרט און עס ווינקט אים דאָס פּוכאָווע(16) בעט,
און זײַנע ביינער, דערוואָרעמטע, גאַרן(17) נאָך רו,
און ווי פֿון זיך זײַנע אויגן האַלב שליסן זיך צו,
און צו דעם קישן עס ציט זיך און נייגט זיך דער קאָפּ,
פֿאַלט ער אַזוי אין די קליידער אין בעט, ווי אַ סנאָפּ(18).

פּלוצלינג דערפֿילט ער — זײַן האַלדז ווערט צוזאַמענגעדריקט,
עמעצער וואַרפֿט זיך אויף אים, אַזש דער אָטעם פֿאַרשטיקט!
און ער דערזעט באַלד זײַן ווײַב און די קינדערלעך שטיין,
ברעכן די הענט, ברעכן אויס אין אַ ביטער געוויין.

אָ, ניט געוויינט האָט זײַן ווײַב און זײַן לײַבלעכעס(19) קינד,
נאָר איבער אים אויפֿן פֿעלד האָט געהויעט דער ווינט.

מאָרגן, פֿרימאָרגן, ווען שטיל נאָך געשלאָפֿן איז גאָט,
זײַנען שוין גויִים מיט שליטנס געפֿאָרן אין שטאָט;
האָבן די גויִים געפֿונען דעם ייִדן פֿאַרהוייט,
האָבן די גויִים געפֿונען דעם ייִדן שוין טויט.
האָבן די גויִים זיך אַרום דעם טויטן צעשטעלט,
האָבן זײַן פּעקל צעעפֿנט: „האַ, האַ, וויפֿל געלט!"
האָבן די גויִים זײַן טלית און תּפֿילין באַטראַכט.
איינער אַ גוי האָט גאָר גראָב אויפֿן קול זיך צעלאַכט,
אָבער די אַנדערע זײַנען געשטאַנען, ווי שטום,
און נאָך אַנאַנד זיך געצלמט(20), דערשראָקן און פֿרום.



בלימעלעך, קרענצעלעך מאָלט אויף די שויבן דער פֿראָסט,
און אין דעם קוימען דער ווינט אַזוי וואָיענדיק בלאָזט.
גוט איז אונדז איצטער בײַם פֿריילעכן פֿײַער אין הויז!
ביזקל דער נאָפֿט אין דעם שטילינקן לעמפּל גייט אויס,
ביזקל דער זייגער טוט ברוגזלעך שעפּטשענען: „שפּעט,
צײַט שוין צו ליגן אין ווייכן, אין וואַרעמען בעט!" —
וועל איך בײַם וואָיען אין קוימען פֿון נאַכטיקן ווינט,
מעשׂהלעך, לידעלעך זינגען, דערציילן, מײַן קינד.

---

16. פּוכאָווע — פֿון פּוך — דינע פֿע־
דערן.
17. גאַרן — ווילן שטאַרק.
18. סנאָפּ — בינטל תּבֿואה.
19. לײַבלעך — אייגן.
20. זיך צלמען (ציילעמען) —
persignarse

# די ווינטערנויט

נאָך שלאָפֿט די גרויע גאַס אין שניי און קעלט געשמידט...
דער ווינט — אַ היימלאָזער(1) — אים איינעם שלאָפֿט זיך ניט,
און ווי די גאַנצע נאַכט טרײַבט ער אין גאַס זיך אום
און ווייט(2) מיט שניי און שטויב און וואָיעט בייז און שטום...

און אין די מויערן די מענטשן ווערן וואַך(3),
און קליינע פֿײַערלעך אין פֿענצטער פֿינקלען(4) שוואַך,
און אויף די מויערן צעציט זיך, ווי אַ שטריק,
אַ לאַנגער הייזעריקער פֿײַף פֿון אַ פֿאַבריק.

ווער איז דאָס יענע ערשטע אין דעם נײַעם טאָג,
וואָס איז געבליבן שטיין אַ ווײַלע אויפֿן ראָג
און קוקט זיך אום אַרום, מיט אויגן — סם(5) און האַס(6) —
און לאָזט אַוועק זיך שפּאַנען אין דער לענג פֿון גאַס?

דאָס איז די אַלטע, קאַלטע, גרויע ווינטערנויט, —
זי כאַפּט זיך אויף די ערשטע שעלטנדיקערהייט(7),
זי קומט אין גאַס די ערשטע, שעלט אַזוי און שפּאַנט,
און טראָגט אַן עמער קוילן אין איר דאַרער האַנט...

---

1. היימלאָזער — אָן אַ היים.
2. ווייט — בלאָזט.
3. ווערן וואַך — שטייען אויף פֿון שלאָף.
4. פֿינקלען — שײַנען.
5. סם (סאַם) — veneno.
6. האַס — פֿײַנטשאַפֿט.
7. שעלטנדיקערהייט — maldiciendo.

# בײַם ים

דער ים איז אָפֿן, ברייט און טיף —
איך שטיי בײַם ים אַליין.
איך זע פֿון ברעג דאָרט ווײַט אַ שיף
אין ווײַטע לענדער גיין.

איך קוק איר נאָך. די זון פֿאַרגייט.
דער נעפּל(1) וואַקסט. דער ווינט
מיט נאַכט און קעלט אין פּנים ווייט(2).
די ווײַטע שיף פֿאַרשווינדט.

דער ים איז פֿינצטער, גרויס און טיף,
און רוישט בײַ מײַנע פֿיס.
אַ גוטע נאַכט, העי, ווײַטע שיף —
די ווײַטע לענדער גריס!

---

1. נעפּל — niebla.

2. ווייט — בלאָזט שטיל.



| רב יחיאל | יצחק־לייבוש פרץ |
| --- | --- |

ר׳ יחיאל איז געווען אן עושר(1) א ייִד און איין מידה(2) האָט ער געירשנט 3) פֿון זײַן פֿאָטער — נישט צו פֿאַרשעמען קיין שום מענטשן! און — עניוות(4)!

צדקה הייסט בײַ אים נאָר מתּן־בסתר(5).

ער גייט ווינטער גאַנץ פֿרי אין גאַס אַרײַן; זעט ער — פֿויערים פֿירן האָלץ. קויפֿט ער צוויי־דריי פֿורלעך האָלץ און זאָגט דעם פֿויער, ווו ער זאָל אָפּפֿירן: ער ווייסט שוין, ווו א געפֿרוירענער קבצן וווינט. ער פֿלעגט פֿאַר יעדן יום־טובֿ אָפּשיקן נדבֿות מיט דער פּאָסט, נאָר די אַדרעסן פֿלעגט ער שרײַבן מיט דער לינקער האַנט, מען זאָל זײַן כּתבֿ־יד(6) נישט דער־קענען...

און אויסער אין חבֿרה־פּושקעס(7) אַרײַן, פֿלעגט ער פֿון האַנט אין האַנט קיין נדבֿות נישט געבן. אַלץ געבאָרגט, כּשרע הלוואה(8), הייסט עס! „ווען גאָט וועט העלפֿן, וועסטו אָפּגעבן; מיט א מאָל, ביסלעכווײַז; מיר, אָדער אַן אַנדערן נויטבאַדערפֿטיקן"(9)...

און איין מאָל האָט פּאַסירט אַזאַ מעשׂה: ר׳ יחיאל קומט אַהיים פֿון גאַס און טרעפֿט עמעצן בײַ זיך אין שטוב. יענער האָט אים דערזען און איז געבליבן ווײַס, ווי קאַלך.

ר׳ יחיאל קוקט — פֿון אונטערן ייִדנס פּאָלע(1) שטאַרט עפּעס בולט(2) אַרויס.

---

1. עושר — רײַכער מאַן.
2. מידה — קוואַליטעט.
3. געירשנט (געיאַרשנט) — איבערגענומען.
4. עניוות (אַניוועס) — modestia.
5. מתּן־בסתר (מאַטן־בעסייסער) — געבן אַז קיינער זאָל נית וויסן.
6. כּתבֿ־יד — דאָ: האַנטשריפֿט.
7. אין חבֿרה־פּושקעס — פֿאַר אינסטיטוציעס.
8. הלוואה (האַלוואָע) — préstamo.
9. נויטבאַדערפֿטיקער — אָרעמער.

1. פּאָלע — faldón del saco.
2. שטאַרט אַרויס בולט (בוילעט) — זעט זיך אַרויס שטאַרק.

אין ייִדנס פּנים האָט ר׳ יחיאל דערקענט, אַז ער האָט פֿאַר זיך קיין פּשוטן גנבֿ נישט. ער שטויסט זיך(3) באַלד, אַז עס איז אַן אָרעמאַן, אַז ער איז געקומען עפּעס בעטן און, אַז ער האָט קיינעם נישט געטראָפֿן, איז ער נישט בײַגעשטאַנען דעם נסיון(4), האָט דער יצר־הרע גובֿר געווען(5).

גייט ער צו אים צו גאַנץ פֿרײַנדלעך און זאָגט מיט אַ שמייכעלע:

— איר האָט אוודאי געוואָלט לײַען אויף אַ משכּון(6)? ווײַזט נאָר דעם משכּון.

דעם אָרעמאַן קלאַפּט אַ צאָן אין אַ צאָן.

— וואָס איז די חרפּה(7)? — פֿרעגט ר׳ יהיאל געלאַסן. — דאָס מזל דרייט זיך, ווי אַ רעדל, געלט איז קײַלעכדיק! הײַנט באָרגט איר בײַ מיר, מאָרגן — איך בײַ אײַך...

און, אַזוי רעדנדיק, נעמט ער אים אַפּיר פֿון אונטער דער פּאָלע — זײַן אייגענע פּאָר זילבערנע לײַכטער(8).

און ר׳ יחיאל שטעלט זיי געלאַסן אַנידער פֿאַר זיך אויפֿן טיש, גלײַך ער זעט זיי דאָס ערשטע מאָל און וויל אָפּשאַצן, וויפֿל ער מעג אויף זיי באָרגן.

דער ייִד, נעבעך, וויל דערווײַל אַנטלויפֿן; זײַנען אים אָבער די פֿיס ווי צוגעשמידט(9)!

— הכּלל, ר׳ קרובֿ(10), — פֿרעגט ר׳ יחיאל, — וויפֿל ווילט איר באָרגן?

און דער קען, נעבעך, די צונג נישט איבערדרייען.

— איר זײַט, ר׳ קרובֿ, אַ גרויסער בושת־פּנים(11)... נו, וואָס קאָן מען מאַכן? וועל איך פֿאַר אײַך רעדן. עס גייט צו פּסח. איך בין שטאַרק מסופּק(12), צי איר האָט אויף מצות... נו, שאָקלט מיטן קאָפּ, יאָ, צי ניין?

יענער, נעבעך, שאָקלט אויף ניין.

— וואָס דען? מע דאַרף דערצו קיין נבֿיא נישט זײַן: דאָס פּנים אײַערס מסרט(13)! נאָר איר האָט אפֿשר נאָך אַ טאָכטער צו פֿאַרקנסן(14)? יאָ? נו, שאָקלט מיטן קאָפּ — יאָ, צי ניין?

דעם אָרעמען ייִדן האָבן זיך שוין אָבער געעפֿנט די קוואַלן פֿון די אויגן, און ער האָט זיך שטאַרק צעוויינט.

---

3. שטויסט זיך — פֿאַרשטייט.
4. נסיון (ניסאָיען) — פּרווו.
5. גובֿר (גויווער) זײַן — זיגן, שטאַרקער זײַן.
6. משכּון — prenda.
7. חרפּה — בושה. שאַנד.
8. לײַכטער — candelero.
9. צוגעשמידט — צוגעפֿעסטיקט.
10. רב קרובֿ — אַזאַ ווענדונג.
11. בושת (בוישעס)־פּנים — שעמעוודיקער.
12. מסופּק — ניט זיכער.
13. מסרט (מאַסערט) — זאָגט אויס.
14. פֿאַרקנסן (פֿאַרקנאַסן) — מאַכן חתונה.

— נאַרישער מענטש! — מאַכט ר׳ יחיאל. — וואָס ווײנט איר? איך האָב דאָך אײַך געזאָגט: דאָס רעדל דרײט זיך!

דער ייִד קאָן זיך אָבער נישט אײַנהאַלטן; ווערט ר׳ יחיאל כּלו־מרשט(15) ברוגז, האָט ער פֿאַריבל(16):

— על פּי דין, — זאָגט ער, — בין איך אײַך, ר׳ קרובֿ, מחויבֿ(17) צו העלפֿן. אָבער ווו שטייט עס, איך בעט אײַך, אַז איך בין מחויבֿ אויסצוהערן אײַער געוויין, האַ?

דער ייִד האַלט זיך אײַן מיט די לעצטע כּוחות, און ר׳ יחיאל זאָגט ווײַטער:

— ווייסט איר וואָס, ר׳ קרובֿ, איך וועל אײַך געבן לויט דעם משכּון. אין מײַנע אויגן איז דער משכּון ווערט ק״ן(18) קערבלעך. וועל איך אײַך באָרגן פֿינף און זיבעציק, אַכציק! צען רובל אויף יום־טובֿ, זעכציק אויף ־נדן פֿאַר דער טאָכטער און נאָך צען — אַן אָנהייב אויף חתונה־קליידער, חתונה־הוצאות(19); די רעשט וועט גאָט העלפֿן!

„און אַז גאָט וועט העלפֿן, — גיט ער צו, ווי זײַן מנהג איז געווען(20), — וועט איר באַצאָלן... איך בין בטוח(21), איר וועט באַצאָלן!״

---

15. כּלומרשט (קלאָמערשט) — אַזוי ווי.
16. האָט פֿאַריבל — איז אין כּעס.
17. מחויבֿ (מעכויעוו) — מוז.
18. ק״ן (קאַן) — הונדערט פֿופֿציק.
19. הוצאָות — gastos.
20. ווי זײַן מינהג — ווי ער האָט זיך געפֿירט.
21. בטוח (באָטואַך) — זיכער.



| דער סוד | יצחק־לייבוש פּרץ |
| --- | --- |

מאַמעשי, איך וויל דיר אויסזאָגן אַ סוד(1). אַט זעץ זיך דאָ אויפֿן שטול, קעגנאיבער דעם פֿענצטער... גוט, אַזוי.

אַך, ווי שיין די זון גייט אונטער, ווי שיין לייגן זיך אירע לעצטע רויט־לעכע שטראַלן אויף דײַן איידל, בלאַס פּנים. איצט הער!

געדענקסט, מאַמעשי, נעכטן האָסטו מיר קליינגעלט געגעבן? גע־דענקסט? איך האָב נאָך גאָרנישט אויסגעגעבן, און עס פֿעלט מיר שוין... עס פֿעלט מיר אַ צענערל!

צי האָב איך עס פֿאַרלאָרן? ניין... דו גיסט דאָך מיר פֿאַר אָרעמעלײַט. פֿאַר אָרעמע קינדער, וואָס איך טרעף אויפֿן שפּאַציר... אָרעם געלט וועל איך נישט פֿאַרלירן. צי האָב איך אַוועקגעגעבן? געוויס... צי אַן אָרעמאַן? איך ווייס נישט... אפֿשר יאָ און אפֿשר נישט... הער, וועסטו אפֿשר וויסן!

נעכטן איז אויך שיין אונטערגעגאַנגען די זון, און איך האָב שפּאַצירט הינטער דער שטאָט. דאָרט, וווּ מע זעט זי אין גאַנצן אַרויס: בײַם טײַך. די הײַזער הייבן זיך אַלץ העכער און העכער, איינס איבערן צווייטן, איינס איבערן צווייטן; די, וואָס שטייען ווײַטער, זוילן אַריבערקוקן, גאָטס וועלט זען און הייבן זיך וואָס ווײַטער אַלץ העכער און העכער; און די זון, אונ־טערגייענדיק, קוקט אויף זיי, שפּרייט אויף זיי אויס די לעצטע שטראַלן... געזעגנט זיך... קושט זיי... און איך זע, ווי די שאָטנס יאָגן אונטער די די שטראַלן, לייגן זיך אַלץ דיקער(2) און דיקער און טרײַבן דאָס רויטלעכע לעצטע ליכט אַרויף, אַרויף, צוריק אין הימל אַרײַן... „אין אײַער רו אַרײַן, שטראַלן, אַצינד איז אונדזער צײַט. אַ גוטע נאַכט!"

און פּאַמעלעך ווערט אַלץ טונקעלער און טונקעלער, און דער הימל ווערט טיפֿער און טיפֿער... באַלד וועלן זיך איינס נאָכן צווייטן אָנצינדן די שטערן... אַזוי קוקנדיק, בין איך צוגעקומען צו דער הינטערגאַס, וואָס לאָזט זיך אַלץ טיפֿער און טיפֿער אַראָפּ, ביז צום טײַך, נישט ווײַט פֿון דער גרויסער שול.

איך בין צוגעגאַנגען נענטער צו דער שול.

---

1. סוד (סאָד) — סעקרעט. 2. דיק — דאָ: espeso.

א לײַכטער(3), ליבלעכער טונקל־בלויער נעפּל(4) האָט זי אַרומגענומען. די פֿענצטער האָבן ערנסט און טיף געקוקט אין דער וועלט אַרײַן... איך קוק אויף דער שול און אין מיטן — דערהער איך אַ געוויין! אַ שטיל טרויעריק געוויין, זיס און טרויעריק; עפּעס אַזוי האַרציק.

עס איז אַ קליין מיידעלע געוועזן, זי איז געלעגן אויפֿן זאַמד, האָט עפּעס געזוכט און געוויינט.

אַז איך האָב מיך אַרומגעקוקט, האָב איך נאָר איר אַלט, אָפּגעריבן קליידל, ווי אַ טונקל־גרויען פֿלעק, אויפֿן געלן זאַמד געזען, אַ פּאָר אויסגעקרימטע שיך... און אַ פֿאַליע(5) רויט־פֿלאַמענדיקע(6) האָר.

„וואָס וויינסטו, מיידעלע, וואָס זוכסטו אין זאַמד?"

די מוטער האָט איר אַ צענערל געגעבן, עפּעס קויפֿן געשיקט. האָט איר עמעץ, דורכגייענדיק, אונטערגעשלאָגן די האַנט, דאָס צענערל איז אין זאַמד אַרײַן... דעריבער וויינט זי...

איך פֿרעג זי: „אַ גרויסן צענער, צי אַ ווײַס צענערל?"

3. לײַכט — גרינג.
4. נעפּל — niebla.
5. פֿאַליע — כוואַליע (ola).
6. פֿלאַמענדיקע — ברענענדיקע.



מ. מינקאָווסקי „יתומים"

— אַ ווײַס, — זאָגט זי און קוקט זיך אָפּילו נישט אום.
— איך וועל דיר העלפֿן זוכן, — זאָג איך.

איך בייג מיך אַראָפּ, מאַך מיך זוכנדיק און געפֿין איר אַ ווײַס צענערל. „נאַ!". זי איז אויפֿגעשפּרונגען פֿאַר פֿרייד, און איך האָב דערזען איר קליין אַלעבאַסטער-ווײַס פּנים, מיט אויגן, מאַמעשי, וואָס איך קען דיר נישט אויסמאָלן: עס האָט אין זיי געבליצט אַזוי פֿיל פֿרייד...

אַ גאַנצע נאַכט האָבן זיך מיר די אויגן געחלומט... אַ גאַנצע נאַכט. אָט דאָס איז, מאַמעשי, מײַן גאַנצער סוד.

# נחום יוד — דער הונט און דער וואָלף

אַ הונט, וואָס האָט געהאַט בײַם פּויער
נישקשהדיקע קעסט(1)
און אויך אַ בײַדל לעבן טויער
אין צײַט פֿון גרויסע-פֿרעסט,
האָט איין מאָל זיך צום הונגעריקן וואָלף געווענדט:
— „מיר דאַכט, איך וואָלט, ווי דו, גאָר לעבן נישט געקענט!
דו ביסט דאָך שוין אַ וועלפּל נישט קיין יונגער
און קענסט דאָך גוט די וועלט —
פֿאַר וואָס זאָלסטו עס שטענדיק לײַדן הונגער
און ציטערן פֿאַר קעלט?"
— „מע רופֿט דיך הונט, און ווייסט פֿאַר וואָס? —
האָט אָפּגערופֿן זיך דער וואָלף מיט גרויס פֿאַרדראָס: —
ווײַל פֿאַר אַ ביינדל, וואָס מע וואַרפֿט אַרויס
פֿון הויז,
איז רעכט בײַ דיר צו דרייען מיטן עק
און וואַרטן גאַנצע טעג
אויף אַלע הויפֿן.
און איך, ווי גרויס עס זאָל נישט זײַן מײַן נויט,
וועל פֿאַר אַ שטיקל ברויט
מײַן פֿרײַהײַט נישט פֿאַרקויפֿן".

1. קעסט — אויסהאַלטונג, עסן.

# אַבֿרהם רייזען — אַן אורח אויף שבת

**א**

זלמן האָט זיך שוין געוואָלט נעמען צו זײַן ערבֿ־שבתדיקער(1) אַרבעט, ערשט חנה, שמייכלענדיק פֿאַרשולדיקט, האָט זיך אָנגערופֿן:

— וואָס זאָגסטו, זלמן, מיר האָבן דאָך אַן אורח(2) אויף שבת.

— אַן אורח! — איז זלמן געבליבן שטיין, ווי אַ פֿאַרחידושטער(3), אין מיטן שטוב, אָבער אויך מיט נײַגיריקייט(4). — ווער איז דער אורח?

— אַן אָרעמאַן, ווייסט דאָך... מיר האָבן שוין לאַנג ניט געהאַט קיין אורח.

זלמן האָט אַ ווײַלע געשוויגן און באַלד, אַן אומרויִקער, געפֿרעגט:

— ווי זעט ער אויס? אַ יונגער, אַן אַלטער?

— כ׳ווייס דען? דאַכט זיך, אַ ייִד אין די מיטעלע יאָרן.

האָט שוין זלמן זיך גענומען גרייטן גאָר אַנדערש צום שבת. טאַקע אַן אָרעמאַן אַן אורח, אָבער אַ פֿרעמדער מענטש — דאַרף מען ניט פֿאַרשעמט ווערן.

— האָסטו כאָטש גענוג עסן אים צו געבן? — האָט זלמן געפֿרעגט שטאַרק באַזאָרגט.

חנה האָט דערויף געשמייכלט.

— וואָס הייסט? די פֿערטע חלה, וואָס איך לאָז איבער פֿאַר די קינדער אויף דער וואָך, וועל איך אים געבן אויף קידוש, כ׳איז אַ היפּשע(5) חלה. פֿיש האָב איך — וועט מען געבן קלענערע חלקים(6) די קינדער, און איך, ווייסט דאָך, בין ניט אַזאַ בעלנטע(7) אויף פֿיש...

— איך וועל אים מײַן חלק אויך אַוועקגעבן, — האָט זלמן געזאָגט. — נו, און ווו צו זיצן וועט זײַן? — און ער האָט זיך טאַקע גלײַך גענומען ציילן די בענקלעך און געכאַפּט צו מעסטן מיטן בליק די גרייס פֿון קײַלע־

---

1. ערבֿ (ערעוו) שבת — פֿאַר שבת.
2. אורח — גאַסט.
3. פֿאַרחידושט — פֿאַרוווּנדערט.
4. נײַגיריקייט — curiosidad.
5. היפּשע — גענוג גרויסע.
6. חלקים — טיילן.
7. בעלנטע (באַלנטע) — וואָס וויל.

כיקן טיש, וואָס האָט די לעטע צייַט זיך שטאַרק געשאָקלט. האָט זלמן שוין גענומען זוכן מיט וואָס אונטערצושפּאַרן(8) דעם טיש.

ער האָט אַ ריר געטאָן דעם טיש מיט די הענט, ערשט — אַ נס! — דער טיש שאָקלט זיך ניט, און אַן איבעריק בענקל וועט זיך אויך געפינען.

ס'איז נאָך געווען די פּראַגע: ווו, לעבן ווען...

און ס'איז געבליבן: ער, דער אורח, זאָל זיצן אַנטקעגן זלמנען; ביי די זייַטן — די קינדער; און חנה — איז דאָך ניט שייַך(9), זי דערלאַנגט דאָך דאָס עסן סיי ווי סיי, וועט זי זיך שוין צושפּאַרן(10) לעבן אַ קינד.

ב

אָפּגעדאַוונט בייַם מנין(1), וואָס האָט זיך געפונען אין דער נאָענט, ווו זלמן דאַוונט אַלע פּריוואַטיק צו נאַכט, איז ער געקומען נאָך פאַרן אורח, וואָס האָט געדאַוונט אין גרויסן בית־מדרש, האָט זלמן מיט חנהן און זייערע פינף קינדערלעך, פון עלטסטן ביזן קלענסטן, געוואַרט אויף דעם אָנקומען פון דעם אורח. חנה איז געווען אָנגעטאָן אין איר שבתדיקן קלייד מיט דעם האַלב־זייַדענעם טיכל אויפן קאָפּ, גרייט מקבל־פּנים צו זייַן(2) דעם אורח, וואָס האָט שוין, אין די עטלעכע שעה זינט זייַן קומען מיטן קוויטעלע(3), צעוואַקסן זיך אין אַ גרויסער, אַנגעזעענער געשטאַלט(4).

ס'איז שוין ניט געווען סתם אַן אָרעמאַן, נאָר איינער פון די וויכטיקסטע מענטשן, וואָס געפינען זיך אויף דער וועלט. און טאַקע, וואָס ווייסט זי, ווער דאָס איז?... אפשר איז ער געווען אַ מאָל גאָר אַ גרויסער גביר... עס פּאַסירט דען ניט?...

און זלמן אַליין, אַן אָנגעלייענטער אין אַלערליי סיפּורים, דערציילונגען און מעשׂה־ביכלעך, אין וועלכע ער האָט טאַקע ניט אַלע מאָל געגלייבט, אָבער איצט, ווען די פיר ליכט ברענען מיט אַזאַ סודותדיקן(5) פלאַם, און די שייַן אין לאָמפּ אַליין — אַ וואָכעדיקער לאָמפּ, וואָס שטייט צווישן די פיר לייַכטער — איז אויך גאָר אַן אַנדער שייַן, עס ציטערט אַזש דאָס פייַער אין גלאָז, ווי עס וואָלט עפּעס געוווסט, — זלמן האָט געוואַרט אויפן אורח מיט אַ באַזונדער נייַגיריקייט.

---

8. אונטערשפּאַרן — אונטערהאַלטן.
9. ניט שייַך — דאָ: ניט קיין פּראָבלעם.
10. זיך צושפּאַרן — זיך צוזעצן.

1. מנין — צען יידן צום דאַוונען.
2. מקבל־פּנים זייַן — באַגעגענען.
3. קוויטעלע — צעטעלע, געשריפט.
4. געשטאַלט — פּערסאָנאַזש.
5. סודותדיק (סוידעסדיק) — מיסטעריעז.

## ג

און אַט האָט זיך געעפֿנט די טיר, און דער אָרעמאַן איז אַרײַן. ס׳איז געווען שוין טאָקע ניט קיין אָרעמאַן און ניט קיין סתם(1) אורח... עס איז אַרײַנגעקומען אַ ייִד מיט אַ לאַנגער, שײנער, שוואַרצער באָרד, גרױסע אױגן אונטער אַ סאַמעטענעם(2) היטל, און אין אַ בגד, װעלכן עס טראָגן די גרױסע משולחים(3).

די קינדער האָבן אױסגעשטעלט זײערע אױגן, פֿאַרחידושטע... חנה אַלײן האָט זיך דערמאָנט אין מרדכי הצדיק — אַזױ זעט אױס מרדכי אין דער מגילה... און זלמנען האָט זיך געדאַכט, אַז דאָס איז אַ געשטאַלט פֿון די אַמאָליקע ייִדן, די פֿון שפּאַניע, לױט װי ער האָט געלײענט אין אַ היסטאָריע אױף לשון־קודש...

— שלום־עליכם!

דער אורח האָט ניט אױפֿגעהױבן די גרױסע אױגן זײַנע, נאָר, פֿאַר־קערט, זײ אַ ביסל אַראָפּגעלאָזט צו דער ערד און אױסגעזונגען אױפֿן קול:

— עליכם־שלום!

מיט גרױס װיכטיקײט האָט מען זיך ענדלעך געזעצט צום טיש, און דער אורח — אין סאַמע אױבנאָן.

און ס׳איז געװען אַ זכיה(5), אַז דער אורח האָט געענטפֿערט עפּעס אַ װאָרט.

אָבער װער איז ער און פֿון װאַנען ער איז — דאָס האָט ער ניט דער־צײלט, ניט פּרײַװאַטיק צו נאַכט און ניט שבת בײַם טשאָלנט. חנה האָט, נאָך דעם װי דער אורח איז שױן אַװעק צום לעצטן מאָל, געפּרוּװט טרעפֿן, װער ער קען זײַן...

— דאָס קען מען ניט װיסן, — האָט זלמן, אַ טיף פֿאַרטראַכטער, גע־ענטפֿערט און אַרױסגעקוקט דורכן פֿענצטער, װי ער װאָלט געקענט זען און הערן מער, װי מע זעט און מע הערט...

און חנה האָט זיך שױן געפֿילט גאָר דערהױבן און אַפֿילו גליקלעך...

---

1. סתם (סטאַם) — געװײנלעך.
2. סאַמעט — terciopelo.
3. משולחים — דאָ: ייִדן, װאָס מע פֿלעגט שיקן זאַמלען פֿאַר ארץ־ישׂראל.
5. זכיה — פּריװילעגיע.



## אַ חסידיש מעשׂהלע — גלאָז און שפּיגל

עס האָט אין מיראָפּאָליע געלעבט אַ ייִד אַן אָרעמאַן, נאָר אַ פֿרומער, אַ צוגעלאָזטער צו מענטשן און אַן ערלעכער. האָט אים דער מיראָפּאָליער צדיק(1) געבענטשט, ער זאָל געהאָלפֿן ווערן און מער ניט זײַן קיין אָרעמאַן. און די ברכה איז מקוים געוואָרן(2), און נאָך אין דעם אייגענעם יאָר איז דער ייִד אַ גבֿיר געוואָרן.

ווי ער איז געוואָרן אַ גבֿיר, איז ער געוואָרן גאָר אַן אַנדער מענטש. ער איז געוואָרן אַ קמצן(3), קיין צדקה ניט געגעבן, מענטשן קיין טובֿה ניט געטאָן און ער האָט אין זינען געהאַט נאָר זײַן הנאה.

האָט מען דאָס דערציילט דעם מיראָפּאָליער צדיק. וואָס האָט ער געטאָן? — ער איז שוין דעמאָלט אַפֿילו געווען אויף דער עלטער, נאָר דאָך איז ער אַוועק צום נגיד דעם קאַרגן.

— גוט-מאָרגן!

— גוט-יאָר!...

און דער צדיק האָט אָנגענומען דעם קמצן פֿאַר דער האַנט, צוגעפֿירט צום פֿענצטער און אים געזאָגט: „קוק!" האָט דער גבֿיר אַרויסגעקוקט אויפֿן גאַס. פֿרעגט בײַ אים דער צדיק: „וואָס זעסטו?" ענטפֿערט ער: „איך זע מענטשן". פֿרעגט ער בײַ אים: „וואָס נאָך?" — „אַ הימל"... — „וואָס נאָך?" — „אַ בוים... פֿייגל פֿליִען"...

האָט אים דער מיראָפּאָליער דערנאָך צוגעפֿירט צו אַ שפּיגל און געזאָגט: „קוק, וואָס זעסטו איצט?" ענטפֿערט דער נגיד: „איך זע ז י ך". פֿרעגט ער בײַ אים: „וואָס נאָך זעסטו? זאָגט ער: „מײַן נאָז, מײַנע אויגן"... זאָגט דעמאָלט דער צדיק:

— פֿאַרשטייסטו מיך, אין פֿענצטער איז גלאָז, און אין שפּיגל איז גלאָז. אין פֿענצטער איז פּשוט גלאָז, אָרעם גלאָז — זעט מען דורך אים טאַקע מענטשן, אַ הימל, אַ בוים, פֿייגל פֿליִען... גאָטס וועלט... אָבער דאָס גלאָז פֿון שפּיגל איז אַ ביסל באַזילבערט, און ווי באַלד באַזילבערט — הערט מען אויף צו זען מענטשן, די וועלט... מע זעט נאָר זיך...

**(פֿון די פֿאָלקס־מעשׂיות פֿון ש. אַנסקי)**

---

1. צדיק — דאָ: חסידישער רבי.
2. מקוים (מעקויעם) — רעאַליזירט.
3. קמצן (קאַמצן) — קאַרגער.

| אליעזר שטיינבאַרג | די שפּיז און די נאָדל |
|---|---|

איינער, ראובֿן, שמעון אָדער איקס(1)
קומט פֿון דער מילחמה מיט אַ שפּיז(2) און מיט אַ ביקס
און שפּאַרט זי אָן אין אַ קאַמאָדל(3),
וווּ געשטעקט אַ דינע נאָדל.
„אָט אַ נאָדל, אָט אַ ריז(4)! —
טראַכט דאָס נעדעלע, דערזעענדיק די שפּיז. —
קליידער מאַכט אַוודאי זי פֿון אײַזן צי פֿון בלעך(5),
און אויף גיך, מיט ריזנשטעך(6)!
פֿאַר אַ גוג-מגוג(7) מסתמא, צי אַזוי אַ ריז אַ גדול"...
און די שפּיז? זי קוקט, באַטראַכט די נאָדל:
„אָט אַ שפּיזעלע אַ שרעטל(8)!
חידוש, וואָס סע לויפֿט זיך נישט צונויף דאָס שטעטל
אויף דעם שנעקעלע(9) צו קוקן...
קאָמיש, אַזוי קאָמיש! נו, ווי מאַכט מען נישט מיט אים קיין שפּאַס?"
— זאָג מיר, ברודערל, נישט שעם זיך:
אמת, וואָס מע שמועסט אין גאַס?
ביסט אַ פֿײַער! קומסט אין כּעס, איז מסוכּן(10)!
מיט אַ מאָל דערשטעכסטו זיבן פֿליגן!...
— שקר! — שרײַט די נאָדל: — ליגן!
איך קען שווערן דיר בײַם מענטעלע פֿון ספֿר-תּורה:
לײַוונט שטעך איך, לײַוונט! ס'איז אַזאַ מין סחורה...
— כאַ-כאַ! — שיסט די ביקס אויס אַ געלעכטער. —
כאַ-כאַ-כאַ! ער שטעכט גאָר לײַוונט! לײַוונט שטעכט ער!...

---

1. איקס — לאַטײַנישער אות x.
2. שפּיז — דאָ: באַיאָנעט.
3. קאַמאָדל — קליינע שאַפֿע.
4. ריז — גיגאַנט.
6. שטעך — pespuntes.
5. בלעך — lámina.
7. גוג-מגוג (גאָג-מאַגאָג) — לעגענדאַרישע גיגאַנטן.
8. שרעטל — קאַרליק
9. שנעקל — קליינינקער.
10. מסוכּן — געפֿערלעך.

— וואָס זשע ווילט איר? — פֿרעגט די נאָדל: —
איך זאָל שטעכן בלעך?
עך־עך,
ווען, ווי איר, איך גרויס!...
— אוי, געוואַלד, איך האַלט נישט אויס! —
שרײַט די ביקס: — איך פּלאַץ, איך שיס!...
— זײַט מיר מוחל! — זאָגט די נאָדל: — נישט געמיינט צום שלעכטן.
נישט קיין לײַוונט, נישט קיין בלעך, איז וואָס זשע שטעכט׳ן?
— מענטשן שטעכט מען! מענטשן! — זאָגט די שפּיז.
אָבער דאָ די נאָדל שוין גענומען לאַכן,
נאָר אַ לאַכן (אפֿשר לאַכט זי נאָך!) —
כי־כי־כי! און כאַ־כאַ־כאַ! און אָך־אָך־אָך! —
— שטעך איך, — זאָגט זי, — לײַוונט, מאַך אַ שטעכל נאָך אַ שטאָך,
ווערט אַ העמדל, ווערט אַ מלבוש — זאַכן.
אָבער מענטש? — שטעך הײַנט, שטעך מאָרגן אים,
וואָס וועסטו פֿון אים מאַכן?!...

| זינאַ ראַבינאָוויטש | דער זיידע וועט ניט אַוועקגיין |
|---|---|

א

דאָס האָט געטראָפֿן אין דער נאַכט פֿון די ערשטע סליחות(1). אַז דער זיידע איז צוריקגעקומען פֿון שול, האָט ער זיך דערפֿילט אַזוי שלעכט, אַז אין מיטן דער נאַכט האָט מען געדאַרפֿט אַרויסרופֿן אַ דאָקטאָר אים צו ראַטעווען. עס איז געווען אַ גליק, וואָס חנהלע איז אויך מיטגעגאַנגען צו סליחות, ווײַל ווי נאָר זיי זײַנען אַהיימגעקומען, באַלד פֿאַר טאָג, האָט זי דערזען, אַז דער זיידע פֿילט זיך ניט גוט. ווען ניט חנהלע, וואָלט דער זיידע אַנידערגעפֿאַלן, ווײַל זײַנע פֿיס האָבן זיך פּלוצעם אײַנגעבויגן, גלײַך ווי עמעצער וואָלט זיי אונטערגעהאַקט. אָבער חנהלע האָט זיך ניט פֿאַרלוירן, זי האָט אים אַוועקגעלייגט אויפֿן בעט, צעשפּיליעט זײַנע קליידער און באַלד געלאָפֿן אַלעמען איבערן הויז אָנזאָגן און געהייסן רופֿן שנעל אַ דאָקטאָר.

---

1. סליחות — די תּפֿילות, וואָס מע זאָגט אין די נעכט פֿאַר ראש־השנה.

אַז דער דאָקטאָר איז געקומען און באַטראַכט דעם קראַנקן, איז חנהלע ניט געווען צופֿרידן. דער דאָקטאָר איז איר עפּעס ניט געפֿעלן. זי האָט געבעטן די עלטערן, מע זאָל רופֿן נאָך אַ דאָקטאָר. זי האָט אַזוי שטאַרק געבעטן, אַז מען האָט עס איר געמוזט נאָכגעבן. צו מאָרגנס זײַנען געקומען נאָך צוויי דאָקטוירים. אַז זיי זײַנען געוואָר געוואָרן(2), ווי אַלט דער זיידע איז, האָבן זיי אַ שאָקל געטון מיטן קאָפּ, פֿאַרשריבן אַ מעדיצין און געהייסן גוט אַכטונג געבן אויפֿן קראַנקן.

ווען חנהלע איז געבליבן מיט איר מאַמען אַליין, האָט זי איר אײַנגערוימט אַ סוד אויפֿן אויער: „איך וועל אים ניט לאָזן אַוועקגיין”.

זי איז אַרײַן צוריק צום זיידן אין צימער און צו אים געזאָגט: „איך וועל זײַן מיט דיר זיידע, ביז דו וועסט געזונט ווערן. אַז איך וועל ענדיקן מיטלשול, וועל איך אַרײַן אין אַ שול פֿאַר קראַנקן־שוועסטער, איך וויל העלפֿן די, וואָס דאַרפֿן הילף. דערווײַל וועל איך זיך לערנען אויף דיר”.

חנהלע האָט זיך אויך אָנגעשטרענגט(3) צו שמייכלען, כּדי ניט איבערצושרעקן דעם זיידן. אין דער אמתן איז זי אַליין געווען זייער אָנגעשראָקן פֿון זיידנס קראַנקן אויסזען. אָבער אין האַרצן האָט זי געקלערט: „דער זיידע איז טאַקע זייער קראַנק. ווי בלייך(4) ער זעט אויס! אָבער איך וועל אים ניט לאָזן אַוועקגיין! איך האָב דאָך נאָר איין זיידן! ניין! ניין! איך וועל אים ניט לאָזן אַוועקגיין!” און חנהלע האָט זיך גענומען צו דער אַרבעט. זי האָט אַרײַנגעטראָגן צום זיידן אין צימער אַ צונויפֿגעלייגט בעטל, אירע ביכער אַנדערגעלייגט אויפֿן זיידנס גרויסן טיש, אויף אַ קליין טישעלע האָט זי אויסגעשטעלט אַלע מעדיקאַמענטן, אָנגעשטעלט דעם זייגער און אים געהיט, אַז זי זאָל ניט פֿאַרשפּעטיקן, פּונקט צו דער שעה אים אײַנגעבן די מעדיצין, דערלאַנגען אים עפּעס צום פֿאַרטרינקען. ווען דער זיידע פֿלעגט אײַנדרעמלען, פֿלעגט זי שטיין און וואַכן איבער אים און זיך צוהערן צו זײַן אָטעם. „איז דער אָטעם ניט צו שטיל? איך וועל דיך ניט לאָזן אַוועקגיין, זיידע!”

## ב

די עטלעכע טעג ביז ראש־השנה האָבן זיך געצויגן ווי וואָכן. אַלע זײַנען אַרומגעגאַנגען אין הויז מיט פֿאַרצויגענע ליפּן, גלײַך ווי מורא געהאַט אַרויסצוזאָגן דאָס, וואָס זיי האָבן געקלערט וועגן זיידן און זײַן לאַגע. אָבער חנהלע האָט געטראַכט אירע געדאַנקען און ניט גערוט, געווישט דעם זיידן דאָס פּנים מיט אַדעקאָלאָן, אײַנגעגעבן די מעדיצינען און געקוקט אים אין פּנים אַרײַן, ווילנדיק טרעפֿן, וואָס ער פֿילט. ערבֿ ראש־

---

2. געוואָר ווערן — זיך דערוויסן.
3. אָנשטרענגען זיך — זיך באַמיִען, שטאַרקן זיך.
4. בלייך — בלאַס, ווײַס.

השנה האָט זי געזאָגט צו אים: „מילא! היינטיקס יאָר וועסטו פֿאַרפֿעלן צו גיין אין שול אַרײַן, אָבער איבער אַ יאָר, זיידע, געדענק מײַנע ווערטער!"
„און ווער וועט אויסבעטן בײַם אייבערשטן(1) אַ גוט יאָר פֿאַר אײַך אַלעמען?" — האָט זיך דער זיידע אָפּגערופֿן מיט אַ שוואַכער שטים. — „איך און דו, זיידע, מיר וועלן דאַוונען אין דער היים, אין אונדזערע געדאַנקען, זיידע!"
„צום ערשטן מאָל אין מײַן לעבן בין איך נישט אין שול ראש־השנה, חנהלע! צום ערשטן מאָל!" — חנהלע האָט אָפּגעווישט דעם זיידנס טרער, געעפֿנט די טיר, וואָס גייט אַרויס אויפֿן באַלקאָן, געעפֿנט די פֿענצטער פֿון באַלקאָן. דער זיידע האָט דערהערט, ווי מע דאַוונט אין דעם קליינעם שולעכל פֿון יענער זײַט גאַס, און האָט זיך מחיה געווען(2)...
„דערלאַנג מיר דעם מחזור(3), חנהלע!" — האָט ער געבעטן. — „ניין, זיידע, דעם מחזור האָסטו נישט קיין כּוח צו האַלטן. אָבער איך וועל צו־רוקן דײַן בעט צום פֿענצטער פֿונעם באַלקאָן, וועסטו הערן גענוי, בײַ וואָס מע האַלט איצט אין שולעכל!" — זי האָט אויסגעגלײַכט די יאַרמולקע אויפֿן זיידנס קאָפּ. דער זיידע האָט זיך אַזוי גוט אײַנגעהערט, אַז ער האָט נאָכ־געזאָגט אַלע תּפֿילות און זיך צוגעהערט צום שופֿר־בלאָזן.
„געדענק מײַנע ווערטער, זיידע! איבער אַ יאָר וועלן מיר ביידע גיין צוזאַמען צום טײַך"... דער זיידע האָט אַ מאַך געטאָן מיט זײַן בלייכער, דינער האַנט, ווי איינער וואָס גלייבט נישט, אָבער חנהלע האָט געטאָן אירס, געגלייבט און אַכטונג געגעבן אויפֿן זיידן. כאָטש די עלטערן און די דאָקטוירים האָבן נאָך אַלץ געשאָקלט מיט די קעפּ, האָט זי געזען אין זיידן אַ בעסערונג. ער האָט געטרונקען, געגעסן אַלץ, וואָס דער דאָקטאָר האָט פֿאַרשריבן, און ווען עס איז געקומען ערבֿ יום־כּיפּור, האָט ער גע־וואָלט טאָפּלטע פּאַרציעס...
„דאָס נישט, זיידע!" — האָט חנהלע געשמייכלט. — „איך ווייס, פֿאַר וואָס דו ווילסט טאָפּלטע פּאַרציעס! אָבער פֿאַסטן וועל איך דיר נישט לאָזן". — דער זיידע האָט זיך אָנגעברוגזט. — „ס'טײַטש? יום־כּיפּור?"
„טאַקע יום־כּיפּור! אָבער מײַן לערער האָט מיך געלערנט, אַז ראַטעווען דאָס לעבן פֿון אַ מענטשן איז וויכטיקער ווי דער תּענית!" — דער זיידע האָט טאַקע פֿאַרפֿאַסט, אָבער באַלד נאָך כּל־נדרי האָט ער אײַנגענומען אַלץ, וואָס חנהלע האָט אים דערלאַנגט, און קיין פּיפּס נישט געטאָן. אויף מאָרגן, יום־כּיפּור, האָט חנהלע נאָך אַמאָל אַרויסגערוקט דעם זיידנס בעט אויפֿן באַלקאָן, פּונקט ווי זי האָט עס געטאָן צו כּל־נדרי, אַזוי אַז דער זיידע

---

1. אייבערשטער — גאָט.
2. זיך מחיה (מעכאַיע) געווען — ס'איז אים געווען זייער גוט.
2. מחזור — זאַמלונג תּפֿילות אויף יום־טובֿים.

האָט נישט אָנגעוווירן(4) קיין איינציקע תּפֿילה. דערפֿאַר האָט ער געמוזט פֿאָלגן זײַן „קראַנקן־שוועסטער" און אײַנגעדרעמלט, בעת מע האָט אין קליינעם שולעכל פֿון איבערן וועג געלייענט אין דער תּורה...

ווען די זון האָט אָנגעהויבן זיך אַרונטערצולאָזן, האָט חנהלע צוגע־גרייט דעם זיידן צו „נעילה". זי האָט זיך אַ ביסל געשראָקן, וואָס דער זיי־דע איז געוואָרן אויפֿגערעגט(5) בײַ דער לעצטער תּפֿילה פֿון יום־כּיפּור, אָבער זי האָט געדולדיק געוואַרט, ביז עס האָט זיך דערהערט פֿון איבערן וועג דאָס שופֿר בלאָזן... טרעפֿנדיק דעם זיידנס געדאַנקען, האָט זי געזאָגט: „אַ גמר חתימה טובֿה דיר, זיידע! מיר האָבן ביידע אויסגעבעטן אַ גוט יאָר! איבער אַ יאָר אין דער צײַט וועלן מיר זיך דערמאָנען אין פֿריידן אין הײַנ־טיקן יום־כּיפּור!" דאָס מאָל האָט דער זיידע נישט אַ מאַך געטאָן מיט דער האַנט. ער האָט איר געגלייבט — ער האָט זיך דערפֿילט פֿיל בעסער...

„צום ערשטן מאָל אין מײַן לעבן האָב איך נישט געפֿאַסט יום־כּיפּור, חנהלע... דאָך גיב מיר עפּעס אין מויל אַרײַן, איך וויל זיך אָפּפֿאַסטן!" דער זיידע האָט געשמייכלט, און חנהלע מיט אים, ווען זי האָט אים דערלאַנגט דאָס עסן.

ווען דער זיידע האָט אָפּגעגעסן, האָט זי געזאָגט: „איך האָב געלערנט אין שול, אַז פֿרומע ייִדן שטעלן זיך בויען די סוכּה מוצאי־יום־כּיפּור(6), באַלד נאָכן תּענית! יאָ, זיידע? איך וועל פֿון דײַנעטוועגן אויפֿשטעלן אַ סוכּה, אַ פּראַכט(7)! און טאַקע דאָ, אויפֿן באַלקאָן! אָבער אויפֿן באַלקאָן וועסטו מער נישט ליגן אין בעט, דו וועסט בײַ מיר זיצן אַן אויסגעפּוצטער און מאַכן קידוש אויף אַ קול פֿאַרן גאַנצן הויזגעזינד(8)! יאָ, זיידע?"

דער זיידע האָט זיך צעלאַכט, און חנהלע איז אַרויסגעלאָפֿן צו די על־טערן, וועלכע האָבן זיך אָפּגעפֿאַסט אין עסצימער, און געזאָגט: „טאַטע! דו ווילסט מיר העלפֿן אויפֿשטעלן פֿאַרן זיידן אַ סוכּה?"

„אַ סוכּה פֿאַרן זיידן?"

„יאָ, אַ סוכּה! וואָס וווּנדערסטו זיך אַזוי, מאַמע? — אַ סוכּה! איך האָב דיר דאָך געזאָגט, ווען דער זיידע איז קראַנק געוואָרן, אַז איך וועל אים נישט לאָזן אַוועקגיין... איז דערפֿאַר, וואָס ער איז געבליבן מיט אונדז, קומט אים אַ שיינע, די שענסטע סוכּה!..."

---

4. אָנגעוווירן — פֿאַרלאָרן.
5. אויפֿגערעגט — excitado ,
6. מוצאי־יום־כּיפּור — נאָך יום־כּיפּור, בײַ נאַכט.
7. פּראַכט — שיינקייט.
8. הויזגעזינד — פֿאַמיליע.



## מאַטעס אָליצקי — דאָס ייִנגל ישעיהס

דאָס ייִנגל ישעיהס(1) וועט זײַן
דאָס גליקלעכסטע צווישן די קינדער,
ווײַל ער וועט אַ פּאַסטעכל זײַן
פֿון וועלף און פֿון שאָף און פֿון רינדער(2).

אַ פֿריילעכער וועט ער מיט זיי
באַגינען(3) אין פֿעלד אַרײַן קומען,
אַ לעמפּערט(4) וועט וואַרטן אויף זיי,
אַ לייב וועט אַ פֿרײַנדלעכער ברומען(5).

די פֿרידלעכע חיות אין טאָל
וועלן עסן די גרעזלעך און גראָזן,
די זון וועט אַ גאָלדענע זײַן,
און שטיל וועט אַ ווינטעלע בלאָזן.

באַנאַנד(6) מיט אַ וואָלף און אַ שעפּס
דאָס ייִנגעלע רויִק וועט זיצן,
מיט מעסער, געמאַכט פֿון אַ שפּיז(7),
אַ פֿײַפֿל פֿאַר זיך וועט ער שניצן(8).

אַ פּויער וועט גיין איבער ערד
מיט זײַן אַקער און שמייכלען צופֿרידן,
ווײַט וועט זיך שפּרייטן דאָס פֿעלד
אין שטילקייט, אין זון און אין פֿרידן.

דאָס ייִנגל ישעיהס וועט זײַן
דאָס גליקלעכסטע צווישן די קינדער,
ווײַל ער וועט אַ פּאַסטעכל זײַן
פֿון וועלף און פֿון שאָף און פֿון רינדער.

---

1. ישעיה — ישעיה הנבֿיא.
2. רינדער — קי, אָקסן.
3. באַגינען — פֿאַר טאָג.
4. לעמפּערט — לעאָפּאַרד.
5. ברומען — rugir.
6. באַנאַנד — צוזאַמען.
7. שפּיז — lanza.
8. שניצן — אויסשנײַדן.

# יעקב קרעפּליאַק

# שוואַרץ און ווײַס

## א

פֿון אַ פּירעקיקער עפֿענונג מיט אַן אָפּגעדעקטער פֿאַרזשאַווערטער(1) אײַזערנער טיר, בײַ דער זײַט פֿון אַן אַלטן הויז, האָט זיך באַוויזן דאָס פּנים פֿון אַ נעגערטע מיט גרויסע, פֿולע, פֿײַערדיקע אויגן.

איבער פּוירל-סטריט(2) איז דער הימל געווען אַן אײַזערנער — אַ געפֿלעכט פֿון שטאָלענע רעלסן, דרײַעקן און קראַנשטיינער — איבער וועלכע עס פֿלעגט אויבן יאָגן דער „על״(3). דער אײַזערנער הימל איז גע־האַנגען שווער איבער דער גאַס, האָט זי צוגעדריקט און פֿאַרפֿינצטערט.

מענטשן האָבן ניט ליב צו גיין מיט אַזוינע גאַסן, און די געציילטע דורכגייער האָבן, פֿאַרשטייט זיך, דער נעגערטעס אויגן ניט באַמערקט, ווי די נעגערטע אין גאַנצן.

די שוואַרצע דזשעניטאָרין(4) האָט געשלעפּט אַ שווערע אַשקאַן(5), ניט פֿאַר אירע כּוחות, מיט די טרעפּ פֿון קעלער אויפֿן טראָטואַר אַרויף. פֿון גרויס אָנשטרענגונג זײַנען איר די אויגן געקראָכן פֿון די לעכער, געווען פֿול מיט בייזקייט.

מיט אַ מאָל האָבן אירע אויגן זיך אַ דריי געטאָן און מיט אַנגסט אָנגע־הויבן אַרומטאַפּן דעם טראָטואַר, זיך אָפּגעשטעלט אויף איין פּונקט און גענומען בײַטן זייער אויסדרוק. זיי זײַנען געוואָרן זאָרגפֿול, ווייך, און ליבשאַפֿט האָט אַ פֿינקל געטאָן.

אַ נעגער־ייִנגל, מיט אַ קעפּל געקרויזטע שוואַרצע וואָל, מיט גרויסע אויפֿגעריסענע אויגן, ווי בײַ איר, איז געלעגן צונויפֿגעדרייט בײַ דער וואַנט פֿון דעם הויז.

— ווו ביסטו, זוניו?

---

1. פֿאַרזשאַווערט — oxidado.
2. סטריט — גאַס (די אַקציע קומט פֿאָר אין ניו־יאָרק).
3. „על״ — איבערבאַן.
4. דזשעניטאָרין — portera.
5. אַשקאַן — כּלי אויף אַש, מיסט.

ווייניק מענטשן האָבן געוווינט אויף פּוירל־סטריט. די מויערן האָבן אויסגעקוקט, ווי וווּנדן פון אַ פאַרחושכטן טונעל. מער ניט, די זומערדיקע זון האָט זיך איצט דורכגעריסן דורכן אײַזערנעם געוועב(6) און מאָדנע פאַנטאַסטיש צעקעסטלט די טונקעלע גאַס אין שוואַרצע און העלע פלעקן.

דאָרט, בײַ דער וואַנט, האָט זיך אויך דורכגעריסן אַ זונענפלעק, ווי אַ פּירעקיק ליכטיק קעסטעלע. דאָס נעגער־ייִנגל האָט זיך אין גאַנצן צונויפגע־דרייט, ווי ער וואָלט וועלן אין גאַנצן זיך אײַנפּאַסן אין דעם ליכטיקן וואַ־רעמען קעסטעלע.

די שוואַרצע האָט האַלדזיק און ברוסטיק ווייטער גערעדט:

— ביסט דאָ, דזשימי? גוט, ביסט אַ טײַער זונדל, וואָס דו פאָלגסט און גייסט ניט אַראָפּ פון טראָטואַר. זאָלסט מיר דאָ זײַן די גאַנצע צײַט, זאָלסט ניט אַראָפּ פון דאַנען, מען וועט דיך איבערפאָרן.

דאָס נעגער־ייִנגל האָט זיך אויסגעגלײַכט, זיך אַוועקגעלייגט אויפן בײַכל און גענומען וואַרפן הענט און פיס.

— וואָס טוסטו, זוני?

— איך שווים, מאַ.

די דזשעניטאָרין איז שוין געשטאַנען אַ לאַכנדיקע איבער איר ייִנגל.

— ווו האָסטו אַ וואַסער, זוני?

— כ'לערן זיך, מאַ.

די שוואַרצע פולע מאַמע האָט מיט אַ מאָל זיך אַ פּאַטש געטאָן מיט די הענט אין די היפטן און זיך צעטרייסלט פון געלעכטער אויפן קול. אָבער אויבן איז אָנגעלאָפן אַ „טריין"(7) און האָט זיך ווי עפּעס צעבייזערט מיט גרילץ(8) און מיט דונער. די שוואַרצע האָט דערפילט, אַז זי האָט אויפגע־הערט צו הערן איר אייגן געלעכטער, האָט זי אויפגעהערט לאַכן, נאָר מיט האַסט(9) אַ כאַפּ געטאָן איר ייִנגל אין די אָרעמס, צוגעדריקט צו זיך און גענומען קושן.

די מאַמע האָט זיך ווידער גענומען צו דער אַשקאַן, אַרויפגעשלעפּט זי אויפן טראָטואַר און ווידער גענומען רעדן צו איר ייִנגל:

— נו, איצט גיי איך אין דעם צווייטן הויז. דאָ שפּיל זיך. געדענק, זאָלסט מיר ניט אַראָפּ פון טראָטואַר. וועסט אַראָפּ, איז זאָל גאָט אָפּהיטן, וועט מען דיך איבערפאָרן. וועסט ניט?

— ניין, מאַ.

ער זאָגט צו, ער וועט ניט גיין. אָבער אין דער אמתן ציט אים אַוועק־צוגיין פון דאַנען. דאָ אין גאַס איז פינצטער. דאָרטן ווײַטער, ווייסט ער, איז ליכטיק, גוט.

---

6. געוועב — tejido.
7. טריין — באַן.
8. גרילץ — chirrido.
9. מיט האַסט — גיך.

ווי אַ פּלאָנץ האָט דזשימי זיך געצויגן אַהינצו, ווו עס איז ליכטיק און זוניק. שטעלט ער אונטער דאָס הענטל, זוכט אויס די גרעסטע זונען־פּלעקן, ער ווייסט שוין אַפילו, אַז די פּלעקן באַוועגן זיך, רוקן זיך איבער פּאַמעלעך, און ער רוקט זיך מיט זיי צוזאַמען. ער וואָלט געוואָלט זײַן אין גאַנצן אונטער איין העלן פּלעק, אין גאַנצן, אַפּילו מיט די אויגן...

ער פּאַרזשמורעט(10) זיי און דרייט זיך צונויף אין אַ קנײַלכל(11), ווי ער וואָלט טאַקע קאָנען באַווײַזן זיך אַנידערצוליייגן אין גאַנצן אין דער ליבער וואַרעמקייט פֿון שמאָלן פּירעקיקן זונענפּלעק אויף פּוירל־סטריט.

ניין, ער וועט פֿון טראָטואַר ניט אַראָפּ... אָבער ווען ער איז אין דרויסן און די מאַמע איז לאַנגע שעהען אין דעם צווייטן הויז, כאַפּט ער זיך צו צום ראָג(12)... און נאָר צום ראָג? שוין ניט איין מאָל איז ער אַריבערגע־לאָפֿן נאָך עטלעכע בלאָק ווײַטער. און וואָס ער זעט דאָרטן!

אָ, דאָרט איז גוט, אַזוי פּיל זון, אַז ער קאָן אַפּילו מיט די אויגן אין דער הייך ניט קוקן. און מאַשינען לויפֿן דאָרט אַזוינע שיינע, קאָלירטע, גלאַנציקע. דאָ, לעבן זיי, זעט מען זעלטן אַזוינע. דאָ זעט מען נאָר שווערע, טונקעלע, גרויסע. דאָ איז נישטאָ די שיינע גרינע און רויטע ליכט, וואָס שטעלן אָפּ די מאַשינען און לאָזן זיי פֿאָרן ווײַטער.

אָבער מער פֿון אַלץ ציט אים אַהינצו, ווײַל ער האָט געזען, ווי יִינגלעך זיצן פֿון הינטן אויף די מאַשינען בײַ די רעדער. בײַם ערשטן מאָל זען האָט עס אים דערשראָקן: אָט דרייט זיך אַרײַן דאָס יִינגל אין ראָד... אָבער ער האָט שוין עטלעכע מאָל געזען, ווי זיי הענגען זיך אָן, ווי זיי שפּרינגען אַרויף, און ער איז זיכער, אַז ער קאָן אויך אַזוי. ער וואָלט, פּונקט ווי זיי, זיך אָנגעכאַפּט מיטביידע הענט בײַ דער מאַשין און וואָלט זיך אָנגע־האַנגען. ער גאַרט אַזוי זיצן און פֿאָרן! באַזונדערס וואָלט ער געוואָלט מיט־פֿאָרן אויף דעם גרויסן רויט־געלן „באָס", וואָס איז פֿול מיט מענטשן. אָבער פֿאַר אים האָט ער מורא, ווײַל איין מאָל, ווען פֿון הינטן אויפֿן „באָס" זײַ־נען געזעסן צוויי ווײַסע יִינגלעך, האָט ער דערזען, אַז דער „באָס" האָט זיך פּלוצלונג אָפּגעשטעלט, די יִינגלעך זײַנען האַסטיק אַראָפּגעשפּרונגען און געגומען לויפֿן, זיי זײַנען צוגעלאָפֿן אַזש ביז אים. זיי זײַנען אַזוינע יִינגלעך ווי ער, נאָר ווײַסע און אַ ביסל גרעסערע. בײַ זיך, לעבן הויז, האָט ער מיט קיינעם ניט זיך צו שפּילן. קיינער ווױנט ניט אַרום, נאָר ער און זײַן מאַמע.

פֿון יענעם טאָג אָן איז עס אים פֿון געדאַנק ניט אַרויס. אמת, אויפֿן „באָס" וואָלט ער מורא געהאַט צו פֿאָרן, אָבער אויף די אַנדערע מאַשינען וואָלט ער זיכער געפֿאָרן. ער האָט ניט געזען, אַז עמעצער זאָל ניט לאָזן,

---

10. פּאַרזשמורעט — entornó.
11. קנײַלכל — ovillo.
12. ראָג — ווינקל גאַס.

און עס האָט אים געצויגן צו יענער גאַסקרייצונג(13) עטלעכע בלאָק ווײַ־טער, וווּ עס פֿאָרן דורך די קאָלירטע, גלאַנציקע מאַשינען און וווּ ייִנגלעך זיצן פֿון הינטן אויף די בופֿערס(14).

ב

ווי אַזוי האָט עס פּאַסירט, ווייסט ער אַליין ניט. ער האָט נאָר אָפּגע־וואַרט די מינוט, אַז די מאַמע זאָל אַוועק אין דעם צווייטן הויז אַרבעטן. באַלד איז ער מיט אימפּעט דורכגעלאָפֿן דאָס שטיקל וועג און מיט אויפֿגע־ריסענע, צעשראָקענע אויגן גענומען זיך איַינעסן אין די פֿאַרבײַלויפֿנדיקע מאַשינען און געטראַכט, אויף וועלכער קאָן ער זיך אַרויפֿכאַפּן.

ער האָט שוין אַלץ פֿריִער גוט באַמערקט. ער ווייסט שוין, אַז ער דאַרף וואַרטן, ביז די מאַשינען וועלן זיך אָפּשטעלן אויף רויט, נאָך דעם צוּוואַרטן אַ ביסל, ביז זיי נעמען זיך רירן, דעמאָלט ערשט זיך אָנכאַפּן פֿון הינטן, — און ער וועט פֿאָרן!

אָט קומט אָן דער באָס, זאָל ער אפֿשר פֿאָרט אויף אים אַרויף? ניין, ער האָט מורא פֿאָרן טרײַבער.

אָט! אַ גלאַנציקע קאָלירטע מאַשין איז אָנגעקומען, אַ גרינע מיט רויטע פּאַסן, און געבליבן שטיין.

פֿלינק, באַווועגלעך ווערן אים הענט און פֿיס. ווי אַ קעצל גיט ער זיך אין גאַנצן אַ שאַר צו: אַ כאַפּ אָן, אַ טוליע צו — און ער פֿאָרט שוין.

ער האָט גאָרניט באַמערקט, ווי ער האָט אָנגעהויבן פֿאָרן, אַזוי אויפֿגערעגט(1) איז ער געווען, נאָר ער האָט דערפֿילט, ווי עפּעס אינע־ווייניק אין בײַכל וואָלט אים אַ צי געטאָן, און ער האָט פֿאַרשטאַנען, אַז ער פֿאָרט שוין.

פֿון זײַן זיץ אויפֿן בופֿער זעט ער, ווי די ראָד דרייט זיך און ער קאָן שוין פֿון ראָד די אויגן ניט אָפּרײַסן.

די ראָד האָט אים גענומען שווינדלען(2) פֿאַר די אויגן אין איין צונויפֿגעגאָסן שטיק. עס ווערט אים קיל אין הערצל און ער ניורעט איין(3) דעם קאָפּ און טוליעט זיך(4) צו צום ווענטל פֿון דער מאַשין, ווי ער וואָלט זיך געטוליעט צו דער וואַנט פֿון הויז אויף פּוירל־סטריט, אויף וועלכער עס גליט אַ זונענפֿלעק.

דזשימי האָט אַפֿילו ניט געטראַכט, וווּ ער קאָן פֿאַרפֿאָרן און ווי אַזוי ער וועט קומען אַהיים צוריק. ערגעץ וווּ איז ער געוועזן בײַ זיך זיכער, אַז

---

13. גאַסקרייצונג — crucero.
14. בופֿערס — defensas.

1. אויפֿגערעגט — excitado.
2. שווינדלען — דרייען זיך.
3. אײַנניורען — אײַנקוועטשן.
4. צוטוליען — צודריקן.

ער וועט קומען מיטן זעלביקן וועג צוריק. ביסלעכווייַז האָט ער זיך גע־נומען באַרויִקן. ער האָט גענומען פֿילן די פֿולע ליכטיקייט און אַז עפּעס וואַרעמט אים אַזוי אָנגענעם פֿון די זייַטן און אין רוקן.

ג

די זייַט גאַס, ווו דזשימין איז אויסגעקומען זיך אַרויפֿזעצן, האָט זיך געצויגן אין דער ריכטונג צו דער „איסט־סייַד"(1) דורך מעדיסאָן־סטריט.

פֿון וואַנען האָט דזשימי געקאָנט וויסן, וואָס אין דער „ווייַטער וועלט" טוט זיך? פֿון וואַנען האָט דער דזשעניטאָרינס יִינגל פֿון קעלער, דאָרט צווישן די לעדער־סקלאַדן(2), געקאָנט וויסן, אַז די מאַשין טראָגט אים איצט איבער פֿרעמדע קינדערשע מלוכות?

דזשימי האָט, פֿאַרשטייט זיך, ניט געוווּסט, אַז מעדיסאָן־סטריט איז נאָך לאַנגע קינדערשע מילחמות אײַנגעטיילט געוואָרן אין דרייַ מלוכות:

פֿון ניו־באָוערי ביז פּאַיק־סטריט, ווו עס וווינען מערסטנס גריכן, איז געווען „גריכנלאַנד"; פֿון פּאַיק־סטריט ביז ראַטגערס, ווו איטאַליענער וווי־נען, איז געווען „איטאַליע"; און פֿון ראַטגערס אַראָפּצו איז געווען „ייִדנ־לאַנד".

נאָך לאַנגע מילחמות, פֿון וועלכע עס איז אין דער געשיכטע פֿון מיל־חמות קיין רעקאָרדס(3) ניט פֿאַרבליבן, האָבן זיך די דרייַ מלוכות, מער אָדער ווינציקער, אײַנגעאָרדנט מיט זייערע גרענעצן און אינטערנאַציאָ־נאַלע באַציִונגען.

די מילחמות פֿלעגן פֿאָרקומען צוליב פֿאַרשידענע סיבות, אָבער דער־הויפּט טאַקע צוליב „ראַידס"(4). אַזוי פֿיל ייִנגלעך פֿלעגן וועלן נעמען „ראַידס" — זיך אָנהענגען פֿון הינטן אין באָסעס און מאַשינען, אַז כּדי ניט געהרגעט צו ווערן, בײַם אָפּרײַסן איינער דעם אַנדערן פֿון אַ באָס אָדער מאַשין, האָבן זיי געמאַכט גרענעצן: ביז אַהער מעגסטו פֿאָרן פֿון דײַן מלו־כה, און ווײַטער לאָז דײַן פּלאַץ פֿאַרן איינוווינער פֿון דער צווייטער מלו־כה. טרעפֿט, אַ מאַשין שטעלט זיך ניט אָפּ בײַם גרענעץ, מעגסטו צופֿאָרן ביזן נאָענטסטן סיגנאַל און סטאָפּ, ניט ווײַטער; אַנדערש וועט מען דיך אַראָפּשלעפּן...

ווי די מאַשין מיט דזשימין האָט זיך נאָר באַוויזן נאָכן באָס אין „גריכנ־לאַנד", האָט זיך אויפֿגעהויבן אַ טומל:

— אַ נעגערל זיצט אויף אַ מאַשין! אַ נעגערל! שלעפּט אים אַרונטער!

---

1. איסט־סײַד — ניו־יאָרקער געגנט.
2. סקלאַד — almacén.
3. רעקאָרד — דאָ: כראָניק.
4. ראַיד — רייַזע.

אין „גריכנלאַנד" איז מען געוואָרן אַזוי איבעררעשט פֿון דער „חוצ־פה"(5) און פֿון דער פלוצעמקייט, אַז מען האָט ניט באַוויזן דזשימין אַראָפּ־צושלעפּן. עס האָבן זיך נאָר אויפֿגעהויבן קולות, און מען האָט אָנגעהויבן נאָכיאָגן אויף „סקייטס"(6) און שרײַען און ווײַזן צו „איטאַליע", אַז דאָרטן זאָל מען אים איבערכאַפּן.

אין איטאַליע האָט מען פֿון אָנהייב ניט פֿאַרשטאַנען, וואָס מע שרײַט צו זיי, און ווען זיי האָבן זיך געכאַפּט, איז די מאַשין שוין פֿאַרבײַ און אַרײַן אין „ייִדנלאַנד".

אין „ייִדנלאַנד" איז דער פֿירער, דייווי, געשטאַנען מיט זײַן גאַנצער „גענג"(7) און זיך געפּאָרעט אַרום אַן אויטאָמאָביל־ראָד, וואָס זיי האָבן געפֿונען און געבראַכט אַהער אויפֿן טראָטואַר און אַרויפֿגעלייגט אויף אַ ליידיקער איבערגעקערטער מיסטקאַן.

דייווי — אַ ייִנגל, געוויקסיקער(8) פֿאַר זײַנע יאָרן, מיט אַן אָפֿענעם גוטמוטיקן(9) פּנים — האָט געפּרוּווט מיט אַלע כּוחות אַראָפּנעמען די גו־מענע שינע(10) פֿון ראָד, ער האָט אָבער ניט געקאָנט, ווי זי וואָלט געווען אײַנגעוואַקסן.

דייווי איז פֿון דעם געווען פֿאַרשוויצט און אויפֿגערעגט; זײַנס אַן אַרויסהעלפֿער איז געשטאַנען מיט פֿאַרקאַשערטע אַרבל, מיט אַ האַמער אין די הענט; דייווי האָט צו אים עפּעס אַ זאָג געטאָן, און יענער האָט ווײַ־טער גענומען קלאַפּן. אָבער, ווי עס ווײַזט אויס, האָט עס דעם אַרויסהעל־פֿער געהאַט צוגעגעסן און ער האָט גענומען סתּם האַקן מיטן האַמער איבער דער ראָד, ווו עס האָט זיך געלאָזן.

— וואָס טוסטו? וועסט צעהאַקן די שינע, און זי וועט ניט טויגן צום שווימען!

דייווי האָט יענעם אַ כאַפּ געטאָן פֿאַרן האַנט און זיך גענומען אָמ־פּערן(11), נאָר מיט אַ מאָל האָבן זיי ווי דערפֿילט דעם טומל, וואָס האָט זיך געהאַט אויפֿגעהויבן אין „גריכנלאַנד", און זיך גענומען צוקוקן. און דאָ שרײַען שוין ייִנגלעך פֿון דער ווײַטנס און ווײַזן אויף אַ מאַשין:

— אַ נעגערל פֿאָרט, אַ נעגערל פֿאָרט אויפֿן באָמפּער(12)! שלעפּ אים אַראָפּ.

בײַ זיי „אַראָפּשלעפּן" איז געווען אַ געוויינטלעכע זאַך. זיי האָבן גע־קאָנט אַרויפֿשפּרינגען און אַראָפּשפּרינגען אין מיטן פֿאָרן, טאַקע מיט גרויס ריזיקע, אָבער זיי האָבן געקאָנט.

---

5. חוצפּה — אַראָגאַנץ.
6. סקייטס — patines.
7. גענג — באַנדע, חבֿרה.
8. געוויקסיקער — הויכער.
9. גוטמוטיק — bondadoso.
10. שינע — llanta.
11. אָמפּערן זיך — קריגן זיך.
12. באָמפּער — defensa.



„... דייווי האָט אַ פּאַק געטאָן דזשימין פֿאַרן פֿוס"...

ווי דזשימי איז נאָר אַרײַנגעפֿאָרן אין „גריכנלאַנד", האָט ער דערזען, אַז מע שרײַט עפּעס צו אים און מע יאָגט זיך. אין אָנהייב האָט ער ניט פֿאַרשטאַנען, וואָס דאָס מיינט, נאָר ווען ער האָט דערזען, אַז אַ האַנט פֿון אַ ייִנגל אויף „סקייטס" גיט זיך אַ צי, און וויל אים אַ כאַפּ טאָן דעם פּוס, האָט ער אים אינסטינקטיוו צוגעכאַפּט און נאָך מער זיך צוגעדריקט צו דער מאַשין. און דאַ זעט ער — פֿון אַלע זײַטן לויפֿן ייִנגלעך און פֿון אַלע זײַטן ציִען זיך הענט, דריקט ער זיך אַלץ פֿעסטער אויף זײַן זיץ צו דער מאַשין, ווי ער וואָלט אין גאַנצן זיך געוואָלט אין איר אײַנפּרעסן.

דייווי און זײַן „גענג" האָבן פֿאַרגעסן אָן ראָד. ער האָט פֿלינק(1) אויפֿגעכאַפּט אָפּגעריסענע ווערטער, צייכנס פֿון אויפֿגעהויבענע הענט און ער איז האַסטיק אַראָפּ פֿון טראָטואַר.

פֿאַרבײַ האָט זיך דורכגעטראָגן דער באָס, און באַלד די מאַשין מיט דזשימין.

— דייווי, לאָז ניט, לאָז ניט! — האָט זײַן חבֿרה גענומען ליאַרעמען(2).

דזשימי האָט איצט ווי דערפֿילט די געפֿאַר(3). עס שרעקט אים אַזוי דאָס ווײַסע גרויסע ייִנגל, וואָס לויפֿט צו אים קרום פֿון טראָטואַר. ער וואָלט שוין איצט בעסער געוואָלט אַראָפּשפּרינגען, נאָר אינסטינקטיוו זעט ער די ראָד און דאָרטן דאָס בליציקע פֿינטעלע. בליץ-בליץ, אַזוי האַסטיק שנעל, און ער קאָרטשעט זיך(4) אין גאַנצן אײַן אויף זײַן געפֿערלעכן זיץ. ווי מיט טויזנט הענטלעך קלאַמערט ער זיך(5) אָן דער מאַשין, און מיט דער מאַמעס גרויסע, אויפֿגעריסענע אויגן גענומען קינדיש רופֿן:

— ניין, ניין!

דייווי האָט אים אַ פּאַק געטאָן פֿאַר אַ פּוס.

פּלוצלינג האָט זיך אין מיטן טומל אַרײַנגעשניטן אַ געשריי פֿול מיט שוידער(6) און טויטלעכן אַנגסט. דאָס האָט אַ ייִדישע פֿרוי פֿון מעדיסאָן־סטריט דערזען, ווי מע שלעפּט אַראָפּ דעם שוואַרצינקן פֿאַרן פּיסל, ווי ער לאָזט זיך נישט, און אָט־אָט פּלאָנטערט ער זיך אַרײַן(7) אין ראָד, און אַרויסגעלאָזט דעם אוממענטשלעכן געשריי.

אויף אַ רגע האָט זיך געדאַכט, אַז דאָס פֿאַרצווייפֿלטע(8) געשריי האָט איבערגעריסן און אָפּגעשטעלט די גאַנצע באַוועגונג פֿון דער ניו־יאָרקער

---

1. פֿלינק — גיך, רירעוודיק.
2. ליאַרעמען — שטאַרק שרײַען.
3. געפֿאַר — סכנה (peligro).
4. אײַנקאָרטשען זיך — אײַנקוועטשן זיך.
5. זיך אײַנקלאַמערן — צוהאַלטן זיך שטאַרק.
6. שוידער — שרעק (horror).
7. אַרײַנפּלאָנטערן זיך — אַרײַנדרייען זיך.
8. פֿאַרצווייפֿלט — desesperado.

גאַס; אויף די טראָטואַרן האָבן זיך די דורכגייער אומגעקוקט, זיך פֿאַר־האַלטן אַ סעקונדע — זען, וואָס דאָ איז. פֿון ביידע זײַטן מויערן, פֿון די רייען פֿענצטער, שטאָק איבער שטאָק, האָבן גענומען זיך אַרויסשטעקן קעפּ.

אַ גלאַנציקע גרינע מאַשין מיט רויטע פּאַסן האָט מיט איין מאָל, מיט אַ גרילץ פֿון די „ברייקס"(9), זיך אָפּגעשטעלט. אַ מאַן איז אַרויסגעשפּרונ־גען פֿון פֿאָדערשטן זיץ און זיך געלאָזט לויפֿן אויף צוריק. אין דער זעלבי־קער רגע איז שוין געוואָרן אַ געלאָף פֿון די טראָטואַרן צום מיטן גאַס, ווּ עס איז געלעגן אַ שוואַרץ פֿאַרבלוטיקט ייִנגל, וואָס האָט זיך געהאַלטן אין איין וויקלען און קאָרטשען, ווי ער וואָלט ניט געווען אַ מענטשלעך קינד, נאָר אַ צעטראָטן שלענגל.

דער מאַן פֿון מאַשין האָט אַ כאַפּ געטאָן דזשימין אויף די הענט.

— ווּ איז דאָ אַ שפּיטאָל? — האָט ער צעשראָקן אַ פֿרעג געטאָן.

זײַן פֿראַגע איז אָבער געווען איבעריק. פֿון אַלע זײַטן האָט מען גע־שריִען:

— גלײַך אין „בית-ישׂראל", דאָ נאָענט!

איינער אַ יונגער בחור האָט, גאָרניט פֿרעגנדיק, זיך אַ זעץ געטאָן בײַם רעדל און פֿײַל-פֿון-בויגן(10) געלאָזט די מאַשין צום שפּיטאָל „בית-ישׂראל".

## ה

פֿריִער ווי געוויינטלעך האָט זיך דייווי, מיט אַ שווער געפֿיל, אומגע־קערט אַהיים.

דאָס פֿאַרצווייפֿלטע געשריי פֿון דער ייִדישער פֿרוי האָט זיך ווי אײַנ־געגעסן בײַ אים אין די אויערן, געבליבן קלינגען און וויל גאָרניט אַוועק. אין יענער קליינער רגע, וואָס ער האָט אַראָפּגעשלעפּט דאָס נעגערל, האָט ער נאָך געכאַפּט אַ קוק הינטער זיך, און סע שטייט אים נאָך פֿאַר די אויגן, ווי דאָס נעגערל האָט זיך געקאָרטשעט אויף דער ערד, געוויקלט זיך אין יסורים(1). דייווין האָט עס ניט געלאָזט רוען, און אַן אומעטיקער און צעטראָגענער איז ער געקומען נאָך אין מיטן טאָג אין שטוב אַרײַן.

— פֿילסט זיך ניט גוט? — האָט אים די מאַמע אַ פֿרעג געטאָן.

— גאָרניט, — האָט ער קורץ געענטפֿערט.

דייוויס פֿאָטער איז געקומען פֿון דער אַרבעט, זיך באַגריסט. דערזען, אַז דייווי איז שוין דאָ, האָט ער אַ זאָג געטאָן:

— ביסט שוין דאָ? אַבי איך האָב דיך געזוכט אויפֿן גאַס.

---

9. ברייקס — frenos.
10. פֿײַל-פֿון-בויגן — דאָ: זייער גיך.

1. יסורים — לײַדן, ווייטיקן.

— עסן איז פֿאַרטיק, — האָט זיך אָנגערופֿן די מאַמע. — איך האָב מורא, אַז אים איז עפּעס, כאָטש ער זאָגט, אַז ס'איז גאָרניט, ווייסט דאָך זײַן נאַטור.

— דייווי, דיר איז עפּעס?

— ניין, פּאַ.

רופֿט זיך אָפּ די מאַמע:

— אָט, וואָס ער זאָגט, אַזאַ שיין וועטער(2), און שוין שעהען, אַז ער איז אין שטוב.

— אַז ער זאָגט „ניט", איז מסתּמא גאָרניט, ער איז ניט קיין בייבי, שוין אַ דערוואַקסענער ייִנגל... אוי, איר מאַמעס! — האָט דער טאַטע ווי צו זיך אַליין געזאָגט אויפֿן קול.

דער פֿאָטער האָט זיך געוווישט די הענט מיטן האַנטעך און פֿון וואַש־צימער געערעדט אין שטוב אַרײַן.

—איך האָב איצט אַזוינס געזען, וואָס איך האָב אין מײַן לעבן ניט געזען...

— וואָס? — איז די פֿרוי געוואָרן נײַגעריק(3).

— כ'גיי דאָ פֿאַרביי דעם שפּיטאָל, זע איך אַ רעדל מענטשן בײַם אַרײַנגאַנג, פֿאַרשטיי איך שוין, אַז ס'איז אַן „עקסידענט". מסתּמא גע־בראַכט אַן איבערגעפֿאָרענעם. ניט קיין נײַס. „דער אויטאָמאָביל איז גע־וואָרן דער מאָדערנער מלאך־המות"(4) — דערמאָנט זיך דער פֿאָטער אַ קעפּל פֿון אַ ייִדישער צײַטונג און רעדט עס אַרויס אין דער הויך. — כ'קום צו, דערלאַנג אַ קוק און זע אַזוינס, וואָס איך וואָלט ניט געגלייבט, ווען איך זע עס ניט מיט מײַנע אייגענע אויגן.

— דערצייל שוין! — רעדט אַרויס אַ ביסל דערשראָקן די מאַמע.

— כ'זע צווישן דעם רעדל מענטשן, אויף די טרעפּ פֿון שפּיטאָל, זיצט אַ שוואַרצע און יאָמערט, וויינט אויפֿן קול, רײַסט זיך די האָר אויפֿן קאָפּ, ברעכט זיך די פֿינגער, קנײַפּט זיך, ווי זי וואָלט וועלן אויסרײַסן פֿון זיך שטיקלעך פֿלייש, און — הערסטו! — יעדעס פּיצל אויף איר פּנים, די הויט אויף די הענט ציטערט, גאָר פּשוט — די הויט אויף די הענט...

— וואָס האָט געטראָפֿן?

דייווי האָט זיך אַ הייב געטאָן פֿון אָרט און איז בלייך(5) געוואָרן.

— אין אָנהייב האָב איך געמיינט: אַ משוגענע, און דער עולם שטייט אַרום איר. אָבער זי האָט געהאַלטן אין איין קלאָגן אויפֿן קול:

„זוניו... מײַן אײנציקער... מײַן טײַערער... מײַן ייִנגל!"...

---

2. שיין וועטער — buen tiempo.
3. נײַגעריק — פֿאַראינטערעסירט.
4. מלאך־המות — מלאך פֿון טויט.
5. בלייך — בלאַס, ווײַס.

— עס האָט פֿאַרכאַפּט ביים הארצן. איך האָב אַ פֿרעג געטאָן, וואָס דאָס איז, ערשט ווייזט זיך אַרויס, אַז היינט ביי טאָג, דאָ ניט וויט, האָבן „לויפֿערס"(6) אים אַראָפּגעשלעפּט פֿון אַ מאַשין, און ער איז איבערגעפֿאָרן געוואָרן...

— אויף טויט? — האָט די מאַמע אין איין אָטעם אַ פֿרעג געטאָן.

— מע ווייסט ניט.

— אַן איין-איינציקער! — באַדויערט די מאַמע. — אָבער וואָס זיצט זי אויף די טרעפּ, פֿאַר וואָס ניט אינעווייניק?

— דאָס האָב איך אויך געפֿרעגט. ווייזט זיך אַרויס, אַז זי האָט אַזוי געוואַלדעוועט אין שפּיטאָל, אַז מען האָט זי געמוזט אַרויספֿירן. אָבער אַזאַ צער, אַזאַ צער(7) האָב איך נאָך ניט געזען. — רעדט דער פֿאָטער, ווי ער וואָלט זי נאָך געזען פֿאַר די אויגן. — אַבי מע זאָגט: ייִדישע מאַמעס...

— וואָס מיינסטו, קנאַפּ פֿאַלן מיר איין די בלוטן צוליב דייווין?

דייווין איז געוואָרן היים, ער האָט אָנגעהויבן פֿילן, ווי דאָס אָרט ברענט אונטער אים, און מורא געהאַט צו קוקן אויף טאַטע-מאַמע.

— און ווייסטו, וואָס איך וועל דיר זאָגן, — זעצט זיך איין דער פֿאָטער ביים טיש און נעמט זיך צום עסן, — ווען עס וואָלט ניט געווען אַ שוואַרצער, וואָלטן אים די ווייסע שטיפֿערס ניט אַראָפּגעשלעפּט.

דייווי האָט געהאַט צוגעטראָגן אַ שטיקל ברויט צום מויל און עס אַראָפּגעלאָזט צוריק. די מאַמע האָט געזאָגט:

— אָ, וואָס דו רעדסט, ווינציק שלעפּן זיי איינע די אַנדערע?

דייווי האָט געוווּסט, אַז דער פּאַ האָט אָנגעהויבן, וועט ער שוין וועגן דעם רעדן. די מאַמע וועט זיך מיט אים אַמפּערן(8). אַן אַנדעריש מאָל האָט ער עס ניט ליב, איצט וויל ער, זיי זאָלן זיך פֿאַררעדן. אָ, ווען ער קאָן שוין אַוועק פֿון שטוב...

— ווו גייסטו, דייווי? האָסט דאָך עפּעס גאָרניט געגעסן?

— ערנסט, פּאַ, איך וויל ניט מער, כ'וויל זיין אין גאַס.

ו

דייווי איז אַרויס אין גאַס און מיט עקשנות געטראַכט, אַז ער איז ניט שולדיק: יענער האָט זיך ניט געלאָזט אַראָפּשלעפּן... און פּאַ איז ניט גערעכט, מיט אַ ווייסן וואָלט ער אויך געטאָן דאָס אייגענע... דייווי כאַפּט זיך פּלוצלינג: וואָלט ער מיט אַזאַ קליין ווייס ייִנגל טאַקע אויך געטאָן דאָס אייגענע?

---

6. לויפֿערס — דאָ: גאַסן-ייִנגלעך.
7. צער (צאַאַר) — ליידן, ווייטיק.
8. אַמפּערן זיך — דיסקוטירן.

פֿאַר וואָס גייט ער צום שפּיטאָל, וואָס האָט ער דאָרט צו טאָן? בעסער ניט גיין דאָרטן. ער בלײַבט שטיין — און גייט ווײַטער צום שפּיטאָל. אָט זעט ער שוין דאָס געזעמל(1) מענטשן בײַם אַרײַנגאַנג. דאָס מוז זײַן, וואָס פּאַ האָט דערציילט. ער בלײַבט ווידער שטיין און מיט אַ מאָל, ווי ער וואָלט געוואָלט באַווײַזן, אַז עס אַרט אים ניט, איז ער האַסטיק צוגעגאַנגען.

אויף די טרעפּ פֿון שפּיטאָל האָט ער באַלד דערזען די שוואַרצע. „דאָס איז 'זײַן' מאַמע", — האָט ער אַ קלער געטאָן.

אַרום זיך האָט ער דערהערט פֿראַגעס און ענטפֿערס. דער עולם(2) האָט זיך געהאַלטן אין איין בײַטן.

— איבערגעפֿאָרן.

— אויף טויט?

— זיצט שוין שעהען.

— שמײַסן וואָלט מען זיי באַדאַרפֿט!...

אָבער די אַלע רייד זײַנען פֿאַרבײַ זײַנע אויערן. ער האָט ניט געקאָנט אָפּרײַסן זײַן קוק פֿון דער שוואַרצער. איצט איז זי שוין געזעסן אָן אײַנגע־שטילטע, אָבער נאָך אַלץ אין שטילן יאָמער(3) גערעדט:

„זוניו... מײַן יינגל... כ'וועל דיך שוין ניט זען"...

אירע יאָמערדיקע רייד האָבן אים מאָדנע אַ צופּ(4) געטאָן בײַם האַרצן. אים האָט זיך פֿאַרוואָלט צוגיין צו איר און זאָגן: „הער אויף. איך בין עס דאָס יינגל, וואָס האָט אים אַראָפּגעשלעפּט. נאַ, טו מיט מיר, וואָס דו ווילסט, אָבער הער אויף". ער איז אָבער געשטאַנען, ווי אַ צוגעשמיד־טער(5), און בלויז געקוקט.

מיט אַ מאָל האָט זיך די טיר פֿון שפּיטאָל געעפֿנט. אַ יונגער דאָקטאָר אין אַ ווײַסן כאַלאַט האָט זיך באַוויזן, באַטראַכט אַ ווײַלע דאָס געזעמל מענטשן, געכאַפּט אַ קוק אויף דער יאָמערנדיקער שוואַרצער, זי אויפֿגע־הויבן און אַרײַנגעפֿירט אינעווייניק.

— זעט, מען האָט זי אַרײַנגענומען, — האָט זיך אָנגעהויבן אַ גערייד.

— צו נעמען בלוט, — האָט איינער אין עולם אַ זאָג געטאָן. — אַ נוירס(6) האָט געזאָגט, אַז מע זוכט אַ מענטשן צו נעמען בלוט.

דייוווין האָט אַ קלאַפּ געטאָן אין האַרצן. ער האָט אַפֿילו אַ רגע ניט געטראַכט, ער האָט אַ בייג געטאָן דעם קאָפּ, ווי ער וואָלט דאָ געגאַנגען האָבן אַ „פֿײַט"(7) מיט עמעצן, מיט האַרץ אַן עפֿן געטאָן די טיר און אַרײַן אין שפּיטאָל.

---

1. געזעמל — גרופּע.
2. עולם — דאָ: די מענטשן.
3. יאָמער — שמאַרק געוויין.
4. צופּ — ריס.
5. צוגעשמידט — ניט געקאָנט זיך רירן.
6. נוירס — קראַנקן־שוועסטער.
7. פֿײַט — געשלעג, באָקס.

אין שפיטאָל האָט שוין געברענט די עלעקטרע, און באַגעגנט האָט אים אַ פרעמדע וועלט און אַ פרעמדער ריח — דער מאָדנער שפיטאָל־ריח. אים האָט אַ בליץ געטאָן אַ געדאַנק, צי זאָל ער ניט אַרויס צוריק, אָבער געפילט, אַז צוריק וועט ער שוין ניט גיין, האָט ער זיך אַרומגעקוקט און ער האָט דעריזען אַן עלטערע קראַנקן־שוועסטער אַרויסקומען פון עלעוואַטאָר, איז ער צו איר צוגעגאַנגען.

— וואָס דאַרפסטו?

— איך בין געקומען געבן בלוט.

די קראַנקן־שוועסטער האָט ניט פאַרשטאַנען, וואָס ער רעדט.

— וואָס, וואָס דאַרפסטו?

— געבן בלוט פאַרן שוואַרצן ייִנגל.

די עלטערע שוועסטער האָט ניט געוווּסט וואָס צו זאָגן און מיט פאַרוווּנדערונג געקוקט אויף אים. דאָס האָט דייוויין אַ ביסל צעמישט.

— ווער האָט דיך געשיקט אַהער?

— כ׳בין אַליין געקומען.

— אַליין? געקומען געבן בלוט פאַר אַ שוואַרצן ייִנגל? — האָט זי איבערגעפרעגט.

— יאָ.

— מיראַ, — האָט די שוועסטער אַ רוף געטאָן און זיך אַ קער געטאָן צום מיידל בײַם טעלעפאָן, — זײַט אַזוי גוט און פאַרבינדט מיך מיט ד״ר קאָן.

— ד״ר קאָן? — האָט די שוועסטער גערעדט אין טעלעפאָן. — אַ זאַך וואָס האָט צו טאָן מיט אײַך. אַ ווײַס ייִנגל איז געקומען געבן בלוט פאַרן נעגער־ייִנגל, וועמען איר האָט פריִער אָפּערירט. וואָס פאַר אַ ייִנגל? זעט אויס אַ ייִדישער... — ביסט דאָך אַ ייִדישער? — האָט זי אַ פרעג געטאָן דייוויין אין מיטן שמועס. — יאָ, אַ ייִדישער. אַליין געקומען? יאָ. איך פאָר שוין אַרויף מיט אים צו אײַך.

דייווי איז שוין איצט געשטאַנען רויִק. עפּעס איז אים אַראָפּ אַ שווערקייט פון דער נשמה. און ער האָט געוווּסט, וואָס עס וועט זײַן.

ז

ווען זיי זײַנען אַרויפגעפאָרן צו ד״ר קאָן, איז ער זיי געקומען אַנטקעגן. אַן עלטערער, אַ גרויליכער, האָט ער עפּעס אַזוי שאַרף און קרומלעך געקוקט און קורץ און גיך אַ פרעג געטאָן:

— וואָס פאַר אַ געשיכטע?

— געקומען געבן בלוט פאַרן נעגערל... פרעגט אים, דאָקטאָר.

— וואָס פאַר אַ בלוט? — האָט דער דאָקטאָר בייז אַ ברום געטאָן. — ווער האָט דיך געשיקט אַהער?

— אליין געקומען.

ד"ר קאַן האָט ווי ניט געהערט דייוויס ענטפער און ווײַטער גיך אין כּעס אָנגעהויבןריידן אין ייִדיש:

— טאַטע־מאַמע געשיקט... אַ נײַע פּרנסה בײַ ייִדן: שיקן יונגע קינדער בלוט געבן...

דייווי האָט פאַרשטאַנען, וואָס דער דאָקטאָר מיינט, און האָט געזאָגט:

— כ'בין אליין געקומען... און דאָס האָב איך אים אַראָפּגעשלעפּט פֿון מאַשין...

דער ד"ר קאַן האָט זיך פֿאַרהוסט, ווי ער וואָלט זיך פֿאַרשטיקט מיט אַ וואָרט.

— וואָ־אָ־ם? — האָט ער אויסגעצויגן און דירעקט אָנגעשטעלט זײַן בליק אויף דייווין.

דייווי האָט איצט געקוקט דעם דאָקטאָר גלײַך אין די אויגן, ווי איינער זאָגט: וואָס קוקט איר אַזוי אויף מיר? און מיט עקשנות(1) אַרויסגערעדט:

— יאָ, איך האָב אים אַראָפּגעשלעפּט.

ד"ר קאַן האָט זיך איצט ווי צעשריִען:

— פֿריִער וועסטו אַראָפּשלעפּן, נאָך דעם וועסטו קומען געבן בלוט? שמײַסן, קאַטעווען(2) דאַרף מען אײַך! און וואָס איז דאָס פֿאַר אַן אַרבעט — זיך אָנהענגען אויף מאַשינען און אַראָפּשלעפּן!....

ד"ר קאַן האָט זיך אַ ביסל באַרויִקט, אָבער נאָך אַלץ גיך און האַרט גערעדט:

— ווייסט, ווי אַזוי מע גיט בלוט? ווײַז דײַן האַנט! זעסט, מע וועט דיר דאָ אײַנשנײַדן דעם אָדער... דו ווייסט, אַז דאָס טוט וויי? — האָט ער געמאַכט אַ שטרענג פּנים.

— איך ווייס.

— און ווילסט זיך לאָזן?

— יאָ.

— וואָס וועט דײַן טאַטע־מאַמע זאָגן?

— זיי טאָרן ניט וויסן.

בײַ ד"ר קאַן האָט זיך מיט אַ מאָל דער גאַנצער אויסדרוק געביטן. אין די שאַרפֿע אויגן האָט אַ בליץ געטאָן אַ מילדקייט(3) און אַ צופֿרידנקייט. ער האָט איצט אַ רוף געטאָן דייווין:

— קום מיט מיר.

---

1. עקשנות (אַקשאָנעס) — אײַנגעשפּאַרטקייט (terquedad).

2. קאַטעווען — שטאַרק שלאָגן.

3. מילדקייט — ווייכקייט, גוטסקייט.

אויטאָמאַטיש איז אים דייווי נאָכגעגאַנגען.

ד"ר קאָן האָט אים אַרייַנגעפֿירט אין אַ זאַל מיט קראַנקע. דייווי האָט דערזען רייען בעטלעך מיט קינדער פֿון פֿאַרשיידענעם עלטער אויף זיי. ד"ר קאָן האָט אָנגענומען דייווין פֿאַרן אַקסל און אים צוגעשטופּט צו אַ בעטל.

— דערקענסט?

אויפֿן בעטל, אויף אַ ווייַסן קישן איז געלעגן אַ שוואַרץ קעפּל, דורכגעשניטן מיט ווייַסע באַנדאַזשן. מען האָט כמעט דאָס פּנים ניט אַרויסגעזען, נאָר צוויי גרויסע אויפֿגעריסענע אויגן האָבן אַרויסגעקוקט.

— זעסט, וואָס דו האָסט געטאָן?

דייווין האָט פֿאַרכאַפּט דער אָטעם.

— נו, גוט, — האָט ד"ר קאָן פּלוצלינג אָנגעהויבן ריידן אויסערגעוויינלעך פֿרייַנדלעך, — חרטה(4) איז אַ גרויסע זאַך, אָבער נאָך אַ מאָל זאָלסטו מיט קיינעם אַזוינס ניט טאָן. — אָבער נאָך אַ האָר וואָלט ער געשטאָרבן. ביי אַזעלכע ייִנגלעך ווי דו נעמט מען ניט קיין בלוט. נו, גיי אַהיים און זיי אַ וויל בחורל...

דייווי האָט אָנגעהויבן אַרויסגיין פֿון זאַל, נאָר פּלוצלינג זיך אומגעקערט,צוגעגאַנגען צו דזשימיס בעטל, מיט די פֿינגער זיך צוגערירט פֿאַרזיכטיק צום אייבערדעק און אַ פֿרעג געטאָן:

— טוט וויי?

דאָס שוואַרצע קעפּל מיט די אויפֿגעריסענע אויגן האָט זיך אַ ריר געטאָן:

— יאָ.

— האָסט באַדאַרפֿט זיך לאָזן אַראָפּשלעפּן, — האָט דייווי ווייַטער שטיל אַ זאָג געטאָן, — איך האָב ניט געמיינט...

דזוויי האָט געוואָלט נאָך עפּעס זאָגן, נאָר ניט געפֿונען קיין ווערטער, האָט ער זיך אויסגעדרייט און איז מיט פֿאַמעלעכע טריט אַרויס פֿון זאַל.

ד"ר קאָן איז געשטאַנען און דאָס צוגעקוקט.

---

4. חרטה (כאַראָטע) — arrepentimiento.



## מאַטעס אָליצקי — אַ תפילה פאַר דער גרויסער שטאָט

קומט, לאָמיר בעטן
אין מיטן העלן טאָג:
פאַר מענטשן אין די באָסעס(1),
פאַר מענטשן אויפן ראָג(2).

עס זאָל בשלום קומען
פון שול אַהיים דאָס קינד;
עס זאָל דער טאַטע טרעפן
געזונט זײַן הויזגעזינד(3).

פאַר אַלטע לאָמיר בעטן,
פאַר יונגע אין געיאָג;
פאַר אַלע, אַלע מענטשן
אין מיטן העלן טאָג.

קומט, לאָמיר אַלע בעטן,
די נאַכט זאָל זײַן אַ נאַכט;
מיט פינצטערניש אויף שויבן,
מיט טירן צוגעמאַכט;

מיט קינדער אין די היימען,
און עלטערן מיט זיי;
מע זאָל אויף שטילע גאַסן
ניט הערן קיין געשריי;

דער שלאָף זאָל רויִק קומען
צו יעדער מידער שוועל(4),
צו קראַנקע אין שפּיטאָלן,
צום פרעמדן אין האָטעל.

## אַ מעשה פון הערשעלע אָסטראָפּאָליער

הערשעלע אָסטראָפּאָליער איז געווען אַ ייִד אַן אָרעמאַן, אָבער אַ גרויסער וויצלינג(1). ער פלעגט פרייִלעך מאַכן אַלע מענטשן און אָפּטאָן פאַרשיידענע שפּיצלעך(2), באַזונדער אָבער האָט ער ליב געהאַט אויסצולאַכן שלעכטע און קאַרגע מענטשן.

איין מאָל איז ער געקומען צו אַ רײַכן פּראָצענטניק(3), זייער אַ קאַרגער מענטש, און אים געבעטן, ער זאָל אים באָרגן אַ זילבערנעם לעפל. דער קאַרגער מאַן האָט זייער נישט געהאַט קיין חשק צו לײַען דעם לעפל,

---

1. באָס — אויטאָבוס.
2. ראָג — ווינקל גאַס.
3. הויזגעזינד — מישפּחה.
4. שוועל — umbral.

1. וויצלינג — שפּאַסמאַכער.
2. שפּיצל — שפּאַס.
3. פּראָצענטניק — וואָס לײַט געלט אויף פּראָצענטן.

אָבער ער האָט מורא געהאַט פֿאַר הערשעלען, ער זאָל אים נישט אַפּטאָן עפּעס אַ שפּיצל, האָט ער מיט אַ שווערן האַרצן אים געגעבן דעם לעפֿל.
מיט עטלעכע טעג שפּעטער קומט הערשעלע אַסטראַפּאַליער און ברענגט אָפּ דעם גבֿיר זײַן זילבערנעם לעפֿל — מיט נאָך אַ קליין לעפֿעלע דערצו.
דער קאַרגער וווּנדערט זיך: פֿון וואַנען האָט זיך גענומען דאָס קליינע לעפֿעלע?... — אײַער לעפֿל האָט זיך בײַ מיר געלעפֿלט, — זאָגט הערשעלע מיט אַ תמעוואַטער(4) מינע, — יאָ־יאָ, ער האָט געבוירן אַ קליין לעפֿעלע. נו, ס׳איז דאָך אײַערס, האָב איך אײַך געבראַכט די מאַמע מיט דעם יינגעלע.
דער קאַרגער פּראַצענטניק האָט מער קיין קשיות נישט געפֿרעגט און אויף גיך צוגענומען ביידע לעפֿל — דעם גרויסן מיטן קליינעם.
אין אַ וואָך אַרום איז הערשעלע אַסטראַפּאַליער ווידער געקומען צום קאַרגן און געבעטן, ער זאָל אים לײַען אַ זילבערנעם בעכער(5). דאָס מאָל האָט יענער שוין נישט געטראַכט אַזוי לאַנג און אים געגעבן אַ גרויסן זילבערנעם בעכער.
אין דרײַ טעג אַרום איז הערשעלע געקומען צום גבֿיר און אים גע־בראַכט צוזאַמען מיטן גרויסן בעכער — אַ קליין בעכערל.
— ווידער? — וווּנדערט זיך דער גבֿיר, אָבער שוין נישט אַזוי שטאַרק.
— וווּנדער איבער וווּנדער! — ענטפֿערט אים הערשעלע. — אויך דער בעכער אײַערער האָט זיך געבעכערט און געהאַט אַ קליין בעכערל. האָב איך עס אײַך געבראַכט, ס׳איז דאָך אויך אײַערס.

---

4. תמעוואַטע (טאַמעוואַטע) — ingenuo.
5. בעכער — כּוס — copa.



דער גבֿיר האָט שייז־פֿײַן און אויף גיך צוגענומען ביידע בעכערס, דעם גרויסן מיט דעם קליינעם, און האָט געזאָגט צו הערשלען:

— אפֿשר דאַרפֿט איר נאָך עפּעס, וועל איך אײַך באַרגן מיטן שענסטן כּבֿוד.

— איך ווייס? איך דאַרף טאַקע עפּעס, אָבער... יאָ, איך דאַרף טאַקע האָבן אויף עטלעכע טעג אַ זייגער...

דער קאַרגער גבֿיר האָט גלײַך אַרויסגענומען זײַן גאָלדענעם זייגער מיט אַ קייטל, אויסגעזעצט מיט בריליאַנטן, און עס געגעבן הערשלען:

— איך לײַ דיר דעם זייגער, ווײַל איך זע, דו ביסט אַן אָרנטלעכער מענטש.

עס גייען אַוועק עטלעכע טעג, אַ וואָך און צוויי — און הערשל ווײַזט זיך נישט צום גבֿיר. נאָך אַ וואָך־צוויי, ווערט שוין דער גבֿיר אומגעדולדיק און גייט אַליין צו הערשלען. טרעפֿט ער אים זיצן פֿאַרטרויערט.

— וואָס איז געשען, הערשל?

— אוי־וויי, אַן אומגליק איז געשען — אײַער זייגער איז געשטאָרבן!...

האָט דער גבֿיר זיך צעשריגן:

— וואָס דרייסטו מיר אַ קאָפּ „געשטאָרבן” — ווי קאָן אַ זייגער שטאַרבן?

האָט אים הערשעלע אָפּטראָפּאָליער געענטפֿערט תּמעוואַטע:

— נו, רב גבֿיר, זאָגט מיר: ווי קאָן אַ לעפֿל זיך לעפֿלען? און ווי קאָן אַ בעכער זיך בעכערן? אַז אַ לעפֿל און אַ בעכער קאָנען געבוירן קינדער, פֿאַר וואָס זשע זאָל אַ זייגער נישט קאָנען שטאַרבן?...



## מילך פֿאַר אַרבע כּוסות
### (אַ פֿאָלקס־מעשׂה)

שלמה סיימאָן

עס איז געווען דרײַ טעג פֿאַר פּסח. אין שטיבל, ווו דער רבֿ מיט דרײַ באַלעבאַטים(1) פֿון שטעטל זענען געזעסן און געטיילט און גענומען מעות־חיטים(2), איז מען געשטאַנען קאָפּ אויף קאָפּ. עס זענען געקומען צו געבן מעות־חיטים די, וואָס האָבן פֿאַרשפּעטיקט צו ברענגען עס פֿריִער, ווײַל זיי האָבן נאָך ניט געהאַט די גאַנצע סומע, וואָס זיי האָבן אויף זיך גענומען

1. באַלעבאַטים — דאָ: חשובֿע ייִדן.

2. מעות (מאָעס)־חיטים — באַ־שטײַערונג, וואָס ייִדן פֿלעגן געבן פֿאַר אָרעמע אויף פּסח.

צו געבן. עס זענען אויך געקומען די, וואָס האָבן נאָך אַלץ געהאַפּט, אַז זיי וועלן ניט דאַרפֿן נעמען, נאָר געבן.

זלמן, אַ שיינער ייִד(3), וואָס האָט אַלע מאָל געגעבן אויף מעות-חיטים מיט אַ ברייטער האַנט, איז געשטאַנען און געוואַרט געדולדיק, ביז אַלע זענען זיך צעגאַנגען. ווען ער איז געבליבן אויג אויף אויג מיטן רבֿ און די דריַי באַלעבאַטים, איז ער, אַ בלייכער, צוגעגאַנגען צום טיש און מיט אַ ציטערדיקער האַנט דערלאַנגט דעם קאַסירער פֿינף און צוואַנציק קאָפּיקעס און געזאָגט:

— דאָס איז אַלץ, וואָס איך קען געבן היַינטיקס יאָר.

איינער פֿון די דריַי באַלעבאַטים האָט זיך אָנגערופֿן:

— סטיַיטש(5), רב זלמן, אָרעמעליַיט האָבן זיך פֿאַרמערט דאָס יאָר, און איר?...

זלמן האָט אים ניט געלאָזט פֿאַרענדיקן און געענטפֿערט מיט אַראָפּגע־לאָזענע אויגן און מיט אַ פֿאַרשטיקט קול:

— מער געבן קען איך ניט.

קיינער האָט מער גאָרנישט געפֿרעגט. דער רבֿ האָט זיך אויפֿגע־שטעלט, אים דערלאַנגט די האַנט און געזאָגט:

— נו, רב זלמן, אַ יישר כּוח(6). אַ דאַנק. זאָל איַיך גאָט העלפֿן, אַז איבער אַ יאָר זאָלט איר קענען געבן מיט דער פֿולער האַנט ווי אַלע מאָל.

— אָמן, — האָט געענטפֿערט זלמן מיט פֿאַרטרערטע אויגן.

ער איז ניט אַוועק פֿון טיש. ער איז געשטאַנען מיט אַן אַראָפּגעלאָזע־נעם קאָפּ און זיך ניט גערירט פֿון אָרט. ער האָט אַ זיפֿץ געטאָן און אַ שאָקל געטאָן מיטן קאָפּ, ווי איינער האָט ביַי זיך אָפּגעמאַכט איַינצו־שטעלן(7), און אַ זאָג געטאָן צום רבֿ:

— רבי, איך וויל פֿרעגן ביַי איַיך אַ שאלה, אַ דין(8).

— רב זלמן, — האָט דער רבֿ געזאָגט, — עס איז שוין שפּעט, אפֿשר קאָנט איר עס אָפּלייגן אויף מאָרגן נאָכן דאַווענען?

זלמן האָט אַ דריי געטאָן מיטן קאָפּ:

— ניין, רבי, מע קאָן עס ניט אָפּלייגן.

דער רבֿ האָט אויף אים אַ קוק געטאָן, דערזען זיַין בלייך פּנים און געזאָגט:

— נו, פֿרעגט, רב זלמן!

זלמן האָט גערעדט שטיל, כּמעט געשעפּטשעט(9):

---

3. שיינער ייִד — דאָ: חשובֿער.

5. סטיַיטש — וואָס הייסט?

6. אַ יישר־כּוח (יאָשער קויעך) — אַ גרויסן דאַנק.

7. איַינשטעלן — ריזיקירן.

8. דין — געזעץ.

9. שעפּטשען — murmurar.

— רבי, ווײַן איז מיט גאָלד צו גלײַך. אפשר קען איך נוצן מילך אויף די פיר כּוסות און ניט קיין ווײַן?
דער רבֿ האָט זיך אַ ווײַלע פֿאַרטראַכט און אים געפֿרעגט:
— און וויפֿל קינדערלעך, זאָלן געזונט זײַן, האָט איר?
— אַכט, רבי, — האָט ער געענטפֿערט מיט אַן אַראָפּגעלאָזענעם קאָפּ.
דער רבֿ האָט אויף גיך אַ רעכן געטאָן און זיך אַ קער געטאָן צום קאַסירער:
— רב ברוך, גיט אים פֿופֿצן רובל מעות חיטים!
זלמן האָט צוגענומען דאָס געלט, געעפֿנט דאָס מויל צו באַדאַנקען און ניט געקענט.
דער רבֿ האָט זיך גוטמוטיק אַ בייזער געטאָן(10):
— וואָס איז מיט אײַך, רב זלמן? זעכצן יאָר האָט איר געגעבן מעות־חיטים מיט דער פֿולער האַנט. איין יאָר נעמט איר. גאָט וועט העלפֿן, און איבער אַ יאָר וועט איר ווײַטער געבן. גייט אַהיים און האָט אַ פֿרייִלעכן פּסח.
ווען זלמן איז אַרויס, האָט דער קאַסירער געזאָגט צום רבֿ:
— רבי, פֿאַר וואָס האָט איר אים געגעבן פֿולע פֿופֿצן רובל? אים האָט געפֿעלט נאָר ווײַן אויף פּסח, דערפֿאַר האָט ער געפֿרעגט, צי ער קען נוצן מילך. ווײַן וועט אים מער ווי צוויי־דרײַ רובל ניט קאָסטן.
דער רבֿ האָט זיך צעשמייכלט און געזאָגט צום קאַסירער:
— אײַ־אײַ, רב ברוך! איר האָט דאָך אַ שאַרפֿן קאָפּ און איר האָט זיך ניט געכאַפּט, וואָס דאָ איז געשען. רב זלמנען פֿעלט ניט נאָר דער ווײַן אויף פּסח, נאָר ער האָט ניט קיין מצה, פֿיש און פֿלייש. בײַ אים איז אַ פּוסטע שטוב, אָבער ער האָט זיך געשעמט עס צו זאָגן און בעטן מעות־חיטים, ווי אַלע אָרעמעלײַט. ניט געוווינט צו דעם. אָט איז ער גע־ווען אַ געבער און איצט געוואָרן אַ נעמער. האָט ער עס אָנגעטײַט אויף אַן איידעלן(11) אופֿן. אויב ער וואָלט געהאַט פֿלייש בײַם סדר, ווי וואָלט ער פֿאַרטרונקען מיט אַ כּוס מילך?
— גאָר ניט אײַנגעפֿאַלן מיר, אַז עס איז בײַ אים אַזאַ אָרעמקייַט. אויב אַזוי, האָבן מיר אים ניט געגעבן גענוג. אַכט קינדערלעך, זאָלן לעבן!
— איך ווייס, — האָט דער רבֿ געענטפֿערט, — געדאַרפֿט געבן מער. עס איז אָבער אַ שווער יאָר.
— נו, וועל איך צולייגן פֿון מײַן קעשענע, — האָט דער קאַסירער גע־זאָגט. שיקט אים צו, מאָרגן נאָכן דאַווענען, נאָך דרײַ רובל אויף מײַן חשבון.

---

10. בייזערן זיך — זײַן אין כּעס. 11. איידל — דעליקאַט.



## מאַני לייב — אין דעם בוך פֿון וויסן

קליינע הענטלעך זוכן אין דעם בוך פֿון וויסן:
וווּנדער איבער ווונדער וואַקסן פֿון די בלעטער;
בלויע טײַכן וואַסער פֿון לבֿנה פֿליסן(1);
אינדזולען אויף די וואָלקן, פֿליגלדיקע געטער.

פֿיש, ווי די לבֿנות, שלעסער איבער ימען,
שלאַנגען, ווי די פֿייגל איבער רעגנבויגן(2);
מענטשן, ווי דיביימער, אַנגעטאָן אין שטאַמען(3),
ביימער, ווי די חיות, מילך פֿון הימל זויגן(4).

שריפֿט פֿון אַלטע צײַטן, וואָס די ווינטן שרײַבן
איבער די מזלות(5), איבער אַלע שטעגן(6);
רעטענישן טיפֿע, וואָס חכמים קלײַבן,
און אין ביכער בלײַבן, און וואָס קינדער פֿרעגן.

---

1. פֿליסן — גיסן זיך.
2. רעגנבויגן — arco iris.
3. שטאַמען — troncos.
4. זויגן — chupar.
5. מזלות (מאַזאָלעס) — דאָ: קאָנס־טעלאַציעס פֿון שטערן.
6. שטעגן — וועגן.

## לייב אָליצקי

# דער שולטאָוול און דאָס קרײַדל

דער שוואַרצער טאָוול פֿון דער שול
געוואָרן איז אַנומלט(1)
צעמישט און דול(2)
(די שילער האָבן שטאַרק געטומלט)
און מיטן קרײַדל אָנגעהויבן זיך צו קריגן:
— „גענוג געשוויגן!
וואָס קריכסטו, ווײַסער חבֿרהניק, אַרום
אַהין־אַהער אויף מיר, און גלײַך און קרום,
און מאַכסט מיך מעליק(3) גאָר אין גאַנצן?
אַן עק!
אַוועק
צו אַלדי ווײַסע רוחות טאַנצן!"
דאָס קרײַדל שמייכלט ווײַס
און, ווי אַ קלוגער גרײַז(4),
רעדט שטיל עס און געלאַסן(5),
אָן בייזער און אָן שפּאַסן:
— „הער, טאָוול, אוים:
וואָס קומט אַרוים
דערפֿון, וואָס רעדסט מיט שוואַרץ אַליין?
דײַן שוואַרץ־לשון וועט קיינער נישט פֿאַרשטיין.
קוים ווילסטו נישט בלויז רעדן צו דעם בוידעם,
דערלויב מיר קודם(6)
פֿאַרשרײַבן דײַנע טענות(7) ווײַס אויף שוואַרץ,
זיי זאָלן זיך צום מענטש אין אויג דערקלײַבן.

1. אַנומלט — דאָ ניט לאַנג.
2. דול — צעדרייט, משוגע.
3. מעליק — ווײַס ווי מעל.
4. גרײַז — אַלטער מאַן.
4. געלאַסן — רויִק, גיט געאײַלט.
6. קודם — פֿריִער.
7. טענות — פּרעטענזיעס.

און כ׳שווער דיר ביי דער ווייסקייט פֿון מיין האַרץ —
ווי יענע וועלן פּסקענען(8), אַזוי וועט עס פֿאַרבלייבן".



קוים קאָנסטו אָן דעם חבֿרס הילף זיך נישט באַגיין,
צו וואָס זשע זאָלסטו קעגן אים אין גרויסן(9) שטיין?

| חיים ליבערמאַן | פֿאַר ארץ-ישׂראל |
|---|---|



ווען די מעשׂה האָט זיך אָנגעהויבן, בין איך נאָך געווען גאַר-גאַר אַ קליין יינגל — נאָך אַפֿילו קיין רש״י(1) ניט געהאַט געלערנט. אַ קליין יינגל אין אַ קליין שטעטעלע, אַ ייִדיש שטעטעלע אין אַלטן רוסלאַנד, ווען דאָרטן זיינען נאָך ייִדישע שטעטלעך געווען. אוי, געווען — און מער נישטאָ!...

ניט קיין געוויינלעכע צייט איז דעמאָלט געווען אין דעם קליינעם שטעטעלע. דאָס פּיצל שטעטעלע איז דעמאָלט פּלוצלינג אַזוי ווי גרויס געוואָרן, אויסגעוואַקסן ביי גאָט. און ניט ווי עס וואָלט געשטאַנען אויף דער ערד, נאָר ווי עס וואָלט איבער נאַכט פֿליגל געקראָגן און געשוועבט אין די וואָלקנס, געפֿלויגן איבער זיינע אייגענע דעכער און קוימענס — צוזאַמען מיט זיינע ייִדן... און אונדז, קליינוואַרג, האָט זיך אויך געדאַכט, אַז מיר זיינען געוואָרן גרויסע און מיר פֿליִען אויך אין איינעם מיט אונדזערע טאַטעס...

וואָס אַזוינס איז געשען מיט דעם שטעטעלע?

פֿון דער גרויסער וועלט האָבן זיך אַהין דערטראָגן זייער מאָדנע נייעסן. מען האָט געשמועסט, אַז די ייִדן פֿון דער גאַרער וועלט ווילן זיך צונויפֿנעמען, אָפּקויפֿן ארץ-ישׂראל ביים טערק, נעמען קינדער און רינדער, האַק-און-פּאַק(2) און אַוועקפֿאָרן קיין ארץ-ישׂראל, קיין ציון ווירושלים! און דערציילט האָט מען, אַז גרויסע אסיפֿות ווערן שוין אָפּגע-

---

8. פּסקענען (פּאַסקענען) — באַשליסן.

9. שטיין אין גרויסן — האַלטן זיך גרויס.

1. רש״י — דאָ: דער קאָמענטאַר צו חומש פֿון רש״י.

2. האַק-און פּאַק — אַלצדינג.

האלטן וועגן דעם און אז מע לויפט צו מלכים אלערליי — אלץ וועגן דעם ענין. בקיצור(3) — עס איז משיחס צייטן, און מע וועט באלד דערלעבן דעם סוף צום גלות...

און אז די יידן פון מיין שטעטעלע האבן דאס דערהערט, זיינען זיי געווארן גאר אנדערע יידן. אלע זיינען ארומגעגאנגען, אזוי ווי אנגעטרונקען מיט ארבע כוסות. ווו מען איז ניט געגאנגען, האט מען געזען רעדלעך(4) יידן שטיין מיט פארפלאמטע פנימער און זיך היצן. יידן האבן געזען בחוש(5), ווי די גאולה(6) קומט אן, און זיינען געווען גרייט צו לויפן קיין ארץ־ישראל. נאר וואס דען? — עס איז דא איין גרויסע מניעה(7): מע דארף האבן א סך געלט... דער טערקישער סולטאן פארלאנגט זייער א סך געלט....

נאך שטארקער, ווי ביי די גרויסע, האבן געקלאפט די הערצלעך ביי אונדז, יינגלעך פון שטעטל. מיט פארריסענע קעפלעך פלעגן מיר שטיין ארום די רעדלעך טאטעס און שלינגען זייערע רייד פון משיחס צייטן און הערן זייערע טענות און וויכוחים(8). אבער מיר, קינדער, האבן זיך געהאט אונדזערע אייגענע וויכוחים.

— צו וואס דארף משיח געלט? — האט געטענהט יאסעלע. — איז ער ניט גענוג שטארק, ער זאל צונעמען ארץ־ישראל אן געלט? ער קען געבן א געשריי, און דעם סולטאנס פאלאץ וועט איינפאלן אין איין שמיידריי, אזוי ווי די ווענט פון יריחו...

יאסעלע איז שוין געווען א רש״י־יינגל — ער האט שוין געלערנט חומש מיט רש״י, אפילו מיט אויסריידעכץ(9). יאסעלעס קשיא האט פארענטפערט שלמה נעכע־רייזלס. שלמהקע איז שוין געווען א גמרא־יינגל.

— הלמאי משה רבינו? — האט ער געענטפערט יאסעלען. — ווען משה רבינו האט געפירט די יידן קיין ארץ־ישראל, האט ער אויך געזאגט צו אדום: ונתתי מכרם — לאז מיך דורכגיין דיין לאנד, און איך וועל דיר באצאלן...

— משיח איז שטארקער פון משה רבינו, — האט געטענהט יאסעלע.

— ניין, משה רבינו איז שטארקער, — האט שלמה זיך ניט אונטערגעגעבן.

אט אזוי האבן יינגלעך זיך ארומגעקריגט, און וואס איינער האט נאר געקענט אין לערנען, האט ער אריינגעבראכט אין די וויכוחים.

---

3. בקיצור — קורץ גערעדט.
4. רעדלעך — דא: גרופקעס.
5. בחוש — דא: דייטלעך, קלאר.
6. גאולה — באפרייונג פון גלות.
7. מניעה — שטערונג.
8. וויכוחים — דיסקוסיעס.
9. אויסריידעכץ — קאמענטארן.

דערווײַל האָט מען אין שטעטל געהערט, אַז דאָרטן, אין דער וועלט, קומט מען ניט אָפּ מיט רייד און מע זיצט ניט מיט פֿאַרלייגטע הענט, נאָר עס זײַנען שוין געוואָרן חבֿרות(10), וואָס קלײַבן געלט, כּדי אויסצו־לייזן(11) ארץ־ישׂראל פֿונעם טערק, און אַז יעדן טאָג ווערן אַלץ נײַע און נײַע חבֿרות, און אַז מען האָט שוין צונויפֿגעקליבן כּמה אַלפֿים... און אַז מע פֿאָרט שוין אַפֿילו, יידן פֿאָרן שוין קיין ארץ־ישׂראל! און מען האָט אויך גערעדט, אַז יעדער ייִד, וואָס וויל זײַן פֿון די ערשטע זוכה צו זײַן(12) צו דער גאולה, דאַרף אַרײַנלייגן די האַנט אין קעשענע. אַזעלכע יידן וועלן קריגן די ערשטע חלקים אין ארץ־ישׂראל...

## ב

דערהערנדיק אַז מע דאַרף האָבן געלט, איז אונדז, ייִנגלעך, זייער אומעטיק געוואָרן אויפֿן האַרצן — מיר און מײַנע צוויי חבֿרים, יאָסל און שלמהקע, ווײַל מיר האָבן געוווּסט, אַז אונדזערע טאַטעס זײַנען גרויסע אָרעמעלײַט און האָבן ניט אַפֿילו אויף שבת, מכּל־שכּן(13) אויף ארץ־ישׂראל. און אַ פּחד(14) איז אונדז באַפֿאַלן: אַלע ייִדן וועלן אַוועקגיין קיין ארץ־ישׂראל, און מיר מיט אונדזערע טאַטעס וועלן אפֿשר בלײַבן אין שטעטל...

— אויף ארץ־ישׂראל איז בילכער(15) ווי אויף שבת, — זאָגט יאָסל.

— ניין, אויף שבת איז בילכער! — שפּאַרט זיך אײַן שלמהלע.

און עס ווערט ווידער אַ וויכּוח, ביז יאָסל רופֿט זיך אָן:

— ווייסט איר וואָס, ייִנגלעך, לאָמיר אויך מאַכן אַ חבֿרה פֿאַר ארץ־ישׂראל!

— לאָמיר, לאָמיר! — האָב איך אונטערגעכאַפּט מיט פֿרייד.

שלמהקען איז אויך געפֿעלן געוואָרן דער געדאַנק, נאָר אַ גרעסערער בעל־תּכלית(16) פֿון אונדז אַלעמען, נעמט ער זײַן גאָמבע אין דער האַנט, גלעט זי, ווי ער וואָלט געהאַט אַ לאַנגע באָרד, און ער מאַכט מיט אַ גמרא־ניגון:

— און וואָס וועלן מיר אַרײַנלייגן אין טעפּל?

— גאָט וועט העלפֿן, — זאָגט יאָסל, — אַ ייִד דאַרף האָבן ביטחון(17)...

---

10. חבֿרות — אָרגאַניזאַציעס.
11. אויסלייזן — דאָ: אויסקויפֿן.
12. זוכה זײַן — ווערט זײַן.
13. מכּל־שכּן (מיקאָל־שקיין) — שוין אָפּגערעדט.
14. פּחד — גרויסע מורא.
15. בילכער — שטייט פֿריִער.
16. בעל־תּכלית (באַל־טאַכלעס) — פּראַקטישער מענטש.
17. ביטחון — האָפֿענונג, גלויבן.

— אַז גאָט גיט אויף שבת, וועט ער געבן אויף ארץ־ישׂראל אויך, — האָב איך, דער קלענסטער פֿון די דרײַ, געקראָגן קוראַזש(18) צו זאָגן.

אַזוי איז געבליבן. טאַקע דאָרט אויף אָן אָרט האָבן מיר געמאַכט אַ חבֿרה און מיר האָבן איר אַ נאָמען געגעבן „בני ציון וירושלים". און מיר האָבן באַשלאָסן, אַז קיינער זאָל ניט וויסן, אַז מיר האָבן געמאַכט אַזאַ חבֿרה און מיר קלײַבן געלט אויף ארץ־ישׂראל. עס איז געווען יאַסעלעס מיינונג, מיר זאָלן האַלטן אונדזער חבֿרה בסוד, און ער האָט אונדז געגעבן צו פֿאַרשטיין פֿאַר וואָס:

— אַז אונדזערע טאַטעס וועלן וויסן, אַז מיר האָבן געלט, וואָס טוען מיר, אויב זיי קומען ערבֿ שבת און זאָגן: „אַנטלײַט עס אונדז אויף שבת!"...

— און מע וועט מוזן אַנטלײַען, — האָב איך צוגעגעבן, — צוליב כּיבוד־אָבֿ(19).

— און פֿאַר וואָס נאָר צוליב כּיבוד־אָבֿ? — האָט זיך שלמהקע אויפֿגעכאַפּט. — און ווו איז טאַקע לכּבֿוד שבת?

בקיצור, ס'איז געבליבן, אַז מיר האַלטן עס בסוד.

און באַשלאָסן האָבן מיר, אַז יעדער פֿון אונדז דאַרף אַרײַנטראָגן אין דער חבֿרה אַ קאָפּיקע(20) אַ חודש.

און אַז מיר האָבן דאָס אָפּגערעדט צווישן זיך, האָבן מיר זיך דערפֿילט עפּעס ווי גאָר אַנדערע ייִנגלעך. מיר האָבן זיך דערפֿילט, ווי מיר וואָלטן יענעם טאָג געוואָרן בר־מצווהס. און אונדז איז געווען זייער גוט אויפֿן האַרצן, אַזוי גוט, אַז עס האָט זיך געוואָלט לויפֿן אין אַלע גאַסן און דערציילן אַלע ייִנגלעך פֿון די אַנדערע חדרים. נאָר מען האָט עס ניט געטאָרט אויסזאָגן... און מיר האָבן אָפּגערעדט, אַז שוין פֿון הײַנט אָן זאָלן מיר זײַן גוט און פֿרום, און זיך נעמען שטאַרק צום לערנען, און טאָן אַ סך מצוות, און מיר זאָלן דאַווענען מיט גרויס כּוונה(21) און גאָט בעטן, ער זאָל צושיקן אונדזערע טאַטעס גענוג פּרנסה, עס זאָל קלעקן(22), אי אויף שבת אי אויף ארץ־ישׂראל, זיי זאָלן ניט דאַרפֿן אָנקומען צו אונדזער געלט. און מיר זאָלן זוכה זײַן צו גיין קיין ארץ־ישׂראל גלײַך מיט אַלע ייִדן.

עס איז אונדז דרײַען דעמאָלט געווען אַזוי גוט איינער מיטן אַנדערן, אַז מיר האָבן זיך גאָר ניט געקענט פֿונאַנדערגיין. אָבער מען האָט געמוזט גיין אַהיים שלאָפֿן. און איידער מיר זײַנען זיך צעגאַנגען, האָבן מיר נאָך אַ מאָל איבערגערעדט אַלע פּלענער, און מיר האָבן זיך געגעבן אַ הייליקע

---

18. קוראַזש — מוט.

19. כּיבוד־אָבֿ — רעספּעקט פֿאַר על־טערן.

20. קאָפּיקע — קליינע רוסישע מטבע (ווי הײַנט אַ סענט). גראָשן — אַ האַלבע קאָפּיקע.

21. מיט כּוונה — דאָ: זייער ערנסט.

22. קלעקן — זײַן גענוג.

שבֿועה(23), אַז ווען מיר וועלן אם־ירצה השם(24) גיין קיין ארץ־ישׂראל, זאָלן מיר גיין נאָר אַלע דרײַ אין איינעם, איינער אָן דעם אַנדערן זאָל ניט גיין. און ווען מיר וועלן פֿון ווײַטנס דערזען די שפּיצן פֿון ירושלים, זאָלן מיר זיך נעמען פֿאַר די הענט און אַזוי, האָפּערדיק(25), אַרײַנקומען גלײַך קיין ירושלים...

אונדזער אָפּריידן איז געווען אין בית־מדרש, און געפֿילט האָבן מיר, אַז וואָס מיר האָבן גערעדט, איז גלײַך ווי מיר וואָלטן גערעדט פֿאַרן אָרון־קודש, און די שבֿועה, וואָס מיר האָבן געשוואָרן, איז גלײַך ווי מיר וואָלטן געשוואָרן איבער אַ ספֿר־תּורה, — אַזוי איז דאָס געווען אין אונדזערע אויגן.

אין זיבעטן הימל פֿון התפּעלות(26) זײַנען מיר זיך יענעם זומער־פֿאַרנאַכט צעגאַנגען אַהיים. אַז די מאַמע האָט מיך דערזען, האָט זי זיך דערשראָקן — אַזוי האָבן מיר געפֿלאַמט די באַקן. זי האָט מיר אַ טאַפּ געטאָן דעם שטערן און געלייגט אין בעט אַרײַן שלאָפֿן.

יענע נאַכט האָט קיינער פֿון אונדז דרײַ קיין אויג ניט צוגעמאַכט. מען האָט זיך געוואָרפֿן אויף די געלעגערס, און אין מוח האָט גע־עקבערט(27): מאין יבֿוא עזרי(28)? — געוואָלט, ווו נעמט מען די ערשטע קאָפּיקע?

און יעדן פֿון אונדז האָט זיך אַזוי געוואָלט זײַן דער ערשטער...

**ג**

די ערשטע קאָפּיקע אין אונדזער קאַסע האָט אַרײַנגעבראַכט שלמהקע — אים איז באַשערט געווען דער גרויסער זכות(29).

געבראַכט האָט ער צו ערשט נאָר אַ האַלבע קאָפּיקע — אַ גראָשן, הייסט עס. נאָר אין גאַנצן מיט איין וואָך שפּעטער האָט אים ווידער אָפּ־געגליקט, און ער האָט געבראַכט נאָך אַ גראָשן, בשעת איך און יאָסעלע האָבן נאָך אַפֿילו צו קיין איינציקן גראָשן אויך ניט געבראַכט...

— און איין גאָט ווייסט, ווען מיר וועלן נאָך אַרײַנברענגען, — האָט יאָסעלע צו מיר געזאָגט, ווען שלמהקע האָט ניט געהערט...

— אַ ייִד דאַרף האָבן בטחון, — ענטפֿער איך, אַזוי ווי מײַן טאַטע פֿלעגט ענטפֿערן דער מאַמען, ווען זי פֿלעגט רעדן פֿון פּרנסה.

---

23. שבֿועה — juramento.
24. אם־ירצה־השם — אַז גאָט וועט וועלן.
25. האָפּערדיק — פֿריילעך.
26. התפּעלות (היספּײַלעס) — דאָ: ענטוזיאַזם.
27. עקבערן — taladrar.
28. מאין יבֿוא עזרי — פֿון וואַנען וועט קומען מײַן הילף.
29. זכות — פּריווילעגיע.

שלמהקען האָט צוגעדינט דאָס מזל.

שלמהקעס טאַטע איז געווען אַ קאַליקע. איין פֿוס איז בײַ אים נעבעך געווען אין גאַנצן געליימט(30)... איז שלמהקעס מאַמע, נעכע־רייזל, געווען די ברויטגעבערין פֿאַר איר מאַן און זייער בן־יחיד. געהאַט האָט זי אַ סך פּרנסות, נאָר קיין ברויט צו דער זאַט איז קיין מאָל ניט געווען.

איין מאָל אַ וואָך, און אַ מאָל אַ וואָך איבער אַ וואָך, פֿלעגט זי אויפֿשטיין פֿאַר טאָג און אַוועקגיין אין דאָרף אַרײַן, דאָרט אײַנהאַנדלען עטלעכע עופֿות, אַ ביסל אייער און ברענגען צו טראָגן אין שטעטל אַרײַן און פֿאַרקויפֿן יִדן אויף שבת — און עפּעס פֿאַרדינען.

אין יענע טעג, ווען נעכע־רייזל פֿלעגט גיין אין דאָרף אַרײַן, פֿלעגט שלמהקע ניט גיין פֿון חדר אַהיים עסן מיטאָג. צו וואָס דען? די מאַמע איז דאָך סײַ ווי ניטאָ אין דער היים, און דער טאַטע וואָלט נאָר געהאַט צער, וואָס ער קען פֿון שלמהקעס וועגן זיך ניט געבן קיין ריר... פֿלעגט די מאַמע אָנגרייטן עפּעס עסן פֿאַרן טאַטן, און שלמהקען פֿלעגט זי געבן מיטאָג מיטצונעמען אין חדר אַרײַן. און וואָס איז געווען דער מיטאָג? אַ פּאָר פּענעצן(31) ברויט און צום ברויט — אַ קאָפּיקע.

— נאַ דיר, מײַן קינד, אַ קאָפּיקע, — פֿלעגט זי אים אָנזאָגן פֿאַרן אַוועקגיין, — און קויף זיך עפּעס צום ברויט, אַן עפּל, צי עטלעכע באַרעלעך, און זאָל דיר זײַן צו געזונט!...

און אַז שלמהקע איז נאָך געשלאָפֿן, ווען די מאַמע האָט זיך געלאָזן אין וועג אַרײַן, פֿלעגט זי אים איבערלאָזן דאָס ברויט, און אויפֿן ברויט אין אַ פּאַפּירעלע איז געלעגן אײַנגעוויקלט די קאָפּיקע.

און אָט דאָ איז געלעגן שלמהקעס מזל: ער פֿלעגט קריגן אַ קאָפּיקע אין די הענט! בעת ניט איך און ניט יאָסעלע האָבן אַ מאָל אָנגעקוקט אַ גראָשן אין די אויגן...

נאָר אַז שלמהקע פֿלעגט אַרײַנקריגן די קאָפּיקע, האָט ער זיך אויך ניט אַוועקגעלאָזט איבער די קראָמען זוכן מאַרציפּאַנעס(32). וואָס איז דאָ צו לייקענען און ווי לאַנג איז דער שיִער צו באַהאַלטן: שלמהקע, אָט דער גוטער און פֿרומער שלמהקע, ער האָט ניט געפֿאָלגט דער מאַמען און ער פֿלעגט פֿאַר דער קאָפּיקע זיך נ י ט קויפֿן עפּעס צום ברויט, קיין מאָל ניט...

— וואָס בין איך עפּעס, אַ פֿרעסער? — פֿלעגט ער זאָגן צו מיר און צו יאָסעלען, זײַנע בעסטע חבֿרים, וואָס ער האָט געוווּסט, אַז מיר וועלן קיינעם ניט דערציילן, וואָס ער טוט מיט דער קאָפּיקע, כּדי ניט צו פֿאַרשאַפֿן דער מאַמען קיין צער. נאָר הײַנט מעג מען עס שוין דערציילן: ער פֿלעגט די קאָפּיקע אַוועקגעבן אַן אָרעמאַן...

---

30. געליימט — פּאַראַליזירט.

31. פּענעץ — rebanada.

32. מאַרציפּאַנעס — זעלטענע פֿרוכטן (לעגענדאַריש).

ער פֿלעגט אוועקגיין אין בית־מדרש, ווו עס האָבן זיך שטענדיק אויפֿגעהאַלטן אָרעמעלײַט. ער פֿלעגט אויסקוקן דעם אָרעמסטן אָרעמאַן, צוגיין צו אים און אים אַרײַנשטעקן די קאָפּיקע אין האַנט אַרײַן, נעמען די פּיס אויף די פּלייצעס און אַנטלויפֿן...

און זײַן מיטאָג איז געווען דאָס ברויט אַליין... און ווען ער האָט געגעסן דאָס ברויט, פֿלעגט ער זיך באַהאַלטן, קיינער זאָל ניט זען. „אַז עמעצער וועט דאָס זען, — האָט ער געזאָגט, — וועט מען נאָך זאָגן: זע, סאָראַ מאַמע נעכע־דייזל איז — זי האַלט אַ קינד אַ גאַנצן טאָג אויף טרוקן ברויט... בייזע צינגער קענען מאַכן מײַן מאַמען אַ שם רע, חלילה"...

אַצינד וועט איר שוין פֿאַרשטיין, ווי אַזוי שלמהקע איז עס געווען דער גרויסער בריה און איז דער ערשטער אַרויסגעפֿאָרן מיט זײַן קאָפּיקע פֿאַר אונדזער חבֿרה הקדושה למען ציון וירושלים. גאַנץ פּשוט: נאָך די אייגענע וואָך, וואָס מיר האָבן געמאַכט אונדזער חבֿרה, האָט זײַן מאַמע אים געגעבן אַ קאָפּיקע אויף מיטאָג, און פֿון דער קאָפּיקע האָט ער אונדז געבראַכט אַ גראָשן אין דער קאַסע אַרײַן.

ד

יענעם טאָג, פֿאַר נאַכט, ווען מיר זײַנען געקומען אין בית־מדרש אַרײַן צו מנחה, און איך און יאָסעלע האָבן דערזען שלמהקען, האָבן מיר גלײַך דערקענט אויף זײַן פּנים, אַז עס איז עפּעס ניט גלאַטיק. און ווי נאָר מען האָט אָפּגעדאַווענט מנחה, איז ער צוגעקומען, האָט געגעבן אַ ווונק מיט אַן אייגל, מיר זאָלן אים נאָכגיין. האָבן מיר זיך געלאָזט גיין צו אַ זײַטיקן געסל. און אַז מיר האָבן זיך אַרומגעקוקט אין אַלע זײַטן און געווען זיכער, אַז קיינער זעט ניט, האָט שלמהקע אַרויסגענומען אַ פּאַפּירל פֿון קעשענע, פּאַמעלעכקע עס אויפֿגעוויקלט, און פֿאַר אונדזערע אויגן האָט אַ שײַן געטאָן אַ נײַינקער, אַ גלאַנציקער גראָשן.

— דאָ האָט איר מײַן ערשטן גראָשן פֿאַר ארץ־ישׂראל! — האָט ער געזאָגט, און זײַן קול איז געווען פֿול מיט נחת(33).

— טפֿו־טפֿו־טפֿו! — האָט יעדער פֿון אונדז אָפּגעשפּיגן אויף גוטן מזל. און איינער נאָכן אַנדערן האָבן מיר גענומען דעם טײַערן גראָשן אין האַנט אַרײַן, אים געטאַפּט און איבערגעטאַפּט, און ניט געוווּסט, וואָס צו טאָן דערמיט. פּלוצעם גיט זיך יאָסעלע אַ כאַפּ און זאָגט צו שלמהקען:

— שאַ נאָר שאַ, בחור מײַנער! פֿאַר וואָס עפּעס נאָר אַ גראָשן? דו באַקומסט דאָך בײַ דער מאַמען אַ קאָפּיקע, ווו זשע איז דער צווייטער גראָשן?

— איך האָב די קאָפּיקע צעטיילט אויף צוויי העלפֿטן, — האָט שלמהקע געענטפֿערט מיט אַ טאָן פֿון איינעם, וואָס „ווייסט וואָס ער טוט", —

---

33. נחת — פֿאַרגעניגן, פֿרייד.

איין העלפֿט פֿאַר ארץ־ישׂראל, און די אַנדערע — פֿאַר אָרעמעלײַט... מע קען די אָרעמעלייט אויך ניט לאָזן אויף הפֿקר(34), — האָט ער צוגעגעבן.

— נו, זאָל זײַן אין אַ גוטער שעה! — האָט יאָסעלע געזאָגט.

— אין אַ גוטער שעה, אין אַ מזלדיקער שעה! — האָב איך צוגעפּליעסקעט(35).

און שלמהקע האָט, ווײַזט אויס, געהאַט אַ גרויסן זכות(36) אין הימל, ווײַל גלײַך די אַנדערע וואָך האָט אים ווידער אָפּגעגליקט — די מאַמע איז ווידער געגאַנגען אין דאָרף אַרײַן און האָט אים איבערגעלאָזט אַ קאָפּיקע, און נאָך דעם אייגענעם טאָג האָט ער געבראַכט די העלפֿט פֿאַר ארץ־ישׂראל. אַזוי ווי דעם ערשטן גראָשן, אַזוי אויך דעם אַנדערן האָט אונדז שלמהקע געבראַכט אין בית־מדרש בין מנחה למעריבֿ און האָט אים דערלאַנגט בסוד סודות אין זעלבן געסעלע. און אַרויסנעמענדיק דעם גראָשן פֿון קעשענע, זאָגט ער:

— הײַנט האָב איך עס געקראָגן און הײַנט גיב איך עס אַוועק. „אַז עס קומט אַ מצווה אין דײַנע הענט, זאָלסטו זי ניט לאָזן זויערן" — זאָגט די גמרא...

— אוי, שלמהקע, בין איך דיר מקנא! — האָב איך זיך ניט געקענט אײַנהאַלטן.

— נו, וואָס וועט זײַן איצט? — מאַכט שלמהקע צו אונדז. — מע דאַרף דאָך עפּעס האָבן אַ נאמן(37), וואָס בײַ אים זאָל זיך קלײַבן דאָס געלט. אַ גראָשן האָב איך נאָך ווי עס איז געקענט האַלטן בײַ מיר, אָבער איצט, אַז עס איז שוין דאָ אַ קאָפּיקע, וויל איך זיך ניט אַרומטראָגן מיטן יצר־הרע אין קעשענע....

— זײַ טאָקע דו דער נאמן, — לייגט פֿאָר יאָסעלע.

— ניין, — זאָגט שלמהקע, — אַזוי גייט עס ניט, מע דאַרף וואַרפֿן גורל(38).

און מיר האָבן געוואָרפֿן גורל מיט אַ קניפּל. און ווער, מיינט איר, האָט אַרויסגעצויגן דאָס קניפּל? — איך, אני הקטן...

מיט ציטערנדיקע הענט האָב איך איבערגענומען די צוויי גראָשן, האָב זיי פֿאַרשטעקט טיף אין קעשענע, און מיר זײַנען אַרײַן צוריק אין בית־מדרש.

נאָכן דאַווענען זײַנען מיר אַוועק יעדער צו זיך אַהיים. נאָר ווען איך בין נאָך געווען אויפֿן וועג, האָט מיר שוין אָנגעהויבן צו דאַרן דער קאָפּ:

---

34. אויף הפֿקר (העפֿקער) לאָזן — זיך ניט אומקוקן, ניט אָפּהיטן.

35. צוגעפּליעסקעט — דאָ: צוגעשלאָגן מיט די הענט.

36. זכות — דאָ: פֿאַרדינסט.

37. נאמן (נעמען) — קאַסירער.

38. וואַרפֿן גורל — echar suerte.

זוי באַהאַלט מען דעם אוצר, איך זאָל אים ניט פֿאַרלירן, אָדער מע זאָל אים ביי מיר ניט אויסבאָרגן...

ווען איך בין אַריין אין שטוב, האָט מיר די מאַמע ווידער געטאַפּט דעם שטערן, צי איך האָב ניט קיין היץ...

קיין היץ האָב איך ניט געהאַט, נאָר דער קאָפּ האָט געברענט, און דאָס האַרץ האָט וויי געטאָן, וואָס שלמהקע האָט שוין געבראַכט אַ קאָפּיקע, און ביי מיר רירט זיך נאָך ניט פֿון אָרט...

(פֿון דער דערציילונג „צען קאָפּיקעס")

יהואָש

## ליבע צום פֿאָלק

איך קען אַ בלום, וואָס שפּראָצט(1), און בליט
און וואַקסט אָן טוי(2), אָן רעגן.
זי דאַרף קיין פֿרישע ווינטן ניט,
קיין זון, וואָס שייַנט אַנטקעגן.

זי וואַקסט אין שטורעם און אין שניי,
ווען אַלע בלומען שטאַרבן;
דער שטורעם גיט איר זאַפֿט און קראַפֿט(3),
גערוך(4) און זיסע פֿאַרבן.

און ווען עס האָגלט(5), דונערט, בליצט,
און שטאַרקע ביימער פֿאַלן,
דאַן הייבט זי ערשט צו לעבן אָן,
דאַן הייבט זי אָן צו שטראַלן.

די בלום הייסט — ליבע צו דעם פֿאָלק,
זי שפּראָצט אַרויס אין שטורעם:
זי ציט חיונה(6) פֿון דעם שמאַרץ(7)
און נערט זיך(8) פֿון יסורים(9)...

---

1. שפּראָצט — הייבט אָן וואַקסן.
2. טוי — rocío.
3. קראַפֿט — כּוח. זאַפֿט — jugo.
4. גערוך — ריח.
5. האָגלט — פֿאַלט אַ האָגל.
6. חיונה — שפּייַז.
7. שמאַרץ — ווייטיק.
8. נערט זיך — שפּייַזט זיך.
9. יסורים — ליידן, ווייטיקן.

# בילדער




# פֿון




# ישׂראל

מאָריס ראָזענפעלד

# דאָס בענקען

ווו כ'זאָל נישט זוכן קיין רו און קיין גליק,
שטענדיק קיין ציון פאַרבלאָנדזשעט מײַן בליק.
שטענדיק אַהין, צו דעם הייליקן לאַנד
ווײַזט מיר דעם וועג אַ פֿאַרבאָרגענע (1) האַנט.


מיטן פנים צו ציון, געצ' אפרים משה ליליען

„מיטן פנים צו ציון" (גראַפיק) **אפרים ליליען**

שטענדיק אַהין ווײַזט זי. שטענדיק אַהין,
דאָרט, ווו די פּאַלמע די שלאַנקע (2) איז גרין,
דאָרט, ווו דער צעדער זײַן שאָטן צעשפּרייט,
דאָרט, ווו דער אָראַנזש מיט גאָלד איז באַנייט,

1. באַהאַלטענע. 2. גראַציעזע.

דאָרט, ווו די זון שײַנט מיט דאָפּלטער פּראַכט (3),
דאָרט, ווו דער הימל דער לויטערער (4) לאַכט, —
דאָרט אַהין ציט עס מיך, דאָרט נאָר אַהין,
דאָרט צו מײַן ציון, אַט ווו נאָר איך בין!

אָפּט, ווען דאָס האַרץ וויל זיך ברעכן פֿאַר וויי,
שׂונאים פֿאַרפֿאָלגן מיך, ווו נאָר איך גיי,
טויזנטער שרעקן פֿאַרווירן מײַן זין (5),
טראָגט אַ געדאַנק מיך קיין ציון אַהין.

דאָרט טרוים (6) איך איבער מײַן טרוים פֿון דאָס נײַ,
דאָרט גיי איך איבער מײַן יוגנט פֿאַרבײַ;
דאָרט זע איך נאָך אַ מאָל בליִען מײַן פֿעלד,
טרוימען מײַן נביא און קעמפֿן — מײַן העלד;

דאָרט זע איך ווידער מײַן היים, ווי זי לעבט,
אויך ווען דער צויבער (7) דער זיסער פֿאַרשוועבט (8);
דאָרט אַהין ציט עס מיך, דאָרט נאָר אַהין,
דאָרט צו מײַן ציון, אַט ווו נאָר איך בין!

א. ז. אַנכי

## אונדזער לאַנד

גייען טעג הייסע, ברענענדיקע. יעדער שטיין, יעדער בוים, יעדער בלום, יעדער גרעזעלע — אַלץ ברענט. און פֿאַרשיכּורט איז גאָטס וועלט פֿון דער זון, פֿון היץ און פֿײַער. די נעכט נאָר זײַנען קילע, שטילע, פֿול מיט נאַכט־חלומות און נאַכט־מחשבֿות. דער מזרח פֿאַרטיפֿט זיך אין זײַנע ווונדער. וועבן זיך אונטער די הויכע, טיפֿע נאַכטהימלען נײַע אמונות (1)? בענקען די אַלטע, גרויע שטיינער אין די טאָלן און אויף די בערג נאָך אַמאָליקע נבֿיאים און משיחים?

° * °

3. שיינקייט. 4. ריינער. 5. פֿאַרטומלען דעם געדאַנק. 6. חלום, פֿאַנטאַזיע.
7. כּישוף. 8. פֿליט אַוועק.

1. רעליגיעס.

אויפן גורן (2) שוין דאָ היפּש תּבֿואה, און פּאָר נאַכט קומען זיך דאָרט צונויף די דאָרפסלײַט. עס קומען אַלע, יונג און אַלט, מיט די ווײַבער און די קינדער. מע שמועסט ערנסט: וועגן דער תּבֿואה פון הײַ יאָר, וועגן דער צוקונפט פון דערפל; וועגן דעם, אַז נישט רײַך און שווער איז דאָס לעבן דאָ. מע רעדט וועגן פיבער און מע וויל זיך אײַנרעדן, אַז דאָ, אין זייער דערפל, איז דער פיבער ווינציקער, ווי אין אַלע אַנדערע ערטער.

דער עולם בלײַבט זיצן שווײַגנדיק. מע דערמאָנט זיך, אַז איבער יהודה און גליל זײַנען שוין צעוואָרפן אַ סך יידישע דערפלעך, מיט זייערע גערטנער און סעדער און גרויסע תּבֿואה־פעלדער. פילט יעדערער, אַז די נאַכט איז אַזאַ שיינע, אַז די תּבֿואה איז זײַן אייגענע, פון אייגענע פעל־דער געשניטן. קוועלט (3) אַ פרייד אין די טרויעריקע הערצער. און די נאַכט פאַרטוליעט (4) און פאַרסודעט (5) דאָס קליינע הײַפעלע (6) מענטשן, וועלכע זײַנען געקומען אַהער, צווישן ווילדע און פרעמדע, זיך באַזעצן אין זייער לאַנד, אין זייער אַלטער היים. הייבן אָן די ייִנגערע צו שטיפן, מע וואַרפט זיך מיט תּבֿואה. און שטיפנדיק צעזינגט זיך דער יונגער עולם. מע זינגט יידישע לידלעך מיט פאַרחלומטע מזרח־מאָטיוון. די עלטערע הערן און זײַנען פאַרטראַכט. ווערט אין דערינען עפּעס אַ טומל אין דערפל. עס זײַנען דאָרט אייניקע געבליבן, האָבן זיי געכאַפּט אַן אַראַבער; ער איז געקראָכן גנבֿענען ווייץ. קומט מען און מע דערציילט עס, פאַרלאָזן אַלע דעם גורן און מע גייט אין דערפל אַוועק.

און די נאַכט איז שוין אין גאַנצן פאַרטיפט אין זיך — אַ שטילע, אַ טיפע, אַ ליכטיקע, פאַרוועבט (7) אין שאָטנס, געפלאָכטענע מיט לבֿנה־שײַן, איבער די בערג, איבער די טאָלן. באַלד וועט דער טוי (8) פאַלן. און אַלץ אין גאָטס וועלט זינגט שטומערהייט:

— נאַכט, נאַכט, נאַכט.

עטלעכע אייזלען, פון דאָ און דאָרטן, איינער נאָכן צווייטן, האָבן זיך ביטער און מיט די לעצטע כּוחות צעשריִען. און ווידער איז שטיל — נאַכט.

עס הערן זיך גלעקלעך פון אַ קאַראַוואַן. אויף אַ בערגל דאָרט ציט זיך אַ שורה קעמלען אָנגעלאָדן מיט סחורה. שטיל — נאַכט.

הערן זיך אין דערפל טריט. דאָס גייט אַרום לעבן זײַן שטוב דער אַל־טער רב נהום. ער גייט אַרום, שטעלט זיך אָפּ און גייט ווידער. אים דאַכט זיך, ער הערט עפּעס. טראַכט ער: „עס איז דאָך אונדזער לאַנד. ארץ־ישראל. אַלע וווּנדער זײַנען דאָ מעגלעך". — נאַכט.

גיט וואָס אַ שאַרך אַ ײַלנדיק איבער דעם גראָז. אַ שלאַנג האָט דורכ־געפּויזעט און איז פאַרשוווּנדן געוואָרן. שטיל. נאַכט, נאַכט, נאַכט.

עס איז אַן ארץ־ישׂראל־נאַכט מיט אַלע אירע סודות און וווּנדער.

---

2. שײַער (אָרט פאַר תּבֿואה). 3. וואַקסט. 4. אײַנגעדעקט. 5. אין סודות.
6. קליין ביסעלע. 7. אַרײַנגעטאָן. 8.

* * *

ביי נאַכט. אין דערפל זײַנען שוין אַלע געשלאָפן. איז אַ שומר, רײַטנ־דיק פון די פעלדער, געקומען צו לויפן, האָט אויסגעשאָסן עטלעכע מאָל אין שטילן, שלאָפנדיקן דאָרף. מע האָט דערהערט די שיסערײַ, איז מען פון די הײַזער אַרויסגעלאָפן. האָט דער שומר דערציילט: „מען איז די פעל־דער באַפאַלן!"

דאָס גאַנצע דערפל איז וואַך (9). די ווײַבער וויינען, ווילן נישט לאָזן די מענער אויף די פעלדער, מע הערט זיי נישט, מע טוט זיך גיך אָן, מ׳זעצט זיך אויף די פערד און מיט ביקסן און רעוואָלווערן אין די הענט לאָזט מען זיך צו די פעלדער צו. מע יאָגט זיך, שיסנדיק אין דער לופטן. ווען אַ פערד האָט זיך שלעכט אַ קער געטאָן, איז געפאַלן, דער רײַטער — לעבן אים. זיי הייבן זיך ביידע געשווינד אויף. דער רײַטער איז שוין ווידער אויפן פערד און לויפט.

דער שומר פון גורן, געניין, איז אויך דאָ צווישן אַלעמען. ער איז גע־קומען פון גורן, געכאַפּט שטיל אַ פערד אין דערפל און האָט זיך געלאָזט יאָגן.

די רײַטער זײַנען שוין חוצן דערפל, ווײַט. דאָרט צו די פעלדער צו.

ציט זיך אַ שטילע, שטומע ווײַלע, און פלוצעם טראָגט זיך פונאַנדער אין דער שטומער נאַכט אַ מלחמה־געשריי. מע שיסט, מע שרײַט. מע יאָגט זיך דאָרט. מען האָט זיך דאָרט מיט די רויבער (10) באַגעגנט. עס קומט דאָרט פאָר אַ גרויסע, אַ הייסע, אַ ווילדע מלחמה.

אין דערפל זײַנען געבליבן נאָר די ווײַבער אַליין. רב נחום אויך מיט זיי. זײַנע קינדער האָבן אים נישט געלאָזן פון דערפל אַרויס. די ווײַבער שטייען, עלנטע, אַליין געבליבענע אין דער שטומער ווילדער נאַכט, בײַ פוסטע הײַזער. זיי שטייען דערשראָקן און וויינען:

— וויי איז צו אונדז, וויי איז צו אונדז!...

און פון די פעלדער טראָגט זיך דאָס געשריי אַלץ העכער און העכער. די שיסערײַ ווערט שטאַרקער. די ווײַבער קלאָגן:

— מײַנער וועט געווים געהרגעט ווערן...

— און מײַנער קריכט דאָך אַלע מאָל אין פײַער. תמיד, אַלע מאָל לויפט ער דער ערשטער.

— אַלע לויפן זיי די ערשטע. אַלע קריכן זיי אין פײַער.

— וויי איז צו אונדז, וויי איז צו אונדז!

רב נחום טרייסט:

—בעט גאָט, בעט גאָט — ער וועט העלפן. עס איז אונדזער לאַנד. גאָט וויל אַזוי. פאַר ארץ־ישׂראל איז אַ מצווה מלחמה צו האַלטן.

---

9. מע שלאָפט נישט. 10. באַנדיטן.

און דאָרט אויף די פעלדער ווערט די מלחמה אַלץ שטאַרקער און ווײַטער פון דערפל — אַהין, אַהין, ווײַט אין דער טיפעניש פון דער נאַכט אַרײַן. עס הערן זיך ווילדע געשרייען, עס לויפט אַ פײַער נאָך אַ פײַער, עס הילכט אַ שאָס נאָך אַ שאָס. און קאַלט ווערט יעדער לײַב, און הארט ווערן די האָר אויפן קאָפּ, און מע ווערט פאַרגליווערט (11) פון שרעק.

מיט אַ מאָל ווערט שטיל דאָרט אויף די פעלדער. דאַכט זיך עס, אַז אַלע זײַנען דאָרט אויסגעהרגעט געוואָרן. דערהערן זיך ווידער אייניקע שאָסן, און ווידער שטיל. עס איז שוין דאָרט וואָס געשען. צעטריבן די רויבער, אָדער אויסגעהרגעט אַלע דאָרפסלײַט? די ווײַבער טוען זיך אַ ריס פון זייערע ערטער און וויינען ביטער:

— ווייִ איז צו אונדז, ווייִ איז צו אונדז!

דערהערן זיך אין אַ ווײַלע אַרום טריט פון רײַטער פון די פעלדער אַהער, צום דערפל צו. און נענטער, און נענטער ווערן די טריט. עס הערט זיך: מע רעדט. מע לאַכט, דאַכט זיך. יאָ, מע רעדט פריילעך! די ווײַבער טוען זיך אַ לאָז אַנטקעגן די רײַטער. און עס קומען אָן די מענער, צופרי־דענע, פאַרמאַטערטע, צעהיצטע. די ווײַבער שרײַען אַנטקעגן:

— אַלע? אַלע?

— יאָ, יאָ. מער נישט איין פערד לײַכט פאַרוווּנדעט. מיר האָבן זיי פאַרטריבן.

און מע דערציילט, צופרידענע מיטן ניצחון:

— קוילן זײַנען, ווי האַגל (12), געפלויגן איבער אונדזערע קעפּ, אָבער מיר זײַנען נישט אָפּגעטראָטן. מיר האָבן זיי פאַרטריבן.

— און דער שומר גענין, — דערציילט מען, — איז אַן אמתער העלד! ער איז פאָרויס אונדז אַלעמען געלאָפן. אַ קויל האָט זײַן היטל דורכגעשאָסן, און ער לויפט אַלץ פאָרויס. איין ווײַלע איז ער געלאָפן אַליין צווישן די אַראַבער. מיר שרײַען אים: „טרעט אָפּ, דו ביסט דאָ אַליין!" און ער שיסט אַרום זיך און שרײַט: — „ניין, איך וועל נישט אָפּטרעטן. מע וועט גאָר־נישט נישט נעמען, איין זאַנג אַפילו נישט. ניין!" — מיר האָבן אים באַלד דעריאָגט. ער איז אין פײַער געקראָכן — אַ העלד, אַ גיבור!

גייט מען אַראָפּ פון די פערד, מע זעצט זיך אַלע אוים בײַ אַ שטוב, מיט די ביקסן אויף די הענט. מע וואַרפט אַ בליק איבערן דערפל מיט זײַנע צוויי שורות הײַזער. די ווײַבער שטייען אַרום און וויינען. דער עולם נעמט אַרוים טאַבאַק־פּושקעס, מע דרייט פּאַפּיראָסן און מע הייבט אָן צו שמייכלען:

— וויינט, וויינט, ווײַבער, נעבעך צעלאָפן די אַראַבער...

— אַ נס, וואָס איך האָב קיין פּאות נישט. זיי וואָלטן הײַנט בײַ נאַכט פאַרברענט געוואָרן — לעבן אויער אַ קויל דורכגעלאָפן.

---

11. מע קאָן זיך נישט רירן. 12. granizo.

— נו, וואָלט דאָך נאָר איין פּאה פאַרלאָרן געגאַנגען. אָבער ווען איך וואָלט געהאַט אַ לענגערע נאָז, וואָלט געווען שלעכט, לעבן שפּיץ נאָז זײַנען די קוילן געלאָפן.

די ווײַבער בייזערן זיך:

— טאָ וואָס לאַכט איר נאָך? אַז איר קריכט אין פֿײַער...

* * *



„אויף דער וואַך" (גראַפיק) נחום גוטמאַן

איז שוין ווידער שטיל אין דערפל. עס איז ווידער אַ שטילע, שטומע, ווילדע, טונקל־בלויע ארץ־ישׂראל־נאַכט, מיט אירע גרויסע שטערן, מיט איר ליכטיקער לבֿנה, מיט שטילע, טיפע וווּנדער. נאַכט. שטיל און רויִק איז אַרום. די נאַכטשאָטנס וועבן זיך שטיל און בסוד מיט דעם לבֿנה־שײַן און שפּרייטן זיך אויס אויף די בערגלעך און טאָלן, פאַלן אויף אַן איינזאַמער פּאַלמע דאָרט. האָבן זיך ווײַ ווײַט, ווײַט אונטער אַ בערגל דאָרט, צע־שרײַען הונגעריקע שאַקאַלן. און עס ווערט ווידער שטיל.

אַלע שלאָפן שוין אין דערפל. נאָר בײַ זיך לעבן שטוב שטייט רב נחום. ער קען נישט גיין שלאָפן. אַ מלחמה איז הײַנט געווען, אַ מלחמה אין אונדזער לאַנד, פאַר אונדזער לאַנד. שטייט ער און קוקט אין דער נאַכט אַרײַן. דאַכט זיך אים, ער הערט וואָס. איז עס אַ וווּנדער? עס איז דאָך ארץ־ישׂראל: אַלע וווּנדער זײַנען דאָ מעגלעך. גייט ער חוצן דערפל אַרוים, נעמט אַראָפּ די שיך פון זײַנע פיס, פאַלט צו דער ערד און ווערט פאַרגלי־ווערט אין אַ שטומען, הייסן, לאַנגן קוש:

— אונדזער לאַנד, אונדזער לאַנד. ארץ־ישׂראל...

## די קליינע העלדן פון כפר תבור

י. יערי

די מעשׂה איז פאָרגעקומען נאָך פאַר דער ערשטער וועלט־מלחמה, ווען ארץ־ישׂראל האָט זיך געפונען אונטער דער טערקישער הערשאַפט.

די קינדערשול אין כפר תבור, אין עמק יזרעאל, איז געווען קליין און ענג. האָבן די קאָלאָניסטן באַשלאָסן אויפצובויען אַ נײַעם און שיינעם שול־בנין. לויטן געזעץ האָבן זיי געדאַרפט האָבן אויף דעם אַ דערלויבעניש פון דער מאַכט, נאָר קענענדיק די טערקישע באַאַמטע (1), זייער פוילקייט און אָפּגעלאָזנקייט, האָט מען געוווּסט, אַז עס קען נעמען יאָרן, איידער מע וועט אַרויסקריגן אַזאַ דערלויבעניש. האָבן די קאָלאָניסטן דעריבער באַשלאָסן אָנ־צוהייבן בויען אָן אַ דערלויבעניש, וואָס גיכער אָפּטאָן די אַרבעט ביזן לייגן דעם דאַך, ווײַל לויטן טערקישן געזעץ טאָר מען נישט רירן קיין בנין, וואָס איז שוין געדעקט מיט אַ דאַך.

דאָס איז געווען אין חודש אלול. די אַלטע שול איז געווען געשלאָסן, און די קינדער זײַנען געווען פרײַ פון לערנען ביז נאָך די יום־טובֿים. אַ גאַנצן טאָג איז געווען שטיל און רויִק אין דער קאָלאָניע. די קאָלאָניסטן

1. פונקציאָנערן.

זײַנען אַוועק אין פעלד אַראָפּצונעמען די תּבֿואה, און די קינדער פלעגן אויפשטיין גאַנץ פרי, מיטנעמען עסן און אַוועקלאָזן זיך אויף אַ לאַנגן שפּאַציר. די עלטערע ייִנגלעך זיינען געבליבן צו העלפן די אַרבעטער בײַם בויען די שול. די אַרבעט איז צוגעגאַנגען גאַנץ שנעל. די ווענט זײַנען געוואַקסן פון טאָג צו טאָג — אָט באַלד וועט מען שוין לייגן דעם דאַך.

איין נאָכמיטאָג, ווען מע האָט שוין געהאַט פאַרענדיקט אויפצושטעלן די ווענט פון בנין, זײַנען די קינדער, וואָס זײַנען אַוועק אויפן שפּאַציר מיט אַבֿינועמען, געקומען צו לויפן אויף זייערע אייזעלעך, און איינער פון זיי, האָט געזאָגט:

„ווען מיר האָבן זיך געשפּילט צופוסנס פון באַרג תבור, האָבן מיר געזען זײַלן (2) שטויב זיך הייבן אין דער לופטן: דאָס קומען טערקישע סאָלדאַטן, זיי זײַנען שוין אויפן וועג צו דער קאָלאָניע — זיי קומען געוויס צעוואַרפן אונדזער שול".

דער עלטסטער פון דער קאָלאָניע האָט געהייסן אָפּשטעלן די אַרבעט און אַלע זאָלן זיך באַהאַלטן אין די נאָענטסטע הײַזער.

די סאָלדאַטן זײַנען אָנגעקומען, אָנגעפירט פון אַ טערקישן אָפיצער. ווען ער האָט דערזען דעם נישט־פאַרענדיקטע בנין, האָט ער באַפוילן זײַנע סאָלדאַטן צו צעוואַרפן אים ביזן פונדאַמענט.

ווען די קינדער האָבן דאָס דערהערט, האָט אַבֿינועם געהייסן זײַנע חבֿרים, זיי זאָלן מיט אים צוזאַמען אַרויפקריכן אויף די ווענט פון דעם נײַעם בנין און אים באַשיצן (3) קעגן די סאָלדאַטן. פּנײַל־אויסן־בויגן (4) זײַנען די קינדער אַרויפגעקראָכן, זיי האָבן מיט זייערע קליינע הענטלעך זיך אָנגעהאַלטן אָן די שטיינערדיקע ווענט און באַלד זיך באַזעצט אויבן, איבער די ווענט.

די סאָלדאַטן זײַנען אויך אַרויף צו פאַרטרײַבן די קינדער, אָבער די קינדער האָבן מיט אַלע כּוחות זיך אײַנגעקלאַמערט אין די שטיינער, און די סאָלדאַטן האָבן זיי נישט געקענט רירן פון די ערטער. דער קליינער אַבֿינועם האָט דעמאָלט אויסגעשריגן צום טערקישן אָפיצער אויף אַראַביש:

— דאָס איז אונדזער שול, וווּ מיר וועלן לערנען! מיר וועלן זי באַשיצן ביז אונדזער לעצטן טראָפּן בלוט. מיר וועלן פון דאַנען נישט אַראָפּגיין, ביז איר וועט נישט פאַרלאָזן די קאָלאָניע.

און אַלע קינדער האָבן געשריגן:

— מיר וועלן פון דאַנען נישט אַראָפּגיין, אַפילו אַז מע וועט אונדז הרגענען.

דער אָפיצער האָט צום אָנהייב געשמייכלט אויף די קינדערס ווערטער, אָבער באַלד האָט ער אויפגעהערט צו שמייכלען און האָט אויסגעשריגן מיט כּעס:

---

2. קאָלומנעס. 3. פאַרטיידיקן. 4. זייער גיך.

— גייט שוין אראָפּ, אַניט באַפעל איך די סאָלדאַטן, מע זאָל אײַך מיט געוואַלד אַראָפּשלעפּן און אײַך אַוועקפירן אין אַ פינצטערער תּפיסה אין נצרת, וווּ איר וועט נישט קריגן קיין עסן, נישט קיין טרינקען!
אַבֿינועם האָט זיך נישט איבערגעשראָקן און האָט געענטפערט:
— איר קענט טאָן מיט אונדז, וואָס איר ווילט, אָבער מיר וועלן פון דאַנען נישט אַראָפּגיין.
דער טערקישער אָפיצער האָט געזען, אַז ער וועט מיט די קינדער גאָרנישט מאַכן, סײַדן ער זאָל שיסן אויף זיי, און אויף דעם האָט ער נישט געהאַט קיין באַפעל. האָט ער געהייסן די סאָלדאַטן פאַרלאָזן די קאָלאָניע. ער האָט זיך אויך אַוועקגעזעצט אויף זײַן פערד און האָט זיך געלאָזט צוריק קיין נצרת, אַ שמייכלענדיקער.
ווען די סאָלדאַטן האָבן פאַרלאָזט די קאָלאָניע, האָט מען געשיקט אַבֿינועמען מיט נאָך אַ רײַטער אין דער נאָענטסטער קאָלאָניע צו ברענגען נאָך באַלמעלאָכעס, מע זאָל וואָס גיכער קענען מאַכן דעם דאַך. פאַר נאַכט איז אָנגעקומען אַ וואָגן פול מיט אַרבעטער.
ס׳איז געווען אַ העלע לבֿנה־נאַכט, ליכטיק, ווי אין מיטן טאָג. די באַלמעלאָכעס, די קאָלאָניסטן, דער לערער, אַלע קינדער, אַפילו די קלענערע, האָבן אַ גאַנצע נאַכט שווער און שנעל געאַרבעט. און גאַנץ פרי, נאָך פאַר זונאויפגאַנג איז די אַרבעט געווען אָפּגעטאָן: דער שול־בנין האָט שוין געהאַט אַ דאַך!
ווען ס׳איז נאָר טאָג געוואָרן, איז ווידער געקומען דער אָפיצער מיט מער סאָלדאַטן צו צעוואַרפן דעם בנין. זיי האָבן אָבער גאָרנישט געקאָנט טאָן, ווײַל דער דאַך איז שוין געווען פאַרטיק, און לויטן געזעץ האָבן זיי נישט געטאָרט רירן דאָס הויז.
אין אַ חודש אַרום איז דער גאַנצער שול־בנין געווען פאַרטיק, סײַ אינעווייניק סײַ אין דרויסן. די קאָלאָניסטן האָבן דעמאָלט געפּראַוועט אַ פריילעכן חנוכּת־הבית. אַבֿינועם און זײַנע חבֿרים זײַנען געווען שטאַרק פריילעך...



אין די בערג פון גליל (פאָטאָ)

אַבֿרהם זאַק

## פֿון וואַרשעווער געטאָ ביז מלכות ישׂראל

פֿון וואַרשעווער געטאָ ביז מלכות ישׂראל
עס ציט זיך איין ייִדישער פֿראָנט:
די זעלביקע ייִדן, די זעלבע גיבורים,
זיי קומען פֿון ווײַט און פֿון נאָנט.

פֿון דורות פֿון ווײַטע ביז בלוטיקע טעג הײַנט
עס ציט זיך איין גאָלדענע קייט:
בר־כּוכבא, הגנה — די זעלבע קנאים —
אין הרי יהודה צעשפּרייט.

דאָס לעבן איז שיין אונטער הימל פֿון תּכלת (1),
עס לאָקט (2) דער כּנרת און רייצט (3),
דאָך הייליק דער טויט איז פֿאַר לאַנד און פֿאַר אומה (4)
און הייליק דאָס בלוט, וואָס עס פֿלייצט (5).

פֿון וואַרשעווער געטאָ ביז ירושלים
עס ציט זיך איין ייִדישער פֿראָנט —
געבענטשט זײַט, איר העלדישע ברידער און שוועסטער,
געבענטשט זײַט פֿון ווײַט און פֿון נאָנט!

---

1. בלויקייט. 2. ציט צו. 3. דאָ: ציט צו. 4. פֿאָלק. 5. גיסט זיך.



# נח טמיר

# אין יענער נאַכט

וואָס איך וועל היינט דערציילן, איז נישט קיין אויסגעטראַכטע מעשׂה. דאָס האָט געטראָפן אין דער נאַכט פון דעם ניין און צוואַנציקסטן נאָוועמבער 1947 אין לייק סוקסעס, נישט ווייט פון ניו־יאָרק. דאָרט האָבן זיך אין יענער נאַכט פאַרזאַמלט אַלע פאָרשטייערס פון „פאַראייניקטע פעלקער" צו שטי־מען און באַשליסן, צי זיי זאָלן צוריקגעבן די ייִדן דאָס לאַנד פון זייערע עלטערן.

טויזנטער און טויזנטער ייִדן זיינען געווען וואך (1) אין יענער נאַכט. טויזנטער ייִדן פון ניו־יאָרק האָבן פאַרפלייצט די באַלקאָנען פון דער גרוי־סער געביידע (2) אין לייק סוקסעס, וווּ די זיבן און פופציק פאָרשטייערס האָבן געדאַרפט באַשליסן דעם גורל פון דעם ייִדישן פאָלק. אַ טייל פון די פאָרשטייערס זיינען געווען פאַר דעם באַשלוס און אַ טייל זיינען געווען קעגן.

אין זיין היים אין ירושלים איז געזעסן שמואל ביי דער ראַדיאָ און האָט זיך צוגעהערט צו די רעדעס פון אויסטייטשערס, וואָס האָבן גע־פרוווט פאָרויסזאָגן, צי דער ייִדישער חלום וועט ווערן אַ רעאַליטעט, צי די פעלקער פון דער וועלט וועלן צושטימען צו געבן דעם ייִדישן פאָלק אַן אייגן לאַנד.

שמואל איז געזעסן און האָט זיך צוגעהערט צו די רעדעס. פון צייט צו צייט האָט ער געוואָרפן אַ בליק אויף זיין שלאָפנדיק ייִנגעלע און האָט געטראַכט:

„זונעלע טייערער, וועסט אויסוואַקסן אַ פרייער מענטש אין דיין לאַנד, צי וועסטו בלייבן אַ פרעמדער? וואָס גרייטן זיי צו פאַר דיר היינטיקע נאַכט!"

נאָך האַלבער נאַכט האָבן די זיבן און פופציק פאָרשטייערס אָנגע־הויבן צו שטימען. דער פאָרשטייער פון אַפגאַניסטאַן האָט אויסגערופן:

„ניין! איך שטים נישט איין!"

דער פאָרשטייער פון אַרגענטינע האָט נישט געזאָגט „יאָ" און האָט נישט געזאָגט „ניין". ער האָט זיך צוריקגעהאַלטן פון שטימען.

דער פאָרשטייער פון אויסטראַליע האָט געזאָגט:

---

1. נישט געשלאָפן. 2. בנין, הויז.

„מיר האָבן אַ סך געזינדיקט קעגן דעם ייִדישן פאָלק און מיר מוזן אים פאַרגיטיקן. מיר דאַרפן אים אומקערן זײַן ווינקל אין דער וועלט. זאָל דאָס דאָזיקן פאָלק מער נישט זײַן קיין וואַנדערער צווישן די פעלקער! — איך שטים „יאָ".

בײַ שמואלן אויפן טיש איז געלעגן אַ בויגן פּאַפּיר, אײַנגעטיילט אין דרײַ קאָלומס: פאַר די, וואָס ענטפערן „יאָ", פאַר די, וואָס ענטפערן „ניין" און פאַר די, וואָס שווײַגן. ער איז געזעסן, האָט פאַרצייכנט, און זײַן האַרץ האָט געציטערט. זײַנע הענט האָבן געציטערט פאַר פרייד, ווען ער האָט פאַרצייכנט „יאָ", און ער האָט געטראַכט ביי זיך:

„גוט, וואָס כאָטש איצט האָט זיך זייער געוויסן (3) דערוועקט!"

און זײַנע הענט האָבן געציטערט פון ווייטאָג, ווען ער האָט פאַרצייכנט „ניין", און ער האָט געזאָגט צו זיך:

„איז עס מעגלעך, אַז אַפילו איצט האָט זיך זייער געוויסן נישט דער־וועקט? זיי האָבן געזינדיקט און זינדיקן ווײַטער קעגן אונדז!"

אין זײַן פרייד האָט ער געקוקט אויף זײַן שלאָפנדיק ייִנגעלע מיט האָפענונג, און אין זײַן ווייטאָג האָט ער געקוקט אויף אים מיט טרויער. ווען ער וואָלט קיין מורא נישט געהאַט, אַז ער וועט אויפוועקן דאָס קינד, וואָלט ער עס געקושט סײַ מיט פרייד סײַ מיט רחמנות.

דער פאָטער האָט פאַרצייכנט די שטימען, און די מוטער איז געשטאַ־נען לעבן אים און האָט געציילט. צום סוף האָט זי אויסגערופן:

„צוויי קעגן איינעם!"

צוויי דריטל פון אַלע פעלקער האָבן באַשטימט, אַז אַ טייל פון ארץ־ישׂראל זאָל צוריקגעקערט ווערן צום ייִדישן פאָלק פאַר אַ ייִדישער מדינה.

דאָס, וואָס אונדזערע נבֿיאים האָבן פאָרויסגעזען; דאָס, פאַר וואָס אונדזערע עלטערן האָבן געקעמפט און דאָס, וועגן וואָס מיר און אונדזערע קינדער האָבן געחלומט — איז איצט רעאַליזירט געוואָרן.

טאַטע־מאַמע האָבן אויפגעוועקט זייער ייִנגעלע מיט קושן און מיט אויסרופן:

„ביסט אַ פרײַער ייִד אין דײַן לאַנד! ביסט אַ פרײַער מענטש אין דער וועלט! דײַן לעבן וועט זײַן בעסער און גליקלעכער פון דעם לעבן, וואָס מיר האָבן געפירט! שטיי אויף, זונעלע, איצט איז נישט די צײַט צו שלאָפן! שטיי אויף, און מיר וועלן פײַערן די גרויסע שעה!"

דאָס דערשראָקענע ייִנגעלע האָט געפינטלט מיט די אויגן און האָט זיך צעוויינט. עפּעס אַ שיינער חלום האָט זיך אים געחלומט, און אין מיטן האָט מען אים איבערגעריסן. אָבער טאַטע־מאַמע קושן אים און טאַנצן ווי קינדער, און דאָס ייִנגעלע האָט זיך דערמאָנט און אַ פרעג געטאָן:

„פאַראַן אַן אייגענע מדינה?"

---

3. conciencia.

„יאָ, יאָ!"

...בהורים און מיידלעך האָבן זיך באַוויזן אויף די גאַסן, אין די אַלייען און אין די הויפן מיט געזאַנג און מיט פריידיקע אויסרופן:

„זאָל לעבן מדינת ישראל!"

באַלד זײַנען די גאַסן באַלויכטן געוואָרן. פײַערדיקע פונקען האָבן באַלויכטן דעם הימל. טאַטע־מאַמע האָבן אויפגעעפנט די פענצטער, האָבן אָנגעצונדן ליכט און זײַנען אַרויס אין גאַס. דאָס יונגעלע איז געזעסן בײַם פאָטער אויף די אַקסלען און האָט געקוקט פאַרוואונדערט אויף די ליכט פון די באַלקאָנען, פון די מויערן און פון די לאָמפּן אין די גאַסן. פון נאַכט איז פּלוצעם געוואָרן טאָג.

אַלע פּנימער האָבן געלויכטן. מענטשן האָבן באַגריסט איינער דעם צווייטן, גלײַך ווי אַלע, אַלע וואָלטן געווען ברידער. יעדער איינער האָט זיך געפרייט, געוויינט פאַר פרייד און זיך געקושט מיט אַ צווייטן.



„...נאָך האַלבער נאַכט האָבן די זיבן און פופציק פאַרשטייערס אָנגעהויבן צו שטימען..."

יונג און אַלט האָבן געטאַנצט, אַ ראָד אין אַ ראָד. אייניקע האָבן גע־בלאָזן שופרות, אַנדערע האָבן צעלייגט פֿײַערן און געזונגען. זיי האָבן צום ערשטן מאָל אין זייער לעבן דערפֿילט, אַז זיי האָבן אַ חלק אין דער וועלט און קאָנען אָטעמען פֿרײַ די לופֿט פֿון זייער לאַנד. אַפֿילו דער הימל און די שטערן האָבן זיי אויסגעזען נײַ.

דער גרויסער שטאָטישער בנין איז געווען באַצירט מיט טעפּעכער און גרינס. פֿון דאַך און פֿענצטער האָבן געפֿלאַטערט גרויסע און קליינע פֿאָנען, און אויף אַ וואַנט איז געהאַנגען אַ גרויס בילד פֿון דאָקטאָר טעאָ־דאָר הערצל מיט זײַנע טרויעריקע, פֿאַרחלומטע אויגן, וועלכע האָבן אַראָפּ־געקוקט אויף דער שׂמחה, וואָס ער האָט געבראַכט דעם ייִדישן פֿאָלק.

עס זײַנען אָנגעקומען די פֿירערס פֿון פֿאָלק. זייערע פּנימער האָבן געשטראַלט פֿון פֿרייד און גליק, אָבער זייערע הערצער זײַנען געווען באַ־זאָרגט פֿאַר דער מדינה, וואָס מע דאַרף ערשט אויפֿשטעלן און פֿאַרזאָרגן. זיי האָבן געהאַלטן קורצע רעדעס, און דאָס פֿאָלק האָט זיך אָנגעהויבן צו צעגיין, פֿול מיט האָפֿענונג און גלויבן אין זײַן באַפֿרײַונג.




ישׂראל, אונדזער לאַנג געדענקטע און פֿון אונדז געבענקטע!
ישׂראל, אונדזער קליינטשיק, אײנציק לאַנד, —
דו ביסט געוואָרן שוץ (1) און היים פֿאַר אַלע, וואָס געטריבן
דער גורל האָט אין גלות נאָך אַנאַנד.

מיר וועלן דײַנע וויסטקייטן פֿאַראַקערן, פֿאַרזייען,
פֿאַרבויען דײַנע פּליינען (2), באַרג און טאָל;
מיר וועלן דיך באַוואַסערן, באַפּרוכפּערן (3), באַנײַען —
און דו וועסט זיך צעבליִען, ווי אַ מאָל.

מיר וועלן פֿלאַנצן און באַגרינען דיך פֿון אַלע זײַטן,
דײַן קליינקייט וועט אונדז ווערן לאַנג און ברייט;
מיר וועלן טראָגן שלום פֿאַר דעם נאָענטן און ווײַטן,
און צום פּאַרמעסט (4) זײַן תּמיד אַלע גרייט!

1. דאָ: היים, באַהעלטעניש. 2. פֿלאַכע ערטער. 3. מאַכן עס זאָל וואַקסן. 4. reto.

זינאַ ראַבינאָוויטש

# דער נס פון ערבֿ פּסח

פֿאַר וואָס איך וויל אײַך דערציילן אַ מעשׂה וועגן ים־זשאַבאַעס גראָד איצט, ווען ייִדן איבער דער גאָרער וועלט גרייטן זיך צום ליבן יום־טובֿ פּסח, וועט איר זיך דערוויסן ווען איר וועט אויסהערן די מעשׂה ביזן סוף.

ערבֿ פּסח פֿון יאָר 1947 איז נאָך נישט געווען קיין מדינת ישׂראל. דער ענגלענדער האָט נאָך דעמאָלט רעגירט איבער גאַנץ ארץ־ישׂראל.

אין אַלע עקן פֿון לאַנד האָט מען זיך שוין געגרייט צום סדר. די הײַזער זײַנען שוין געווען אויסגעקאַלכט, די שויבן פֿון די פֿענצטער האָבן שוין געשײַנט קעגן דער זון, און ווײַסע פֿאָרהאַנגען האָבן אַרויסגעקוקט דורך די פֿענצטער פֿון יעדער הויז. עס זײַנען שוין געהאַנגען זעקלעך מיט מצות אין יעדער שטוב און עס האָבן זיך שוין געראַנגלט פֿלעשער מיט אייגענעם ארץ־ישׂראל־ווײַן אויף פֿיל טישן. אַלץ איז שוין געווען אײַנגעקויפֿט. און אין פֿיל הײַזער האָט מען יענעם ערבֿ פּסח אײַנגעקויפֿט פֿיל מער ווי אַן אַנדערש מאָל, ווײַל מען האָט זיך געריכט אויף „געסט"...

וועגן די „געסט", וואָס דאַרפֿן אָנקומען אין יענער נאַכט, ערגעץ בײַ אַ שטילן ברעג, וווּ עס וואַרטן אויף זיי בחורים און מיידלעך זיי אַרונטער־צונעמען אויף קליינינקע שיפֿעלעך שטילערהייט, אַז דער ענגלענדער זאָל זיך נישט דערוויסן, האָט מען נישט גערעדט. מע האָט אָבער געוווּסט, אַז אָט־אָט וועט מען זיי אַרײַנברענגען אין שטוב אַרײַן, און מע האָט אַרויס־געקוקט אויף זיי מיט הונדערט פֿאַר אויגן...

פּלוצעם האָט זיך פֿאַרשפּרייט אַ קלאַנג, אַז דער ענגלענדער האָט פֿאַרכאַפּט די קליינע שיף מיט די פֿינף הונדערט „געסט"־פּליטים...

ווי אַזוי האָט דער ענגלענדער פֿאַרכאַפּט די „מולטער" (1), אויף וועל־כער עס האָבן געוואַרט די ארץ־ישׂראלדיקע בחורים און מיידלעך, כּדי אַרונטערצונעמען די אויסגעמאַטערטע פּליטים (2)? גאַנץ פּשוט! די „ים־הינט", ספּעציעלע שיפֿן, וואָס האָבן געהיט די ברעגעס פֿון ארץ־ישׂראל, אַז עס זאָלן קיין ייִדן נישט אַרײַנקומען אין לאַנד אַרײַן, האָבן דערזען אין דער העלער לבֿנה־נאַכט פֿון ערבֿ פּסח אַ שוואַרצן פֿלעק (3) אויפֿן וואַסער. זיי האָבן אַרומגערינגלט דעם „פֿלעק" פֿון אַלע זײַטן און געשיקט מיט זייערע סיגנאַלן אַ באַפֿעל צום קאַפּיטאַן פֿון דער „מולטער"" זיי נאָכצופֿאָרן...

1. אַזאַ כּלי צום באָקן. 2. אַנטלאָפֿענע, אָן אַ היים. 3. mancha.

דער קאַפּיטאַן האָט נישט געוואָרט אויפן באַפעל, ער האָט באַציטנס אָפּגעמאַכט מיט זײַנע געהילפן, אַז אויב די „ים־הינט" וועלן זיי כאַפּן אין מיטן ים, איידער זיי לאַנדן, זאָלן זיי אויף שנעל אַרונטערגיין צו דעם מאַשין־אָפּטייל און קאַליע מאַכן די מאַשינען... ווען דער קאַפּיטאַן האָט באַקומען דעם באַפעל פון די „ים־הינט" זיי נאָכצופאָרן, האָט ער גאַנץ העפלעך געענטפערט, אַז ער וואָלט עס גערן געטאָן, אָבער זײַן מאָטאָר איז שוין לאַנג קאַליע און דערפאַר בלאָנקעט (4) ער זיך אַרום אין וואַסער...

די קאַפּיטאַנען פון די „ים־הינט" זײַנען אַרויף אויף דער „מולטער" און ווען זיי האָבן געזען, אַז זי קאָן מיט איר אייגענעם כּוח נישט גיין, האָבן זיי די „מולטער" צוגעבונדן צו איינעם פון די „ים־הינט" און זי אָנגעהויבן שלעפּן צום ברעג...

און באַלד האָט זיך אין אַלע עקן לאַנד פאַרשפּרייט אַ נײַער קלאַנג: דאָס פאַרכאַפּטע שיפל ברענגט מען צום ברעג פון חיפה. מע וועט אָבער קיינעם נישט אַרונטערלאָזן ביז אינדערפרי. דאַן וועט מען אַרויפשיקן ענגלישע דאָקטוירים און זיי וועלן אַרונטערנעמען נאָר די גאָר קראַנקע און זיי שיקן אין אַ שפּיטאָל; די אַנדערע וועט מען אין דער פרי אַריבערפירן אויף איינער פון די ענגלישע שיפן צום אינדזל ציפּערן.

„קיין ציפּערן? ווידער אין אַ לאַגער אַרומגערינגלט מיט שטעכיקן דראָט?" (5) האָט מען זיך געשושקעט אין יענער נאַכט פון ערבֿ פּסח אין אַלע עקן לאַנד. „אומזיסט האָבן מיר זיך געריכט אויף אונדזערע געסט! אומזיסט האָבן מיר אָנגעגרייט פון בעסטן, פון אַלעם גוטן פאַר אונדזערע ברידער און שוועסטער! פאַר וואָס קומט עס אונדז אַלעמען אַזאַ שווערע שטראָף? וועט דער ענגלענדער נישט האָבן קיין שום אײַנזעעניש (6) מיט די דאָזיקע אומגליקלעכע וואַנדערער, וואָס זײַנען אויסגעמאַטערט פון וועג, פון ענגשאַפט, פון דורשט, און וועט זיי נישט אַרונטערלאָזן פון שיפל צו זייערע אייגענע, זיי זאָלן מיט זיי פאַרברענגען דעם ליבן יום־טובֿ פּסח?..."

יעדער איינער האָט זיך געשטעלט די פראַגע, טייל האָבן פאַרבראָכן מיט די הענט און געווישט די טרערן פון די אויגן איבער דעם פאַרשטערטן פּסח.

אָבער די „ים־זשאַבעס" (7) האָבן באַשלאָסן, אַז זיי וועלן נישט דערלאָזן, דער ענגלענדער זאָל פאַרשטערן זייער סדר. פון וואַנען זיי האָבן זיך אַרויסגעלאָזט און וווּהין — האָבן געוווּסט נאָר דער קאַפּיטאַן פון דער „הגנה" (8) און די „ים־זשאַבעס". ווי לאַנג עס האָט די „ים־זשאַבעס" גענומען אָפּצוטאָן דאָס שטיקל אַרבעט, וואָס זיי האָבן גענומען אויף זיך, האָט

4. דאָ: גייט אָן אַ ציל. 5. alambres de púas. 6. מיטגעפיל. 7. ים־אָפּטייל פון דער „הגנה".

8. פאַרטיידיקונגס־אָרגאַניזאַציע פון די ייִדן אין ארץ־ישׂראל.

אויך קיינער אַחוץ זיי נישט געטאָרט וויסן... דערפֿאַר האָט מען אין יענער נאַכט געהאַלטן אין איין קרעכצן און זיפֿצן אין יעדער שטוב אין ארץ־ישׂראל. מע האָט מיט שרעק און געוויין געוואַרט אויפֿן פֿרימאָרגן, ווען מע וועט די אומגליקלעכע פּליטים אַריבערפֿירן אויף דער ענגלישער שיף, אַז זי זאָל זיי פֿאַרשלעפּן קיין ציפּערן.



הונדערטער ייִדן, מענער און פֿרויען, האָבן זיך געלאָזט גיין צום חיפֿה־פּאָרט, כּאָטש פֿון ווײַטנס אויסרופֿן זייער „שלום עליכם" צו די אומגליקלעכע פּליטים, איידער מען שלעפּט זיי אַוועק פֿון די ברעגעס פֿון ארץ־ישׂראל. דער פּאָרט איז געווען אַרומגעצאַמט מיט שטריק, און צענדליקער ענגלישע סאָלדאַטן האָבן נישט צוגעלאָזט צו אים די גרויסע שטראָמען ייִדן, וואָס האָבן געוואָלט באַגריסן די ברידער און שוועסטער, איידער מען פֿירט זיי אַוועק מיט געוואַלד אין דער פֿרעמד... מע האָט געזונגען אויפֿן ברעג און געטרייסט די וויינענדיקע פֿון דער שיף מיט אַלערליי טרייסטן: „עס וועט נאָך קומען דער טאָג און מיר וועלן אַלע זײַן צוזאַמען און פּראַווען אַ גרויסן, אַ הערלעכן סדר! פֿאַרלירט נישט די האָפֿענונג! פֿאַרלירט נישט אײַער מוט!"

און אָט דערהערט זיך שוין דעם קאַפּיטאַנס באַפֿעל צו די, וועלכע שטייען אונטן ביים מאָטאָר. דער קאַפּיטאַן הזרט איבער זײַן באַפֿעל. די מאָטאָרן רירן זיך נישט. דער שטענדיק רויִקער ענגלענדער ווײַזט אַרויס אומגעדולד. פֿאַר וואָס פֿאָלגט מען נישט זײַן באַפֿעל? האָט עפּעס געטראָפֿן? און צווישן די אויסגעשרייען פֿון די פּליטים צו די ברעגעס און צוריק דערהערט זיך פּלוצעם אַן אויסרוף אויף דער ראַדיאָ: „די שיף, וואָס האָט גע־

זאָלט אָפּפירן די פאַרכאַפּטע פּליטים קיין ציפּערן, איז דורך דער נאַכט אַזוי באַשעדיקט (9) געוואָרן, אַז עס וועט געדויערן אַ פּאָר טעג, ביז מע וועט זי פאַרריכטן... און דערווײַל וועט מען אַרונטערלאָזן די פּליטים, פאַר וועל־כע מע וועט דאַרפן גאַראַנטירן, אַז זיי וועלן זיך אומקערן נאָך פּסח..."

קענט איר זיך שוין פאָרשטעלן, ווי גרויס עס איז געווען די פרייד יענעם ערב פּסח אין אַלע עקן ארץ־ישׂראל. ייִדן האָבן זיך געקריגט צווישן זיך, ווײַל יעדער איינער האָט געוואָלט אַהיימברענגען אַ גאַסט אויף פּסח פון די אָנגעקומענע פּליטים. עס זײַנען אָבער נישט געווען גענוג פּליטים צופרידן צו שטעלן יעדן איינעם. פון גרויס פרייד האָט מען אין יענער סדר־נאַכט געטרונקען אַ סך מער ווי די פיר כּוסות. און צווישן איין כּוסה און אַ צווייטער האָט מען זיך דערציילט וועגן דעם גרויסן נס פון יציאת־מצרים פון אַמאָל און פון הײַנט. און ווען מע האָט גערעדט וועגן דעם נס, וואָס האָט געטראָפן דעם פרימאָרגן, האָט מען געהאַלטן אין איין שמייכלען און רעדן צווישן זיך.

די אַלטע, פרומע ייִדן האָבן געזאָגט: „נאָר אליהו הנבֿיא האָט אונדז געהאָלפן!" אָבער די יונגע, וואָס האָבן שוין לאַנג געהערט וועגן דער גבֿורה פון דער ארץ־ישׂראלדיקער „הגנה". האָבן געווונקען (10) איינער צום צוויי־טן און געזאָגט:

„צוליב די „ים־זשאַבעס" פּראַווען מיר איצט דעם סדר דאָ, בײַ אונדז אין ארץ־ישׂראל..."

| קיבוץ־גלויות | אַבֿרהם לעוו |
|---|---|

אין מײַן קיבוץ, אויפן גרינעם פעלד,
שפּילן זיך הײַנט קינדערלעך פון גאָר דער וועלט,
אַנטלאָפענע פון גיהנומדיקע היימען,
קינדער פון איראַק, מצרים און פון תּימן.

קוק אָן דאָס ייִנגעלע מיט אויגן שוואַרצע דאָ אַנטקעגן דיר:
דאָס איז דאָך נסים פון אַלזשיר.
און דער איז גאָר פון פּערסיע.
עס גייט אַרום דאָ וועגן אים אַ ווערסיע:
גרענעצן געגנבֿעט און צופוס געגאַן —
דאָס לאַנד האָט אים צו זיך געצויגן.

9. צעשטערט. 10. guiñaban.

ער אליין דערציילט: „געפלויגן אין אַן עראָפּלאַן", —
און פײַער גליט אים אין די ברוינע אויגן...

אין אונדזער קיבוץ פלאַטערן פון אומעטום
די קינדערלעך אַרום,
קינדער פון רומעניע און פון פּוילן, —
פון אַלע וועלטווינקלען זיי ברענגען אונדז אַ גרוס.
דו ווייסט שוין אין אַ יאָר אַרום נישט אונטערשיידן:
ווער פון וואַנען שטאַמט?

און זייער לשון, דאָס העברעיִש־ריידן —
ווי פון געבוירענע אין לאַנד.
אין אונדזער קיבוץ, אויפן גרינעם פעלד,
שפילן זיך הײַנט קינדערלעך פון גאָר דער וועלט.
זיי דרייען זיך אין קאַראַהאָד דעם רונדן ,
און זייער לעבן טראָגט זיך פרײַ, צופרידן, —
די היים די אייגענע פאַרהיילט די ווונדן,
עס וואַקסן פרײַע, יונגע, שטאָלצע ייִדן.



קינדער פון קיבוץ (פאָטאָ)

## אליעזר שמאלי — פײַער און וואַסער

אונדזער פּאָזיציע איז געווען אין דער אַלטשטאָט (1). מיר זײַנען געזעסן ממש אויף דעם מויער, אין אַ שפּאַלט צווישן די פעלדזן.

ס'האָט אונדז אויסגעפּעלט ברויט, און דאָס וואַסער האָט זיך אויסגעלאָזט. די מלבושים אונדזערע זײַנען געווען צעריסן, און דאָס לײַב אונדזערס איז געווען אַרומגענומען מיט אַ פּאַנצער פון שטינקענדיקער בלאָטע. די האָר — צעפּאַטלט, און די בערד — אויסגעוואַקסן. דאָס אויג איז כּסדר געווען אָנגעשטעלט אין דעם פענצטערל, און דער פינגער אויפן ביקסן־צינגל.

— ווער איז דאָרט?

— אַשריקאָ.

— ווער ביסטו?

— אַ פאַרבינדלער.

— גיכער קום אַרויף!

— מע צילעוועט זיך אין מיר.

— בייג זיך אײַן און היט זיך!

— אָט בין איך דאָ.

דער אָנגעקומענער, אַ ייִנגל פון אַ יאָר צוועלף, האָט געטראָגן ברייטע הייזלעך, אויפן קאָפּ אַ טונקל טיכל און אויף די לענדן אַ לאַנגן שטריק, אײַנגעדרייט אין רינגען. אין דער פינצטערניש פון שפּאַלט האָט מען זײַן פּנים נישט געזען, אָבער לויט זײַן קול האָט מען געקאָנט הערן, אַז ער איז פון די מזרח־עדות (2), אַ געבוירענער פון דער אַלטשטאָט.

— ווער האָט דיך געשיקט צו אונדז?

— דער פון דער „הגנה" (3).

— און ווו איז דוד. וואָס פלעגט ביז איצט קומען צו אונדז?

— נעכטן געהרגעט געוואָרן אויפן וועג צו אייך.

— און ווי הייסטו?

— כ'האָב דאָך אײַך שוין געזאָגט: אַשריקאָ.

— ווער ביסטו?

---

1. דאָ: דערציילט זיך וועגן די קאַמפן פאַר ירושלים אין 1948. 2. די ייִדן פון די אַראַבישע לענדער. 3. די מיליטערישע אָרגאַניזאַציע פון די ייִדן פאַר דער מדינה.

— מיר זיינען עולים פון סאַלאָניקי. כ'האָב אײַך געבראַכט ברויט און סיגאַרעטן און גרוסן.
— ווער האָט געשיקט?
— איינער אַבֿרהם.
— און פֿאַר וואָס האָט ער אונדז נישט געשיקט קיין וואַסער?
— צוויי מאָל בין איך שוין געווען בײַם מויער מיט אַ פּולן לאָגל (4) אויף די פּלייצעס, אָבער די באַנדיטן האָבן זיך געצילעוועט און אים דורכ־געלעכערט. נאָר מיט גאָטס הילף בין איך לעבן געבליבן. איר האָט גאָר־נישט קיין וואַסער? — האָט אַשריקאָ געפרעגט מיט אַ ציטערדיקן קול.
— אַפילו קיין לעק נישט.
— זאָרגט זיך נישט, איך וועל אײַך ברענגען.
— ווי אַזוי?
— פון דער צווייטער זײַט.
— פונעם ירדן? — האָט מען אים געפרעגט מיט געלעכטער.
— פון דעם שילוח־קוואַל.
— מיט אַן אַוויאָן?
— פאַר וואָס מיטן אַוויאָן?–האָט זיך אַשריקאָ באַליידיקט און צע־שפּרייט זײַנע הענט אין דער פינצטערניש. — ס'איז נאָענט דאָס אָרט, אַ פערטל שעה פון דאַנען, און מע קען גיין צו פוס.
— ווי אַזוי?
— פשוט אַזוי. — ענטפערט ער און שמייכלט, — כ'האָב שוין גע־טראַכט דערפון נעכטן און הײַנט און כ'האָב שוין די זאַך גוט צוגעגרייט. איר וועט מיך אַראָפּלאָזן אויף אָט דעם שטריק, וואָס אויף מיר, ביזן טורעם פון אונטן, און איך וועל זיך שטילערהייט דורכגנבֿענען צום קוואַל, כ'וועל אָנפילן דעם לאָגל. וועל צוריק קומען און אײַך ברענגען פרישע וואַסער.
— רעדסט נאַרישקייטן.
— אַזוי וועל איך טאָן און הערט וואָס איך זאָג: אָט טראָג איך דאָך אויף מײַנע פּלייצעס דעם דאָזיקן לעדערנעם לאָגל און שפּרינג אַרום פון דאַך צו דאַך פון דער אַלטשטאָט, קריך דורך די שפּאַלטן און לעכער, ביז איך גנבֿע זיך שטילערהייט צו צו איינעם פון די וואַסער־באַסיינען (5), דערנאָך קום איך צוריק און צעטייל דאָס וואַסער צווישן די בחורים. ווײַל אונדזערע באַסיינען זײַנען ס'רוב צעשטערט, און די וואָס זײַנען געבליבן — איז דאָס וואַסער אין זיי נישט צו טרינקען.
— און מע האָט דיך נישט געכאַפּט?
— איך רעד דאָך אַראַביש, ווי איינער פֿון זיי. מײַן פּנים וועט מיך נישט אויסגעבן, ווײַל איך בין אַזוי שוואַרץ, ווי זיי, און מײַנע קליידער — ווי פון אַן אַראַבישן טרעגער.

---

4. אַזאַ מין זאַק, וואָס קאָן אײַנהאַלטן וואַסער. 5. וואַסער־רעזערוואַר.

— מיר ווען נישט איינשטעלן דײַן לעבן, אשריקאָ.
— און איר? איר זײַנט דען נישט שטענדיק אין סכּנה?
— מיר מוזן.
— איר מוזט אָפּגעבן אײַער לעבן, און מיר זײַנען פּטור? — פרעגט דאָס ייִנגל מיט כּעס.
— דו ביסט נאָך אַ קינד, אשריקאָ.
— אַ קינד בין איך נאָך? — זאָגט איבער דאָס ייִנגל מיט כּעס און אומגעדולד. — זעט, זעט! — ער זאָגט עס און בעת מעשׂה וויקלט ער אויף אין דער גיך דעם שטריק, וואָס אויף זײַנע לענדן. — איינס-צוויי און מיר וועלן ענדיקן. אָט האָב איך אָנגעבונדן דעם שטריק צו דעם טורעם, און דער שטריק איז שוין פון אונטן, צופוסנס פון דעם טויער. מײַן קערפּער איז דין און מאָגער, און אָט קוועטש איך זיך צונויף און גיי אַרויס דורך דעם דאָזיקן פענצטערל, איך האַלט זיך אָן אין דעם שטריק — און שלום!
די זאַך איז אָפּגעטאָן געוואָרן אין איין אויגנבליק און אין איין אָטעם, אַז מיר האָבן נישט באַוויזן אים אָנצוכאַפּן און אָפּרעדן פון דער זאַך. איי-דער מיר האָבן זיך אַ ריר געטאָן צום פענצטער אויף איינצוהאַלטן דעם איינ-געדרייטן שטריק, איז שוין דאָס ייִנגל געווען אויף יענער זײַט, זיך דורכ-געגליטשט, ווי אַ פלינקע מילב, דורך דער לאָך — און איז פאַרשוווּנדן געוואָרן.
— אַשריקאָ, קען זיך אום! — האָבן מיר צעטומלטע געשריגן.
שטילקייט און פינצטערניש און מוראדיקער פּחד.

אַזוי ווי די בני יעקבֿ נאָכן פאַרקויפן זייער ברודער יוסף צו די יש-מעאלים, אַזוי זײַנען מיר געזעסן, דערשלאָגענע און פאַרשעמטע.
— האָסט נישט געקאָנט אָנכאַפּן דעם שטריק זײַנעם?
— און דו, פאַר וואָס האָסטו זיך נישט אָנגעהאַלטן אין זײַן קאַפּטיכל?
— פשוט, מיר האָבן מיט אייגענע הענט געהרגעט דאָס ייִנגל!...
אַ שטילקייט און שווײַגעניש אַרום און אַרום. פאַר וואָס זײַנען פלו-צעם אַנטשוויגן געוואָרן די גראַנאַטן-וואַרפערס? זײַנען די שׂונאים מיד גע-וואָרן און אַ הינערפלעט איז זיי באַפאַלן אין מיטן פון דעם מלחמה-שטורעם?
אַכטונג! זעט אויס, אַז אויך זיי האָבן אײַנגעהאַלטן דעם אָטעם און גייען נאָך מיט דורכדרינגענדיקע און פאַרשנדיקע אויגן נאָך דעם קליינעם ייִנגל, וואָס קריכט און שלײַכט זיך דורך די דערנער און קוסטעס, וואָס זײַנען צעוואָרפן צווישן דעם טויער און דעם קוואַל אויפן באַרגרוקן.
שטיל אַרום. נאָר אין אונדזערע נשמות איז אַ שטורעם. ווי אַזוי וועלן מיר קאָנען אַרײַנקוקן אין די אויגן די, וואָס האָבן דאָס ייִנגל צו אונדז גע-שיקט, און מיר האָבן די אחריות פאַר אים?
— ווי שפּעט איז, חבֿרים?
— באַלד האַלבע נאַכט.

— שוין באַלד דרײַ שעה, זינט דאָס ייִנגל איז אַוועק, און...
— הערט נאָר הערט: דאַכט זיך, טריט דאָרט אונטן...
— יאָ, טריט אין דער שטילקייט.
— ווער איז דאָרט?!
— אַשריקאַ.
— ס'איז מיט דיר אַלץ בשלום, דו לײַכטזיניק קינד?
— כ'בין דאָ צוריק, אָן וואַסער.
— גיכער וויקל אַרום דעם שטריק אַרום דײַן קערפּער און מיר וועלן דיך ענדלעך אַרויפנעמען!
— איך קאָן נישט, חבֿרים.
— וואָס איז דען מיט דיר, אַשריקאַ?
— טויט איז אין מײַן לאַגל.
— רעדסט נאַרישקייטן!
— זײַט געזונט, חבֿרים...
— בינד אַרום דעם שטריק און מיר וועלן דיך אויפהייבן!
— זאָל איינער שטאַרבן און נישט פינף.
— וואָס האָבן זיי דיר געטאָן, די מנוּוּלים (6)?
— אַ מינע האָבן זיי מיר אַרײַנגעלייגט אין לאַגל און געשיקט צו אײַך.
— גיכער בינד אָפּ דעם לאַגל און לאָז אים אַראָפּ פון די פּלייצעס!
— זיי האָבן מיר געבונדן די הענט, און איך קאָן זיי נישט באַפרײַען...
— וואַרט צו, אָט וועלן מיר אַראָפּ צו דיר און אַרומבינדן מיטן שטריק.
— אײַער לעבן איז טײַערער פאַר מײַנעם... היט זיך!...
— ר־ע־ע־ם!!...

אַ מעכטיקער אויפרײַסקלאַנג האָט איבערגעריסן אונדזער שמועס, די לופט איז אין גאַנצן אויפגעטרייסלט געוואָרן און האָט אונדז אָפּגעוואָרפן אין דער טיף פון אונדזער פּאָזיציע.

— אַשריקאַ! — האָט זיך אַרויסגעריסן פון אונדז אַלעמען אַ געשריי פון ווייטיק, ווען מיר האָבן זיך ווידער צוגעקלעפּט צום פענצטערל, נאָך דעם ווי עס איז שטיל געוואָרן. — אַשריקאַ!!

פון איבער דעם שילוח־קוואַל האָט זיך צו אונדז דערטראָגן אַ ווילדער געלעכטער, אַזוי ווי אַן ענטפער אויף אונדזער פאַרצווייפלטן רוף...

---

6. שלעכטע, אוממאָראַלישע מענטשן.



ה. לייוויק

# אויף דײַן ערד, ירושלים

אויף דײַן ערד, ירושלים,
איז מיר גוט צו שווײַגן.
כ'עפֿן אויף פֿאַר מײַנע ווערטער
אַלע זייערע שטײַגן (1).

כ'לאָז זיי אַרויס
אויף פֿולער פֿרײַהייט
מיט דאַנק און מיט לויב
פֿאַר זייער זעלטענער געטרײַהייט (2).

איך באַפֿרײַ זיי און זאָג:
איבער אַלע בערג אַרום,
איבער אַלע היגלען (3) פֿון ירושלים,
פֿליט אײַך פֿונאַנדער, מײַנע טײַערע,
קלײַבט אײַך אויס די הייליקסטע ערטער,
ווײַל זיי זײַנען אײַערע,
און רוט אויף זיי, רוט.
און מיך לאָזט איבער אַליין
מיט מײַן חלום, וואָס איך חלום,
צו זײַן כאָטש איין מינוט
מיט זיך אין פֿולן שלום.

אויף דײַן ערד, ירושלים,
גאָלדיקט די שטילקייט בײַ טאָג,
בלויט די שטילקייט בײַ נאַכט.
גיב איך מיט אַ מאָל צו זיך אַ זאָג:
אָט דאָ איז געשטאַנען ישעיה?
טאַקע דאָ? —
די נאַכטיקע רגע די געטרײַע
ענטפֿערט אָפּ: יאָ, דאָ.

נעם איך רופֿן, אַ געפּלעפֿטער (4),
מײַנע ווערטער:
קומט צוריק פֿון אײַערע ערטער,
קומט צוריק, קומט צוריק,
מײַנע געטרײַע —
העלפֿט מיר אויסשווײַגן דאָס גליק
צו שטיין אויף דער ערד,
וווּ ס'איז געשטאַנען ישעיה.

1. jaulas. 2. איבערגעגעבנקייט. 3. בערגלעך. 4. שטאַרק פֿאַרוווּנדערטער.

| מיר מוזן געווינען | יוסף אַפּאַטאָשו |
| --- | --- |

די פירשטאַקיקע מויער אויף גאַרעק-סטריט איז געווען אָפּגעבליאַקעוועט (1). די ציגל האָבן זיך פון אַלטקייט געשיילט, ווי אַ הויטקראַנקייט, וואָס נעמט זיך היילן. די באַפעלקערונג — אַ געמישטע: טערקישע ייִדן, בולגאַרישע ייִדן, פּוילישע ייִדן, און דערצו אמתע שפּאַניערס. מע האָט זיי דערקענט נאָך די מאכלים-גערוכן, וואָס האָבן זיך געשפּאַרט דורך די אָפענע טירן, אָנגעפילט די טונקעלע קאָרידאָרן. און כאָטש מע האָט זיך נישט געקענט צונויפריידן, האָט אײן שכנה געוווּסט, וואָס ס'טוט זיך בײַ דער צווייטער. און אַז בײַ מילערן איז אָוועקגעקומען דער צוואַנציקיאָריקער סעם, האָבן די אײַנוווינערס פון אַלע פיר שטאָק אים געהאָלפן זוכן.

אַכט וואָכן האָט מען נישט געהערט פון סעמען. און אַז אויף דער נײַנטער איז אָנגעקומען פון אים אַ בריוו אָזש פון ארץ־ישׂראל, האָט די טיר בײַ מילערן נישט גערוט. דער פאָטער, אַ שטיקל פאַרזיכערונג־אַגענט (2), אַ שטיקל זייגערמאַכער, אַ שטיקל ציוניסט נאָך פון פּוילן, און דערצו נאָך אַ גרויסער קבצן, איז געווען אויפגעהײַטערט (3). וואָס זײַן שלמה האָט זיך אָנגעשלאָסן אין דער הגנה און העלפט שלאָגן די אָנפאַלערס, די אַראַבערס. און אַז אַ שכן, דערצו נאָך אַ שפּאַניער, וואָס האָט זיך געשלאָגן אינעם אינטערנאַציאָנאַלן באַטאַליאָן, האָט אים אָפּגעשטעלט, איז גאָר קיין גרענעץ נישט געווען צו דער פרייד. ער, מילער, האָט ס'ערשטע מאָל דערפילט, אַז נישט בלויז זײַן שלמה שלאָגט דעם שונא, נאָר ער. שלמהס פאָטער, שלאָגט אויך דעם שׂונא.

געזווינט האָט סעמס מוטער. זי האָט נישט אויפגעהערט צו באַפאַלן דעם מאַן:

— וואָס פרייט ער זיך, דער אָפּגעריסענער נאַר?

דער מאַן האָט נישט געענטפערט. מיט אַ מינע, ווי ער וואָלט זיך באַטראַכט, איז ער געשטאַנען ביים פענצטער און געפּויקט מיט צוויי פינגער דאָ אין איין שויב, דאָ אין אַן אַנדערער. ווײַל כאָטש ער האָט זיך געפרייט, האָט ער זיך אין דער זעלביקער צייט שטאַרק געערגערט (4),

---

1. אָפּגעקראָכן די פאַרב. 2. de seguros. 3. אין אַ גוטער שטימונג. 4. געווען נישט צופרידן.

וואָס ערגעץ טיף אין דער נשמה טוט אים ווײ פאַרן בן־יחיד, טוט אים ווײ, וואָס זײַן שלמה איז אויפֿן שלאַכטפֿעלד. אַזוי ווי זײַן בן־יחיד האָט געהאַנדלט (5), האָט דאָך געדאַרפֿט האַנדלען יעדער ציוניסט. און ער, מי־לער? וואָס האָט ער זיך אַוועקגעשטעלט בײַם פֿענצטער, ווי זײַן טאַטע פֿלעגט שטיין, ווען מ'האָט בײַ אים צוגענומען אַ זון פֿאַר אַ זעלנער? בעסערע מענטשן ווי מילער האָבן פֿרײַוויליק אַוועקגעשיקט זייערע זין זיך שלאָגן פֿאַר פֿרעמדע אונטערדריקטע פֿעלקער. און דאָ? — האָט מילער צעשפּרייט די צען פֿינגער ווי אַ צעעפֿנט בוך. — אַן איבערגעגעבענער ציוניסט איז געפֿאָרן קיין ארץ־ישׂראל, איז געפֿאָרן העלפֿן די ארץ־ישׂראל־ייִדן אָפּשלאָגן אַ שׂונא.

אַז ס'איז פֿאַרבײַ נאָך אַ חודש און ס'איז פֿון סעמען נישט געקומען קיין בריוו, האָבן טאַטע־מאַמע גענומען גיין אויף די שפּיץ־נעגל, כּמעט ווי נישט גערעדט צווישן זיך, ווי אין שטוב וואָלט געווען אַ חולה מסוכּן (6).

די מוטער האָט שוין נישט געוויינט. זי האָט בלויז געשלונגען די טרערן און ווײַטער געטאָן אירס. ווו אַ רבי (7) אין ניו־יאָרק, איז זי געגאַנגען צו אים מיט איר ביטער הארץ, מיט איר צעבראָכן געמיט (8). אַ רבי האָט געהייסן אָנצינדן אַ גרויס ליכט, ווי מען צינדט־אָן יום־כּיפּור אין שול. די מוטער האָט אַ נדר לעטאָן (9), אַז די ליכט וועלן בײַ איר ברענען אַזוי לאַנג, ביז וואַנען איר בן־יחיד וועט נישט צוריקקומען.

און די ליכט האָבן געברענט.

ס'איז געווען שפּעט אין אָוונט, ווען מע האָט בײַ מילערן אָנגעקלאַפּט.

— ווער קען עס אַזוי שפּעט קלאַפּן? — איז מילער געבליבן זיצן אין דער שטול איבער אַ צעעפֿנטער צײַטונג, ווי ער וואָלט זיך געשראָקן, ס'זאָל נישט זײַן אַ טעלעגראַמע, און געקוקט צו דער קיכטיר, ס'זאָל קומען נאָך אַ קלאַפּ.

און אַז ס'ווײַב האָט נישט געענטפֿערט, און מע האָט נאָך אַ מאָל אָנגעקלאַפּט, האָט מילער, אַן איבערגעשראָקענער, געעפֿנט די טיר. דער שכן פֿון צווייטן שטאָק, יוסף אַלגאַזי, האָט מילערן געדריקט די האַנט:

— זינט אײַער סעם איז אַוועק קיין ארץ־ישׂראל, האָב איך אײַך אויסגעמיטן (10), שכן מילער... — האָט אַלגאַזי, מיט די פֿעסט צונויפֿגעקלאַפּטע פּלייצעס, אַ געבויגענער, אַראָפּגעלאָזט זיך אויף דער שטול, וואָס איז געשטאַנען אין קיך. — כ'האָב זיך געשעמט. וואָס מײַן זון, אַ געבוירטיקער אין ירושלים, זיצט אין ניו־יאָרק. אַצינד, מיסטער מילער, באַגריסט מיך.

— וואָס, אײַער רחמים איז אַוועק קיין ארץ־ישׂראל? — האָט מילער זיך דערפֿרייט מיטן שכן. — ווען איז ער אַוועק?

---

5. דאָ: געטאָן. 6. געפֿערלעך קראַנק. 7. דאָ: אַ חסידישער רבי. 8. שטימונג, צושטאַנד פֿון דער נשמה. 9. גענומען אויף זיך אַ חוב. 10. נישט געוואָלט זיך באַגעגענען.

— נעכטן... — האָבן די קנייטשן (11) אין אַלגאַזים פּנים אויפגעלויכ־טן. — אַ שאָד בלויז, שכן, וואָס איך האָב זיך נישט געקענט מיטכאַפּן מיט אים. צו אַלט. כ'בין שוין אין די הויכע זעכציקער. אומעטיק צו בלײַבן מיט אַ ווײַב, וואָס האַלט אין איין וויינען, — האָבן זיך די קנייטשן אויף אַלגאַזים פּנים צוריק גענומען זיך באַווײַזן.

פרוי מילער האָט געקוקט אויף אַלגאַזין, ווי אויף אַ טערק, נישט ווי אויף אַ ייִד. צווישן די דאַגות, וואָס אויף איר פאַרעלטערט פּנים, האָט זיך צעלייגט אַ שמייכל, וואָס ס'האָט געהאַט צו זאָגן:

— מיט אַזוינע זעלנערס קען מען אַ וועלט אײַננעמען.

אין מילערן האָט זיך אַ וועק געטאָן די אַמאָליקע פריייד. ער האָט פאַר־געסן, אַז ס'איז נישטאָ קיין פּרנסה, פאַרגעסן, אַז ס'ווײַב גייט פון שטוב נישט אַרויס, היט דאָס ליכט, וואָס ברענט בײַ נאַכט, ברענט בײַ טאָג. און אַז דער שכן האָט צו אים אַ זאָג געטאָן: „מיר וועלן געווינען" — האָט מילער פאַרזיכערט אַלגאַזין: — „מיר מוזן געווינען!"

— נישט בלויז געווינען, — האָט אַלגאַזי אַ צי געטאָן איבערן ווענטל פון שטול, איז ייִנגער געוואָרן, — מיר מוזן דעם אַראַבער אַרויסטרײַבן פון ארץ־ישׂראל. אײַער זון, מײַן זון...

— איר זײַט טאַקע אַ געבירטיקער... כ'מיין, אַן ארץ־ישׂראלדיקער? — איז מילער אים אַרײַן אין די רייד.

— געבוירן בין איך אין סאַלאָניקי,—האָט אַלגאַזי ווי געוואַרט, מען זאָל אים פרעגן. — אין סאַלאָניקי איז געווען פּרנסה, איז געווען גוט. און ווען נישט דער שׂונא־ישׂראל,דער יוון הרשע, דער גריך... נאָר וואָס איז דאָ צו ריידן? אין ירושלים איז אויך געווען גוט, געהאַט אַן אייגן געוועלבל.

— און מיט די אַראַבערס האָט איר אין ירושלים יאָ געלעבט בשלום?

— איז אים מילער ווידער אַרײַן אין די רייד.

— ווער האָט געדאַרפט מיט זיי לעבן בשלום? ווער האָט געדאַרפט זייער חבֿרשאַפט? — האָט אַלגאַזי זיך צערעדט, האַלב ענגליש, האַלב העב־ רעיִש, אָן אַ פאַרבינדונג, און געוויזן אויף די אייגענע הענטמוסקלען. — שטאַרק, שטאַרק, חלוצים שטאַרק. אויך געווען אַ „זאָלדאַט", געדינט דעם טערק, געדינט אַכט יאָר, דורכגעמאַכט די ערשטע וועלט־מלחמה...

ער האָט אַ כאַפּ געטאָן ס'לאַנגע שפּיציקע ברויטמעסער, וואָס איז געלעגן אויפן טיש, עס אָנגעשטעלט ווי אַ ביקס צום שיסן און געזוכט ווערטער:

— איך געשאָסן מיט אַ מאַרטין (12), אַזוי — פּיף־פּאַף! איך — שטאַרק, חלוצים — שטאַרק. איך — מאַרטין, חלוצים — מאַרטין. מיר — נישט מורא געהאַט. אַראַבערס — הינט, משוגענע הינט.

אַלגאַזי האָט זיך אַ בייג געטאָן צום שכן, אים אַרײַנגערוימט (13):

---

11. arrugas. 12. אַזאַ מין ביקס. 13. געזאָגט שטיל.

— מײַן רחמים — שטאַרק, דײַן סעם — שטאַרק, חלוצים — שטאַרק... יעדער דאַרף האָבן אַ ביקס, אַ מאַרטין־ביקס... איין פאָן — אַ ייִדישע פאָן, איין מלוכה — אַ ייִדישע מלוכה. יאָ, שכן.

מילער דער „פּאַלאַקים“ איז געזעסן מיטן „טערק“ אַלגאַזי ביז שפּעט אין דער נאַכט אַרײַן. זיי האָבן זיך דערציילט מעשׂיות. מילער האָט דער־מאָנט דעם רמב״ם, אַבּרבּנאַלן, געוואָלט מיט דעם אויסנעמען בײַם שכן. כאָטש דער שכן האָט די נעמען קיין מאָל נישט געהערט, געוווּסט אָבער, אַז מילער רעדט וועגן צדיקים, וועגן הייליקע. דאָס האָט אָבער נישט גע־שטערט די נאָענטקייט פון ברודערשאַפט, וואָס איז מיט אַ מאָל אויסגעוואַקסן צווישן דעם „פּאַלאַקים“ און דעם „טערק“, אַ קרובישאַפט, וואָס האָט זיך געצויגן דורות, דורות. און אַז שכנים האָבן זיך געזעגנט, האָבן ביידע, מיט פרייד אין די אויגן, אין איינעם אַרויסגערעדט:

— מיר וועלן געווינען!

— מיר מוזן געווינען!

יוסף פּאַפּערניקאָוו

# מ ר ח ב י ה

פּאָעמע

אין מרחביה איז נישט פריילעך. ווי קאָן פריילעך זײַן,
ווען עס ווערט אַ ביסל וואַסער טײַערער פון ווײַן?
אויפגעשטאַנען אַ באַגינען, (1) ווען עס איז נאָך בלאָ,
און דערוווּסט זיך, אַז קיין וואַסער איז פאַר זיי נישטאָ.
עמערס לויפן טיף אין ברונעם, נאָר נישטאָ קיין טראָפּ, —
אויסגעטריקנט! גייען „חבֿרה“ מיט די קעפּ אַראָפּ.
„וואַסער, וואַסער!“ — איז איעדנס איינציקע געבעט,
ווײַל אין וואַסער איז געווענדט אויך ס'עסן צו דער זעט.

---

קוקט די זאָרג פון מרחביה דערפאַר
פון די אויגן אַרויס פול מיט צער —
וואָלט געוועזן זיך ווער ריכטן! גיי ווייס,
אַז ס'איז ווייניק דער ערד אונדזער שווייס;

---

1. פרימאָרגן.

אַז ס'איז ווייניק נאָך, ווייניק די מי
פון דער צײַט, ווען מ'איז איבער די קני
דאָ געשטאַנען אין זומפּן (2) פון שלענג,
און געצויגן פון זיי אַלע קרענק;
און געפיבערט מיט היץ און מיט קעלט
ביז פון זומפּ איז געוואָרן דאָ פעלד,
ביז פון שטיין איז געוואָרן דאָ ערד.
וואָס גייט אויף נאָכן אַקער און יערט (3).
מיט אַ מאָל — אַזאַ אומגליק אַ גרויס!
וואָס קאָן העלפן דאָס אויסגיין אין שווייס?
וואָס קאָן העלפן דער כּוח פון הענט?
איז קיין וואַסער נישטאָ — דעמלט ברענט.

---

ווײַל מע האָט דעם באָדן (4) קאָרג געוועסערט (5),
האָט זיך הײַ־יאָר ס'גרינס נאָך נישט געבעסערט,
זענען נישט געראָטן (6) אויך די טרויבן (7),
און מרחבֿיה פילט זיך נישט געהויבן.
זאָרג איז אָבער נישט קיין יאוש־צייכן (8)
ס'האָפט מרחבֿיה אירס נאָך צו דערגרייכן,
ס'גלייבט מרחבֿיה, אַז ס'וועט בעסער ווערן
און זי וועט נאָך לאָזן פון זיך הערן.

---

אין מרחבֿיה זוכט מען וואַסער
ווי מען וואָלט געזוכט דאָרט גאָלד.
פֿאַר אַ ריטשקעלע (9) פון ערגעץ,
וואָלט מען כ'ווייס־נישט־וואָס געצאָלט:
און מע טאַפּט אַרום דעם דופּק (10)
בײַ דער דאָרער מאַמע־ערד,
אפשר דאָ, און אפשר דאָרטן —
מע באַרעכנט, מע באַקלערט;
מע פאַרגייט. ווי שאַף, אין טאָלן —
פון די בערג, וואָס ליגן האַרט —
אפשר קלאַפּט אַ וואַסער־אָדער (11),
וואָס אַ באַרגשטיין האָט פֿאַרשפּאַרט (12), —

---

2. בלאָטעס, נאַסע ערטער. 3. וואַקסט. 4. ערד. 5. געגעבן וואַסער. 6. נישט אַרויס גוט. 7. ווײַנטרויבן. 8. desesperación. 9. קליין טײַכל. 10. פּולס. 11. דאָ: אַ שטראָם וואַסער. 12. פאַרשלאָסן.

ליגט עס לעבעדיק פֿאַרגראָבן
אין דער טיף און וויל די פּלאַך (13),
אפשר וועט מען עס דערהערן? —
וואסער האָט דאָך אויך אַ שפּראַך!
ריַיסט זיך עס מיט כּוח, לויפֿט עס,
שלאָגט עס דורך פֿאַר זיך אַ וועג,
דרייט זיך, שלענגלט זיך און צישעט,
וויל קיין צוים (14) נישט, וויל קיין ברעג,
און עס פֿרייט זיך מיט דער פֿריַיקייט:
„כ'האָב דערגרייכט, וואָס כ'האָב געוואָלט".
און מרחבֿיה? — ריַיך געוואָרן:
מ'האָט אין טאָל געפֿונען גאָלד...

---

אַז געפֿונען, איז — געגראָבן!
ס'טרעפֿט נישט לײַכט זיך אַזאַ פֿאַל;
ס'וועט מרחבֿיה וואסער האָבן,
ווו אַ ריטשקע — דאָרט אַ קוואַל.
ווו אַ קוואַל — דאָרט וועט אַ ברונעם
און אַ גרויסע בירקע (15) שטיין;
וועט מען רערן (16) נאָר פֿאַרלייגן —
וועט עס שטראָמענוויַיז שוין גיין.
וועט עס שפּאַרן זיך דורך רינוועס (17) —
איַינצוהאַלטן ס'וואסער קוים —
צו די טעלערלעך און טעלער
אונטער יעדער פֿלאַנץ און בוים;
וועלן זיי די קעפּ פֿאַרהייבן
נאָך אַ צײַט פֿון זײַן פֿאַרשמאַכט (18),
און זיך אויסגליַיכן, צעוואַקסן
און צעבליִען, פֿריש דערוואַכט:
— האָט איר טרינקען, צום דערהאַלטן
אונדז ביַים לעבן, אויפֿגעזוכט —
וועלן מיר דערפֿאַר אייך, חבֿרה,
געבן עסן אונדזער פֿרוכט.

---

13. דאָ: די איבערפֿלאַך — superficie. 14. שטערונג. 15. קליינע אָזיערע.
16. tubos. 17. קאַנאַלן. 18. דאָ: פֿאַרטריקנט.

אין מרחביה גראָבט מען שוין דעם אוצר אויס,
קרײַצהעק (19) הייבן זיך אין האַלבראָד איבער קעפּ,
בליצן שטאָליק קעגן זון, צעטראָגן קלעפּ,
מאַכן פונעם שטיינערשיכט (20) דעם באָדן לויז (21).
ס׳בײַסן לאָפּעטעס (22) די ערד, ווי שאַרפע ציין,
רײַסן שטיקערווײַז פון אונטער פּיס אַפּער,
און די פּיס — זיי זינקען, נידערן אַלץ מער,
ווילן שוין וואָס גיכער צו דער טיף דערגיין.
אין מרחביה גראָבט מען שוין דעם אוצר אויס.
מענטשן לאָזן זיך מיט ווינדעס (23) שוין אַראָפּ;
איידער מען דערגייט צום ביסל גוטס און האָב —
זעט מען אויף דער ליכט דעם קאָפּ נישט אַלץ אַרויס...

---

אין מרחביה פרייט מען זיך,
ס׳פרייט זיך אַלט
און ס׳פרייט זיך יונג,
אין מרחביה גרייט מען זיך
צו דער וואַסער־פײַערונג.
שוין פאַרבעטן פון אַרום
אַלע שכנים קודם־כל,
און אויך געסט פון אומעטום,
ווער עס וויל — דער קומען זאָל!
פון די דערפער, פון די שטעט —
מע פאַרבעט פון גאַנצן לאַנד
און מרחביה טיילן וועט
כּיבוד (24) מיט דער
ברייטער האַנט.

וואָלקנס שטויב אויף עמקס (25) אַלע וועגן
פון די וואָלקנס שיילן פורלעך זיך אַרויס,
ס׳דאַרפן אויך די פערדלעך שוין נישט פרעגן,
וווּ מרחביה ליגט און קוקט פון ווײַט זיי אויס.
אָט פאַרנעמען ווײַט געזאַנג די אויערן
און מרחביער ווײַזן זיך: מע זעט שוין, זעסט?
לאָמיר ברייט צעעפענען די טויערן,
ס׳פאָרן חבֿרה יאַטן (26) שוין, עס פאָרן געסט!
יונגעון, מיידן מיט אַנטבלויזטע (27) קני׳ען,
הענט פאַרקאַשערטע (28) פון ווײַסן לײַוונט, סיץ (29),
ברוין, ציגײַנעריש (30) די אויגן גלי׳ען (31)
ווען ערט עס אַזאַ פײַער, אַזאַ היץ!

---

19. העק צום גראָבן. 20. שיכט — capa. 21. פרײַ. 22. palas.
23. elevadores. 24. עסן־טרינקען פאַר די געסט. 25. עמק יזרעאל. 26. יונגעון.
27. נישט־פאַרדעקטע. 28. אָפּגעדעקטע. 29. algodón. 30. ווי ציגײַנער.
31. ברענען, שײַנען.

— אונדז פאַרבעטן, זענען מיר געקומען,
זענען מיר מרחבֿיער בעלי־שׂמחהס — דאָ.
גיט אַהער אויף נאָס מאַכן דעם גומען (32),
און זאָל זײַן אײַך אין אַ מזלדיקער שעה!

---

אין מרחבֿיה האָט מען לאַנג שוין אַזאַ נשף (33) נישט געהאַט;
אָפּגערעדט שוין, וואָס מע האָט פֿון כּל־טוב (34) אָפּגעגעסן זאַט —
האָט מען אויך אַ נאַכט געגאָסן זיך מיט... וואַסער, ווי מיט וויַין,
און פֿאַרייַנגעטאַנצט מיט אַלע האָראַס אינעם טאָג אַריַין.

| רחל אויערבאַך | עס וואַקסט אַ נײַער יישובֿ |
|---|---|

## א. שאַקאַלן אין דער נאַכט.

ווען איך האָב זיך אַרײַנגעצויגן אין שיכּון (1), האָב איך דערזען, אַז דאָס הינטערשטע פֿענצטער פֿון מײַן דירה גייט אַרויס אויף אַ האַלב־ווילדער לאַנדשאַפֿט (2). הינטער דער לעצטער שורה הײַזער האָט זיך געשפּרייט אַ גרויסער, פֿרײַער שטח (3), באַדעקט מיט שורות נידעריקע, פֿאַרטריקנטעביימער — אַ פֿאַרדאַרטער, פֿאַרלאָזענער פּרדס (4). נאָר ווינטערצײַט האָבן זיך אויף די גרויע, אויסגעדאַרטע צווײַגן פֿון די ביימער געוויזן דאָ און דאָרט קאַרגע רעשטן גרינס. פֿרילינג האָבן נאָך די ביימלעך געפּרוּווט אַ ביסל בליִען, שמעקן, אַ פֿלייץ טאָן איבער דער געגנט מיט ריחות. קיין כּוח צו צײַטיקן (5) פּרוכטן האָבן זיי שוין נישט געהאַט. נאָר פּאָר שלאַנגען און פֿייגל זענען נאָך די ביימער אָנגעגאַנגען פֿאַר ביימער. נאָר זיי האָבן ווײַטער געגנעסטיקט (6) צווישן די חרובֿע צווײַגן, געהויזט צווישן די טויטע וואָרצלען. נאָר שאַקאַלן זענען ווײַטער געזעסן אין זייערע פֿאַרבאָרגענע (7)

---

.32 paladar.   .33 פֿאַרוויַילונג.   .34 אַלדאָס־גוטס.

.1 קאָלאָניע. .2 פּייזאַזש, פּאַנאָראַמע. .3 פּלאַץ. .4 גאָרטן פֿון פּרוכטן. .5 געבן גוטע פּרוכט. .6 געלעבט, געהאַט נעסטן. .7 באַהאַלטענע.

לעבער און מיטן ערשטן צופאַל פון דער נאַכט געלאָזט הערן פון דאָרט אַ געוויין, אַ געוואָי.

טייל מאָל פלעגט זיך דאַכטן, אַז דאָס איז בלויז עפּעס אַן אָנשטעל (8), אַז דאָס האָבן זיך קינדער פאַרגנבֿהט און מאַכן נאָך דעם שאַקאַלן־געשריי. אָן אַנדערש מאָל האָט מען בפירוש (9) געהערט, אַז די שאַקאַלן קרימען נאָך די מענטשן.

מענטש און חיה, געוויין און געלעכטער — עפּעס אַן אויסטערלישע נײַע וועלט האָט אָפּגעקלונגען אין אויער פון דעם נײַעם עולה, און דערבײַ האָט אין שאַקאַלן־געוויין מיטגעציטערט אַ נאָטע פון עפּעס אורעלט באַקאַנטס. ווי עפּעס אַ פאַרבאָרגן, אייגן געפיל וואָלט דאָ אַרויס פון די כּלים; ווי דאָס וואָלט געוועזן אַן עכאָ פון אונדזער אייגענעם ווייטיק, וואָס מיר האָבן מיטגעבראַכט פון די חורבֿות און קבֿרים, וואָס מיר האָבן געלאָזן הינטער זיך.

און סך־הכּל זאָגן באַהאַוונטע, אַז דאָס רופן זיך בלויז די שאַקאַלן אַזוי צונויף אָנהייב נאַכט, כּדי בשותפֿות צו גיין זוכן חיונה (10). אפֿשר נעמט זיך דער פאַרצווייפלטער (11) טאָן אין זייער קול פון זייער אייביקן, וועלפּישן הונגער. וואָרעם אויך בײַם געזעגענען זיך פאַר טאָג, נאָכן בײַנאַכטיקן וואַנדער, קלינגט זייער קול פּונקט אַזוי יאָמערלעך (12) — אפֿשר מיט דער זאָרג פאַרן מאָרגן...

בײַ טאָג האָט דער פאַרלאָזענער פּרדס געדרוישט און געקאָכט מיט אַנדערע קולות פון אַ געדיכט און פאַרהוילן (13) לעבן. אָנהייב זומער אין דער צײַט, ווען פּייגל פּיקן זיך אויס, האָט מען געהערט דורכן פענצטער אַ צוויטשערן, אַ סווישטשערן (14), אַ פלאַפּלען, ווי פון יונגע גענדזועלעך, קאַטשקעלעך.

— וואָס וועט געשען מיט די פייגלשע משפּחות? — האָב איך נישט איין מאָל געטראַכט, אַרויסקוקנדיק דורכן פענצטער אויף דעם קליינעם דזשונגל. איך האָב געהאַט געהערט, אַז מע קלויבט זיך דעם אָפּגעדאַרטן פּרדס צו פאַרברענען.

## ב. דער ערשטער טראַקטאָר.

און אָט בין איך אין אַ טאָג, סוף זומער, געקומען אַהיים און דערהערט דורכן פענצטער דאָס רוישן פון אַ מאָטאָר. דערזען ווײַט, טיף צווישן דיביימער, עפּעס אַ באַוועגונג. דאָרט איז געפאָרן אַ טראַקטאָר. פּאַמעלעך, ווי אַ שווערער טאַנק, האָט ער זיך גערוקט אַהין און צוריק און פאַר אים און הינטער אים זענען געפאַלן ביימער. דער טויטער פּרדס האָט אין יענער

---

8. נישט אויף אַן אמת. 9. קלאָר, דײַטלעך. 10. שפּײַז. 11. desesperado.
12. מיט אַ געוויין. 13. באַהאַלטן. 14. קול פון פייגל.

זײַט געגומען ווערן שיטערער (1), ליכטיקער. ערשט איצט האָב איך פאַר־שטאַנען: פאַר דעם קלײנעם דזשונגל הינטער מײַן פענצטער איז געקומען דער יום־הדין.

זיך געגויער אײַנגעקוקט אין דער געדיכטעניש (2), האָב איך דערזען, אַז דאָרט אַרבעט נישט אײנער, נאָר עטלעכע טראַקטאָרן. זײ האָבן געאַר־בעט אפשר אַ וואָך. אין וועלדל האָט זיך באַוויזן אַ פּליך (3), ער איז גע־וואַקסן, צעשפּרײט זיך. עס איז פאַרגאַנגען נאָך אַ וואָך און נאָך אַ וואָך. די טראַקטאָרן האָבן אויסגעריסן און אויסגעוואָרצלט די בײמער. זײ האָבן זײ געשאַרט פאַר זיך אין הױפנס (4), אָפּגעריײניקט, אַראָפּגעפירט דאָס גע־הילץ (5). און אָט זײַץ איך שוין פאַר מײַן פענצטער, און אַפילו אין מײַן שטוב איז געוואָרן ליכטיקער. דער אויסבליק (6) האָט זיך פאַרברײטערט.

כּדי מיר זאָלן נישט צו פיל בענקען נאָך דעם, צו וואָס דאָס אויג האָט זיך צוגעוווינט, האָט מען האָרט אַרום די שיפּון־בלאָקן געלאָזט שטײן — אַ זכר לחורבן (7) — אַ פּאַס נישט אויסגעשניטענע בײמלעך. צווישן די דאָזיקע בײמלעך קומען נאָך פון צײַט צו צײַט שאַקאַלן, ווען די נאַכט פאַלט צו. זײ האָבן זיך צוריקגעצויגן אויף עפּעס אַ צווײטן אָרט, אָבער זײ קומען נאָך אַהער לאָזן הערן זײער יללה (8), אַ ליאַרעם טון אין דער פינצ־טער, ווי זײ וואָלטן וועלן לאָזן וויסן מענטש און חיה, אַז זײ זענען נישט מסכּים ,אַז זײ ווילן נישט מוותּר זײַן (9) אויף זײער באַזיץ (10).

## ג. נײַע ליניעס.

הינטער דעם בײמערפּאַס האָט זיך דערוויַיל געגומען בײַטן די לאַנד־שאַפט. אָפּגעדעקט איז געוואָרן דאָס אינגעווייד (1) פון דער ערד. אויף אײן אָרט האָט זיך באַוויזן אַ שמאָלער בנין, און אַרום אים נאָך עטלעכע, ני־דעריקערע פון אים. נאָכן אָפּרײניקן דעם פּלאַץ, ווו עס דאַרף געבויט ווערן אַ נײַער ישוב, האָט מען דאָ קודם־כּל אויפגעשטעלט אַן אַרבעטס־צענטער: מאַגאַזינען פאַר די בוי־מאַטעריאַלן, אַ מאַשינען־פּאַרק, אַ פאַרוואַלטונגס־בנין, אַ וועכטער־באַראַק. פון דעם אַרבעטס־צענטער שטאַרצן (2) איצט איבער דער געגנט די אָרעמס פון גראָבמאַשינען, אַ ריזיקער קעסל פון דער מאַשין צום מישן צעמענט: אַן אַרבעט־צענטער פון סולל־בונה (3).

און ווידער איז פאַרגאַנגען אַ שטיקל צײַט. אַ געוויסן טאָג האָט זיך אַרום דעם צענטער באַוויזן אַ גאַנץ געפלעכט (4) פון ווײַסע ליניעס. דאָס זענען לאַנגע הילצערנע דרענגלעך (5), וואָס האָבן אָפּגעמערקט די שורות

---

1. מיט ווינציקער בײמער. 2. espesura. 3. calva. 4. בערגלעך.
5. האָלץ. 6. פּאַנאָראַמע. 7. אָנדענק. 8. געוויין. 9. נאָכגעבן. 10. אײגנטום.

1. דאָס אינעווײניקסטע. 2. זעען זיך אַרויס. 3. בוי־אָרגאַניזאַציע. 4. געמיש.
5. postes, vigas.

וואָינבלאָקן, וואָס האָבן דאָ געדאַרפֿט ווערן אויפֿגעשטעלט — די ליניעס פֿון די צוקונפֿטיקע גאַסן.

## ד. רויטע הויפֿנס ערד.

איך בין ווידער אַ פּאָר טעג נישט געווען אין דער היים. צוריקגעקו־מען, צוגעגאַנגען צום פֿענצטער — איך טו אַ קוק: צווישן די ווײַסע ליניעס האָבן זיך באַוויזן בערגלעך ערד. רויטע אָנגעשאָטענע הויפֿנס ערד אין יענעם רויט־ברוינעם בראשית־קאָליר, וואָס מאַכט פֿאַרשטענדלעך, פֿאַר וואָס אין עבֿרית האָבן די ווערטער רויט („אדום") און ערד („אדמה") — דעם זעלבן שורש.

איך האָב פֿאַרשטאַנען, אַז אין דעם צוקונפֿטיקן ישוב גראָבט מען שוין פֿונדאַמענטן אונטער די הײַזער. פֿון הינטער די רויטע ערד־בערגלעך האָבן אין איינעם אַ טאָג אָנגעהויבן אַרויסקוקן גרעסערע, העכערע הויפֿנס ווײַסקייט — אָנגעשיטע קופּעס צעמענט, גיפּס (6).

די טראַקטאָרן פֿאָרן ווײַטער און טוען זייערס. אָבער פֿון צײַט צו צײַט הערט מען איבער דעם רוישן פֿון די טראַקטאָרן נאָך איין באַקאַנטן גערויש. דאָס רוישט אַן עראָפּלאַן פֿון דער ישׂראלדיקער לופֿטאַרמיי. ער היט דעם הימל איבער דער דאָזיקער ערד, באַשיצט טאָג און נאַכט דאָס ייִדישע אַרבעטסווערק.

## ה. מאָרגן וועלן קומען די מענטשן.

מענטשן זעט מען דערווײַל נאָך ווייניק אויפֿן בוי־שטח. אין איינעם אַ נײַעם טאָג וועלן זיי זיך אָבער באַווײַזן. אין עפּעס אַ טאָג וועל איך אַהיימקומען און וועל דערזען דורכן פֿענצטער, אַז צווישן די אויסגעמאָס־טענע ליניעס האָבן זיך באַוויזן נײַע געאָמעטרישע פֿיגורן — די רושטאָוואַ־ניעס (7) פֿון די הײַזער. דעמאָלט וועלן שוין די בלויזע מאַשינען נישט זײַן גענוג. דאָ וועט שוין מוזן אַ ווימל טון (8) מיט מענטשן. מענטשלעכע גע־שטאַלטן, מענטשלעכע הענט, מענטשלעכע הערצער — וועלן זיך נעמען באַוועגן צווישן די ליניעס פֿון די צוקונפֿטיקע גאַסן.

איבער דעם שאָסיי (9), וואָס איז נאָך דערווײַל נישט מער ווי אַן אויפֿשיט רויע ערד, וועלן טורקען אויטאָבוסן. וועט מען צוקומען נענטער — וועט מען הערן קולות פֿון שפּילנדיקע קינדער. מוזיק פֿון ראַדיאָ־הויל־כערס (10) וועט קלינגען הויך דורך די אָפֿענע פֿענצטער אין העלע פֿריי־מאָרגנס, בשעת די מענער וועלן זײַן בײַ דער אַרבעט און פֿרויען וועלן זיך פּאָרען (11) בײַם רוימען און קאָכן.

---

6. yeso. 7. andamios. 8. וועלן זיך דרייען אַ סך. 9. גאַס, וועג. 10. altavoces. 11. אַרבעטן.

ווי אזוי וועט הייסן דער נײַער ייִשוב? ווער וועט דאָ וווינען? צי וועט דאָס זײַן אַ שיכון־וותיקים, פאַר אַלטגעזזעסענע, אָדער אַ שיכון פאַר נישט לאַנג געקומענע?

איינס ווייסן מיר — ייִדן וועלן דאָ וווינען. מסתמא ייִדן מידע פון לײַדן און וואַנדערן. ייִדן, וואָס ווילן פאַרגעסן דאָס מוראדיקע און שלעכטע, וואָס איז מיט זיי ערגעץ געשען.

| ## באר־שבֿע | יעקבֿ גלאַנץ |
|---|---|

איך בין געקומען דאָ אַהער מיט מײַנע דאַרשטיקייטן
צו זוכן דײַנע ברינעמער די זיבן;
געקומען דאָ אַהער פון ווײַטע, פרעמדע ווײַטן —
אויף זאַמדן דײַנע אויך מײַן נאָמען צוגעשריבן.

אַן אַלטער ערות איז מײַן נאָמען
און איז מיר אַלע ראַנגלענישן בײַגעשטאַנען.
דער אויסשפּראַץ איז ער פון אַבֿרהמען,
ווי געשריבן איז: „פון דאַנען
איז גאָטס קול געקומען, און ס'האָבן זיך
מלאָכים דאָ מיט מענטשנקינד באַגעגנט.

און איך בין פון ס'נײַ אָט דאָ געקומען גראָבן זיך
אין טיפער ווײַט פון נאָנטער געגנט.
און קנעטן דאָ געקומען בין איך דײַנע זאַמדן,
די אָנגעטראָגענע פון דורות ווינטיקע גאַלאָפּן.
אָ, מדבר, נעם מיך אויף אַ מידן, אַ פאַרזאַמטן —
אַ שטיין פון דײַנע שטיינער גיב מיר אויף צוקאָפּן!



| אַבֿרהם שלו | # אַ פּלעק פֿון בלוט |
| --- | --- |

די ידיעה אַז זײַן יונגער ברודער איז געפֿאַלן האָט ער באַקומען דעם 10טן יוני 1967, 9 אַזייגער אין אָוונט. ער איז דאַן אויך געווען אין אַקטיוון רעזערוו־דינסט. „שבֿעה" איז מען געזעסן בײַ די עלטערן אין שטוב, אין תּל־אבֿיבֿ. די שלאַכטן זײַנען געווען אין סאַמע גאַנג. יעדע שעה האָט דער ראַדיאָ געמאָלדן וועגן נײַע נצחונות, און די באַריכטן (1) פֿון פֿראָנט זײַנען געווען פֿאַרכאַפּנדיקע. די עלטערן זײַנען געווען צעבראָכענע און די מלחמה האָט אויפֿגעהערט זיי צו אינטערעסירן. דער פֿרישער קבֿר האָט אויסגע־פֿילט זייער גאַנצן וועזן. זיי האָבן כמעט נישט געגעסן, נישט געשלאָפֿן, נישט גערעדט, און נאָר די זיפֿצעריַיען (2) און דער שטילער געוויין האָבן עדות געזאָגט, אַז זיי לעבן נאָך. אין געוויסע מאָמענטן האָט ער עס נישט געקענט אַריבערטראָגן, איז אַוועק אין אַ זײַטיקן צימער און דאָרט דורכן ראַדיאָ אויפֿגענומען דעם גאַנג פֿון דער מלחמה.

— יגאל, — האָט זײַן פֿרוי אין איינעם אַ פֿרימאָרגן זיך אַרײַנגעריסן צו אים אין צימער. — דו דאַרפֿסט זיצן צוזאַמען מיט זיי, מיט דײַנע על־טערן. וואָס אַנטלויפֿסטו? דו דאַרפֿסט זײַן מיט זיי, מיט זיי!

אין יענעם מאָמענט האָט ער געהאַלטן דעם טראַנזיסטאָר נאָענט צום אויער און זיך צוגעהערט צו די שפּאַנענדיקע (3) ידיעות וועגן די שווערע שלאַכטן אין סיני. ער האָט איר נישט געענטפֿערט, אַפֿילו נישט אויפֿגעהויבן די אויגן צו איר.

— דו הערסט וואָס איך זאָג, יגאל, איך וועל פֿון דאַנען אַנטלויפֿן... כ'וועל אַנטלויפֿן. — דאָס מאָל האָט זי נישט גערעדט, נאָר געשריִען און גע־האַלטן בײַם אויסברעכן מיט אַ געוויין.

ער האָט אַ ביסל זיך דערשראָקן און פֿאַרמאַכט דעם טראַנזיסטאָר. „וואָס איז געשען? — האָט ער איר געפֿרעגט, זיך אויפֿגעהויבן פֿון בעט און צוגעגאַנגען נאָענט צו איר. ער האָט אַביסל טרויעריק זיך אײַנגעקוקט אין איר און מיט פֿאַראיבל (4) געזאָגט: „איך לעב מיט אויך די ווייטאָגן פֿון אַנדערע. יעדע מינוט פֿאַלן אונדזערע בחורים... די דאָזיקע מלחמה..."

1. אינפֿאָרמאַציעס. 2. gemidos. 3. זייער וויכטיקע. 4. פֿאַרדראָס.

זי האָט אים נישט אָפּגעענטפערט און איז שנעל אַוועק פון אים. ער איז אַ מינוט געשטאַנען בײַם פענצטער, געקוקט אויף דער דרויסנדיקער רויִקייט, אויף דעם גערטנדל אַרום שטוב, ער האָט אָבער גלײַך אַוועקגע־לייגט דעם טראַנזיסטאָר און איז אַרײַן אין סאַלאָן זיצן צוזאַמען מיט די עלטערן.

אין 10 טעג אַרום האָט זיך אָנגעהויבן דער גרויסער געלויף צו דער מערבֿ־זײַט פון ירדן, וואָס איז באַפרײַט געוואָרן. אויך ער, יגאל דורון, איז געווען צווישן די באַזוכער און זײַן הויפּטציל איז געווען ירושלים. ער דאַרף זיך דאָרט באַגעגענען מיט זײַנע חבֿרים, מיט די דרײַסטע פּאַראַשוטיסטן און פון זיי באַקומען גענויע פּרטים וועגן טויט פון זײַן ברודער. ביז איצט האָט מען נישט געוווּסט, ווו גענוי איז ער געפאַלן און אין וועלכע אומ־שטענדן.

אַזייגער 10 אינדערפרי איז ער אָנגעקומען קיין ירושלים. די שטאָט איז נאָך געווען צעמישט פון דער גרויסער פּלוצלינגדיקער ענדערונג. די שפּיטאָלן זײַנען נאָך געווען איבערפולט און די בלומענקרענץ אויף די פרישע קבֿרים זײַנען נאָך נישט פאַרטריקנט געוואָרן. אָבער טראָץ דעם אַלעם, אָדער אפשר צוזאַמען מיט דעם, איז די שטאָט פול געווען מיט פרייד. דאָס איז געווען אַ פאַרשיכּורונג צוליב דעם גרויסן, כּמעט נישט דערוואַרטן נצחון. די נײַגעריקייט האָט נישט געלאָזט צענדליקער טויזנטער אײַנוווינער בלײַבן אין זייערע הײַזער און זיי האָבן פאַרפלייצט די שטחים און די וועגן אַרום דער מויער פון דער אַלטשטאָט. דאָס צויבערוואָרט (5) איז געווען: „דער כּותל, דער כּותל מערבֿי“. אַלע, מענער, פרויען, אַלטע לײַט און קינדער זײַ־נען געווען באַהערשט פון אָט דעם וואָרט.

לאַנגע שעהען האָט ער זיך אַרומגעדרייט איבער די שמאָלע געסלעך פון דער אַלטשטאָט, אויפן מאַרק, באַצויבערט פון דער ספּעציפישער אַט־מאָספערע. פּלוצעם איז צו אים צוגעגאַנגען אַ יונגער סאָלדאַט מיט אַ פאַר־באַנדאַזשירטער האַנט, אים אַ קלאַפּ געטאָן אויף דער פּלייצע און זיך גע־ווענדט צו אים מיט האַרציקע אויסרופן. ער האָט אים נישט גלײַך דער־קענט, אָבער נאָך אַ קורצן ווערטער־אויסטויש האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז דער סאָלדאַט איז אַ גוטער חבֿר פון זײַן יונגן ברודער אהוד. יגאל האָט אָנ־געהויבן אים אויסצופאָרשן (6) וועגן די אומשטענדן, אין וועלכע זײַן ברו־דער איז געפאַלן. צוערשט האָט דער בחור אַ ביסל זיך געקווענקלט (7), אָבער ווען ער האָט אים שטאַרק געבעטן, האָט ער אָנגעהויבן צו דערציילן:

„...דער פּאַראַשוטיסטן־באַטאַליאָן איז אָנגעקומען קיין ירושלים אין די שפּעטערע נאָכמיטאָג־שעהן. פאַר אונדז איז געווען קלאָר, אַז עס וואַרט

---

5. וואָס האָט שטאַרק געצויגן. 6. אויספרעגן. 7. געטראַכט,צי ענטפערן אָדער נישט.

אויף אונדז אַ שווערע שלאַכט. אונדזער פּלוגה (8) האָט זיך אָפּגעשטעלט אין בית־הכּרם, און דאָרט האָבן מיר אָנגעהויבן זיך צו אָרגאַניזירן. אין מײַן לעבן האָט מיר אַזוינס נאָך נישט פּאַסירט. די אײַנוווינער האָבן אונדז אַרומגענומען, געקושט און געוווּנטשן אַ שנעלן נצחון. זיי האָבן אונדז מכבד געווען מיט געטראַנקען, קוכנס און אַלדאָס גוטס. ס'איז שווער עס איבער־צודערציילן. פרויען און יונגע מיידלעך האָבן געוויינט, און די מענער האָבן אונדז געמוטיקט מיט זייערע ליבע בליקן. אָבער קיין איינער פון אונדז האָט כּמעט נישט געקענט ירושלים, און מע האָט געדאַרפט שנעל זיך מיט איר באַקענען, וויניקסטנס טעאָרעטיש, כּדי פּשוט צו וויסן, וווּ זײַנען מיר, און וווּ איז דער שׂונא.

„נאָכדעם ווי דער ירושלימער סערזשאַנט פאַר אינפאָרמאַציע האָט גע־געבן אין אײַלעניש אַ געוויסע אויפקלערונג, און ער איז שוין געווען היי־זעריק פון אַ סך רעדן, ווײַל ער האָט דאָס געטאָן אין יעדן אָפּטייל באַזונ־דער. — האָט אהוד, איינער פון אונדזערע פּעזקע קאָמענדאַנטן, דערמיט זיך נישט באַגנוגנט. ער איז נעגאַנגען פון שטוב צו שטוב, כּדי צו געפֿינען עמעצן, וואָס קען גוט דעם שטח. קודם כּל אונדזער אָפּשניט — שייך דזשע־ראַך. ענדלעך האָט ער געפונען אַ לערער, וואָס איז שוין אויף פּענסיע. און יענער האָט אַ לענגערע צײַט זיך באַמיט אונדז צו באַקענען מיט יעדן ווינקל און מיט יעדער גאַס אינעם שטח פונעם שׂונא. אין דרויסן זײַנען געפאַלן שראַפּנעלן, און מיר זײַנען געזעסן אין אַ קאָרידאָר און אויסגעהערט די מיליטערישע אינסטרוקציעס פון אהודן. ווער עס האָט אים געהערט, האָט געקענט מיינען, אַז ער איז אַ געבוירענער אין ירושלים שוין עטלעכע דורות און איז באַקאַנט מיט יעדן ווינקל און מיט יעדן שטיין אין אַלט־ירושלים.

„ווען מיר האָבן זיך דערנענטערט צו דער ערשטער ירדנישער פּאָזי־ציע, האָט ער פּלוצעם אונדז אָפּגעהאַלטן, און רויק, שנעל נאָך אַ מאָל אונדז אויפגעקלערט די גענויע טאָפּאָגראַפישע סטרוקטור פונעם שׂונאס שטח, ווי אויך פון אונדזערע שטחים, כּדי עס זאָל חס ושלום נישט געמאַכט ווערן קיין טראַגישער טעות. אינעם ערשטן אויפשטורעם (9) האָבן עטלעכע פון זײַנע תּלמידים אים פאַרויסגעגאַנגען, און דאָס האָט, זעט אויס, אים פאַר־דראָסן. בײַ דער צווייטער פּאָזיציע, לעבן דער אַמעריקאַנער קאָלאָניע, האָט ער דער ערשטער אָנגעגריפן (10), און קיינער האָט אים כּמעט נישט אָנגעיאָגט. אַלע זײַנען אים נאָכגעגאַנגען.

„איך בין געווען דער איינציקער. וואָס האָט באַמערקט, אַז ער איז פאַרווונדעט אין פוס. מיט אַ שמייכל האָט ער אויפגענומען מײַן פראַגע: "וואָס איז אים געשען?" — „סתם אַ קליין קײַלעכל"... ער האָט מיט די איי־גענע הענט פאַרבאַנדאַזשירט די וווּנד און אַפילו זיך נישט געווענדעט צום

---

8. מיליטערישער אָפּטייל. 9. אַטאַקע. 10. אַטאַקירט.

סאניטאר. ער האָט ווײַטער זיך אַרומגעדרייט צווישן די חבֿרה, גלײַך ווי ס'וואָלט גאָרנישט נישט געשען.

„אין צווישן האָבן מיר באַקומען אַ באַפעל זיך צו גרייטן צו אַ נײַעם דורכברוך. חבֿרה האָבן אָנגענומען, אַז דאָס איז מן הסתם דער אַרײַנבראָך אין דער אַלטשטאָט, און זײַנען געווען גליקלעך דערמיט, וואָס דער גרויסער זכות איז געפאַלן אין זייער חלק. אַ פאַרשיפֿורטקייט האָט ווי פאַרפלייצט אַלעמען, און ווען עס איז געגעבן געוואָרן דער באַפעל זיך אַרײַנצורײַסן אין דער אַלטשטאָט, זײַנען אַלע אויסגעבראָכן אין אַ מעכטיקן געזאַנג „ירו־שלים של זהב". אין אַ מוסטערהאַפטער רויִקייט האָבן מיר אָנגעהויבן זיך צו דערנענטערן צום „שער האריות", גלייך ווי מען גייט נישט צו אַ שלאַכט, נאָר אָפּצוריכטן אַ תּפֿילה.

„צו אַט דעם אויפשטורעם האָבן מיר געשפאַנט מיט נאָך זייער פּרי־שע ווונדן אינעווייניק. מיר האָבן שוין פאַרלוירן אַ קענטיקן טייל פון אונ־דזערע חבֿרים. אין אײַלעניש האָבן מיר זיי אויפגעשטעלט צײַטווײַליקע מצבֿות פון הויפנס שטיינער דאָרט, ווו זיי זײַנען געפאַלן. און יעדער פון אונדז האָט אין הארצן זיך געשטעלט די פראַגע: צי וועט מען אויך פאַר אונדז אויפשטעלן ערגעץ דאָ אַזעלכע מצבֿה־בערגלעך? אָבער די גרויסע התלהבֿות (11) האָט אונדז פאַרפלייצט. כ'וועל נישט פאַרגעסן זײַנע אויגן, זײַנע ברענענדיקע אויגן, ווי זיי האָבן געקוקט אויף די הויכע מויערן, ווי ער וואָלט נישט געגלייבט, אַז מיר וועלן זיי בײַקומען.

„ווען מיר האָבן זיך אַרײַנגעריסן אין „שער האריות", האָט זיך אָנ־געהויבן אונדזער אַכזריותדיקסטע שלאַכט (12): פון שטוב צו שטוב, פון שטיין צו שטיין. דאָ, צווישן די דאָזיקע געסלעך האָבן זיי, כ'מיין דער שׂונא, געקעמפט מיט אַ באַזונדערער עקשנות, באַשיצנדיק זיך דורך די הייליקע ערטער. „צו אַל די רוחות, די אַלע הייליקע ערטער!" 20,000 שראַפנעלן, און מע קען אײַנשפּאָרן דאָס בלוט פון אונדזערע בעסטע מענטשן!"

דײַן ברודער אהוד האָט געפירט דעם אָפּטייל. וואָס איז אַלע מאָל קלענער געוואָרן און די גאַנצע צײַט געשריען: „פאַר וואָס באַשיט מען זיי נישט מיט שראַפנעלן, כאָטש אַ ביסל, כאָטש אַ ביסל".

דער בחור איז אַנטשוויגן געוואָרן, אָבער זײַן אָטעמען שנעל האָט גע־וויזן, אַז ער איז שטאַרק גערירט. דער בליק פון זײַנע אויגן האָט עדות געזאָגט, אַז ער געפינט זיך איצט מיט זיי, מיט זײַנע חבֿרים און קעמפער. זײַנע הענט האָבן אַ ביסל געציטערט, און ער האָט ווידער אַ מאָל אָנגעצונדן אַ סיגאַרעט. פּלוצעם האָט ער אַ כאַפּ געטאָן יגאַלן פאַר דער האַנט, אים משונהדיק (13) אָנגעקוקט און אַ זאָג געטאָן: „אַ מינוט, אַ מינוט, דאָס איז דאָך..." ער האָט נישט געקענט פאַרענדיקן דעם זאַץ. „וואָס איז דיר געשען?

---

11. ענטוזיאַזם. 12. קאַמף. 13. זייער מאָדנע.

— האָט יגאל אים אַ פרעג געטאָן. — „דו האָסט עפּעס געוואָלט זאָגן. אויב איך האָב נישט קיין טעות".

דער בחור האָט אים אָנגעקוקט און ענדלעך געזאָגט: „יאָ, ער, דײַן ברודער... אהוד... ער... איז דערהרגעט געוואָרן דאָ! יאָ, דאָ אויף דעם אָרט, ווו דו שטייסט".

יגאל האָט אים אָנגעכאַפּט מיט בײדע הענט. ווי ער וואָלט נישט גע־גלייבט וואָס ער הערט. דער בחור האָט אים געוואָרפן אַ דורכדרינגענ־דיקן (14) בליק:

„קוק, יגאל, אָט דאָ, זעסט נעבן דײַן פוס? יאָ, אָט דאָס איז זײַן בלוט. דאָ איז ער געפאַלן. דאָס איז דער פלעק פונעם בלוט".

| משה באַסאַק | פון דן ביז אילת |
|---|---|

פון דן ביז אילת זײַנען שטערן צעזייט,
איבער דן און אילת — איז איין הימל צעשפּרייט.

און אָרום — פעסטע הענט, ווי אַן אײַזערנער באַנד (1),
דרינגען (2) שונאים נישט מער דאָ אַרײַן אין דעם לאַנד!

יעדער ייִד — אויף דער וואַך (3), ווי אַ טרײַער סאָלדאַט,
איין געפיל און איין האַרץ בינדט פון דן ביז אילת.

אונדזער לאַנד וועט נישט זײַן מער אויף קיינעמס באַראַט (4),
פאַר די שונאים ניט מער — ניט קיין דאָרף, ניט קיין שטאָט.

גרוים און קליין — אויף דער וואַך, יעדער ייִד — אַ סאָלדאַט,
ווי אַ פעסטונג אָרום, שטייט פון דן ביז אילת!

---

14. וואָס נעמט דורך.

1. דאָ: רינג. 2. אַרײַנגיין. 3. היט אָפּ. 4. ווילן, באַשטימונג.



# געשטאַלטן
# פֿון
# דער



# חורבן-צײַט

יוסף פּאַפּערניקאָוו

# משהלעך, שלמהלעך...

אונטער די פּוילישע גרינינקע ביימעלעך
שפּילן זיך מער נישט קיין משהלעך, שלמהלעך,
שפּילן זיך מער נישט קיין שׂרהלעך, לאהלעך, —
נישט אויף קיין גרעזעלעך, נישט אויף קיין שנייעלעך...

ס'הילכן שוין מער נישט די ייִדישע שטימעלעך,
און די קונדייסימלעך (1) — מאַטעלעך, שימעלעך, —
מיט די צעקרעלטע (2), צעדראַפּעטע צורהלעך,
קומען נישט ווײַזן וווּנדיירים (3) און גבֿורהלעך...

טרויערן איצינד די פּוילישע ביימעלעך:
טויט זײַנען ייִדישע היימען און היימעלעך,
טויט זײַנען געסעלעך, חרובֿ די הײַזעלעך,
וווּ עס פּאַרשטעקן זיך (4) קינדער, ווי מײַזעלעך...

ייִדישע קינדער, מיט גרויסע אויגאַנעס,
שוואַרצע, אַזוי ווי מיט חושך פאַרצויגענע,
אייגעלעך קלאָרע, מיט פּחד פאַרלאָפענע,
אונטער דעם אומגליק דעם ברוינעם (5), געטראָפענע...

אונטער די פּוילישע גרינינקע ביימעלעך
שפּילן זיך מער נישט קיין משהלעך, שלמהלעך,
שפּילן זיך מער נישט קיין שׂרהלעך, לאהלעך —
נישט אויף די גרעזעלעך, נישט אויף די שנייעלעך...

---

1. שטיפערס. 2. arañados. 3. וווּנדערס. 4. באַהאַלטן זיך. 5. די נאַציס האָבן געטראָגן ברוינע מונדירן.

רבֿקה קוויאַטקאָווסקי־פּנחסיק

# ח ב ֿ ר י ם

## א

פון דעם טאָג, וואָס אריה האָט געפונען אַ חבֿר, איז אין אים אריַין אַ נײַ לעבן. די גאַנצע וועלט איז פריילעכער געוואָרן.

שוין אַ יאָר איז ער אין יתומים־הויז און האָט אַלץ נישט געקענט זיך צוגעוויינען צו דער נײַער היים.

זײַן טאַטעשי איז לאַנג געווען קראַנק. די מאַמעשי האָט אַלץ געטאָן, כּדי אים צו ראַטעווען. די בעסטע זאַכן פון דער וווינונג אויספאַרקויפט צו באַזאָרגן דאָקטוירים און רפואות (1). דאָס אַלץ האָט אָבער נישט געהאָלפן. נאָך דעם ווי זײַן טאַטעשי איז געשטאָרבן, איז שוין אין דער שטוב קיין פּרוטה (2) נישט געווען. האָט אים די מאַמעשי אַוועקגעפירט אין יתומים־הויז און אַליין געגאַנגען זוכן אַן ארבעט.

ערשט ווען אריה האָט זיך געפונען צום ערשטן מאָל אין יתומים־הויז, צווישן די פרעמדע קינדער און דערצײַערס, געלייגט זיך שלאָפן אין צוגע־טיילטן בעטל — האָט ער פאַרשטאַנען, וואָס פאַראַ גליק עס איז צו זײַן אין אַן אייגענער היים, לעבן מיט דער משפּחה.

## ב

נאָך עטלעכע חדשים איז אויסגעבראָכן די מלחמה.

דאָס דײַטשע מיליטער האָט פאַרכאַפּט פּוילן און אַלע ייִדן פאַרטריבן אין אַ באַזונדער קוואַרטאַל, אין אַ געטאָ.

דער נײַניעריקער אריה איז צוזאַמען מיט אַלע קינדער און לערערס אַריבערגעגאַנגען אין אַ צווייטן יתומים־הויז, הינטער דער שטאָט.

אַלע קינדער האָבן אָנגעטאָן געלע לאַטעס אויף דער פּלייצע און אויף דער ברוסט. זיי האָבן געוווּסט, אַז די דײַטשע זעלנער שיסן אויף יעדן, וואָס וויל אַרוים פון דער געטאָצוים.

אַריה איז נאָך טרויעריקער געוואָרן, זײַנע בלויע אויגן — בלאַסער, דאָס פּנימל — לאַנג און דאַר. זײַן גופל (3) האָט זיך אויסגעצויגן אין דער

---

1. מעדיצינען. 2. קליינע מטבע. 3. קערפּער.

הייך, ווי אַ געוויקס, וואָס רײַסט זיך צו דער זון, און די דינע פּיס האָבן קוים געקאָנט טראָגן דעם קערפּער.

גאַנצע טעג איז ער אַרומגעגאַנגען אַ פאַרזאָרגטער: ווי וועט די מאַ־מעשי אַ נײַע דירה געפינען? פון וואַנען וועט זי האָבן אויף צו לעבן?

אין דעם יתומים־הויז אין געטאָ איז די מאַמעשי נאָר איין מאָל אין וואָך געקומען. זי האָט, ווי אַלע מאָל, אים געבראַכט אַ גוטע זאַך צו נאַשן. אַרומגעגאַנגען מיט אים איבער דעם ברייטן פעלד אָדער אַוועקגעזעצט זיך מיט אים שמועסן אויף דער באַנק, געטוליעט (4) אים צו זיך, געהאַלדזט — ער זאָל מיט איר ליבשאַפט דערמוטיקט און פרייליכער ווערן. יעדעס מאָל בײַם קומען, זעענדיק זײַן פאַרטרויערט פּנימל, האָט זי אים פאַרזי־כערט:

— אַרעלע, זאָל זיך נאָר ענדיקן די מלחמה, וועסטו שוין זײַן שטענדיק צוזאַמען מיט מיר אין דער היים!

ג

די מלחמה ענדיקט זיך אָבער נישט, און אַריה בענקט צו זײַן היים, צום אַמאָליקן לעבן. ער ווייסט, אַז אַלץ איז שוין פאַרלוירן, האָט ער נאָר איין ווונטש: זײַן מיט דער מאַמעשי צוזאַמען אין דער היים, אין געטאָ.

ער לערנט זיך שרײַבן און לייענען, האָט ליב צו צייכענען. ער האָט דווקא ליב צו צייכענען מענער־פיגורן. בײַ יעדער אָנגעצייכנטער פיגור טראַכט ער:

— דאָס איז געווען מײַן טאַטעשי!

לאַנג פלעגט ער זיצן פאַרקוקט אויף אַזאַ בילד און שווײַגן.

אַלע מאָל גייט ער זײַטיק (5), איז תּמיד שטיל און זויבער. צו די קינ־דער־שפּילערײַען האָט אים קיין מאָל נישט געצויגן.

ביז אין איינעם אַ טאָג איז אין יתומים־הויז געקומען אַ נײַ קינד. ליי־בעלע איז געווען זײַן נאָמען. ער איז געווען קלענער פון אַלע קינדער אין דער שטוב. פון דעם ווינקל, וווּ ער איז געשלאָפן, האָט מען אים קוים אַרויס־געזען. לייבעלע איז געווען דאַרער און מער אויסגעהונגערט פון אַלע קינ־דער. כאָטש די דערציִערין האָט אים געגעבן אַ גרעסער טעלערל זופּ, אָפּט צוגעלייגט אַ ריבל אָדער אַ רעטעכל (6) — האָט ער דאָך נישט געקענט זיך זעטיקן (7). זײַנע גרויסע ביראָזיגע האָבן אַלע מאָל ערגעץ ווו אַרומגעזוכט נאָך אַ ביסן צו געפינען.

פאַר דעם שוואַכן, קליינעם לייבעלען האָבן באַלד עטלעכע קינדער פאַרשידענע חזק־נעמען צוגעטראַכט. בײַ נאַכט באַהאַלטן אים אַ שוך,

4. צוגעדריקט זייער נאָענט. 5. באַזונדער, נישט מיט די קינדער. 6. rábano. 7. אָנעסן זיך גוט.



קינדער אין געטאָ (פאָטאָ)

אָדער פֿאַרוואָרפֿן זײַנע זאַכן און מיט אַ באַהאַלטענעם געלעכטער זיך צו־געקוקט פֿון דער ווײַטנס, ווי ער זוכט, זוכט און קאָן זיי נישט געפֿינען.

אַריה האָט גלײַך לייבעלען ליב באַקומען. זײַן אומבאַהאָלפֿנקייט (8) האָט אין אים דערוועקט אַ רחמנות־געפֿיל. ער האָט אָנגעהויבן לייבעלען נאָכגיין אויף צו באַשיצן (9) אים פֿון די צעלאָזענע יִונגלעך, וואָס פֿלעגן אים פֿאַרטשעפּען.

ביסלעכווײַז האָט ער אָנגעהויבן צו אים רעדן, שפּילן זיך, ביז לייבעלע איז צו אַריהן מיטן גאַנצן האַרצן צוגעפֿאַלן, ווי צו אַן אייגענעם ברודער.

ד

אין יתומים־הויז איז שוין פֿון לאַנג געוועזן נאַכט.

די קראַנקן־שוועסטער ליזאַ האָט פֿאַרענדיקט איר שפּעטן, פֿאַרנאַכ־טיקן שפּאַציר איבער אַלע קינדער־צימערן. איינעם געגעבן אַ פֿיל קעגן צאָנווייטיק; אַן אַנדער קינד, וואָס האָט דאָס קישן מיט דער דעק אַראָפּ־געוואָרפֿן — צוגעדעקט; פֿאַרהאַנגען די פֿענצטער, אַרײַנגעקוקט אין אַלע ווינקעלעך און — אַ צופֿרידענע וואָס אַלץ איז אין אָרדענונג — אַוועק צו זיך אין צימער.

לייבעלע איז געלעגן אונטערן דעק און שטיל געקרעכצט (10). ער האָט מורא געהאַט צו רופֿן די שוועסטער. גלײַך וועט זי נעמען פֿרעגן:

— ווי אַזוי איז דאָס געשען, וואָס דו האָסט אַזאַ ווייטיק אין מאָגן?

— וואָס אַזעלכעס האָסטו געגעסן?

— פֿאַר וואָס האָסטו נישט אָנגעפֿרעגט, צי מען קאָן עסן קאַשטאַ־נעס? (11)...

אָבער ווי נאָר די שוועסטער ליזאַ איז אַוועק, האָט ער מער נישט גע־קאָנט זיך באַהערשן (12) און הויך גענומען וויינען.

זײַן פֿאַרצווייפֿלט (13) קרעכצן איז וואָס אַ מאָל העכער געוואָרן.

אין דער שטוב זענען אַלע קינדער געשלאָפֿן מיד פֿון אַרומיאָגן אַ גאַנצן טאָג, פֿון לערנען און אַרבעטן. קיינער האָט זײַן דערשטיקט געוויין נישט דערהערט. נאָר איין אַריה האָט זײַן שטים אין שלאָף דערקענט.

אַוועקגעזעצט זיך אויפֿן בעטל, אַ רגע זיך אײַנגעהערט אין דער שטיל־קייט און גלײַך פֿאַרשטאַנען:

— עפּעס איז מיט לייבעלען געשען!

גלײַך איז ער אַראָפּגעגאַנגען פֿון בעט, אָנגעטאָן די שיך אויף די באָר־וועסע פֿיס, אַ דערשראָקענער צו צו זײַן בעטל און, הערנדיק די שלוכצן (14), גענומען אויספֿרעגן:

— וואָס איז מיט דיר, לייבעלע?... וואָס טוט דיר ווײ?

8. desamparo. 9. פֿאַרטיידיקן. 10. gemía. 11. castaños.
12. אײַנהאַלטן זיך. 13. desesperado. 14. שטאַרק וויינען.

— אוי... אוי... מאַמעשי מײַנע... איך האָב געגעסן קאַשטאַנעס... עס דריקט מיך איצט... אַ דאָ...

— קאַשטאַנעס? — האָט אומגלייביק אויסגעפרעגט אַריה און אויסגערופן:

— לייבעלע, דאָס איז דאָך סם (15)... מע טאָר זיי נישט עסן!

אַריה האָט לאַנג נישט געטראַכט. מיט דער זיכערקייט פון אַ דערוואַקסענעם באַשלאָסן:

— קום!... איך וועל דיך אַוועקטראָגן צו דער שוועסטער!

אַריה האָט דעם קראַנקן חבֿר גענומען אויף דער פּלייצע און אַרויס שטיל פון צימער אין דער נאַכטיקער פינצטערניש און קעלט.

## ה

שווער האָט ער געאָטעמט, גייענדיק איבער דעם שטייניקן וועג. אָבער אַפילו אויף אַ רגע נישט אָפּגעשטעלט זיך. זײַן שוואַכער גוף האָט זיך געבראָכן פון דער לאַסט (16): די דינע, דאַרע פיס האָבן אָבער עקשנותדיק (17) זיך גערוקט פאָרויס.

אַרום איז אַ פינצטערע נאַכט. אַ מוראַדיקע שטילקייט. דער קאַלטער האַרבסטיקער ווינט בלאָזט אין זײַן לײַבטן, דינעם נאַכטהעמדל. עס ציטערט בײַ אים יעדער אבֿר (18) און ס'קלאַפּט אַ צאָן אין אַ צאָן. איין קינדערגעבײַדע און אַ צווייטע גייט ער פאַרבײַ, און דער וועג ציט זיך פאַר אים אויס. עס דאַכט זיך אים, אַז מיט יעדן שפּאַן איז נאָך ווײַטער געוואָרן.

פון דער צוים הערט זיך אָן אָפּקלאַנג פון די טריט פון דײַטשן "פּאָסטן" (19), וואָס וואַכט איבערן געטאָ. מיט דער ביקס אויפן אַרעם שפּאַנט ער הין און צוריק, קוקט זיך אַרום אין אַלע זײַטן.

אַריה ווייסט דערפון, אַז נישט איין מאָל האָט דער „פּאָסטן" אין דער נאַכט געשאָסן אויף די געוואַגטע (20), וואָס האָבן געוואָלט פון דעם געטאָ אַרויס. ס'איז גענוג דער וועכטער זאָל נאָר דערהערן פון דער ווײַטנס טריט — ער זאָל באַלד אַראָפּנעמען די ביקס פון דער פּלייצע...

אַריה שלײַכט זיך (21) אָבער ווײַטער אָן אָפּרו צו דער לעצטער געבײַדע, וווּ עס וווינט די שוועסטער ליזאַ.

זײַן פּנימל איז באַדעקט מיט אַ קאַלטן שווייס. זײַנע פיס ברעכן זיך, קאָנען קיין טריט מער נישט שטעלן. אַ קול אינעווייניק רעדט אָבער צו אים:

— גיי... גיי ווײַטער! נאָך אַ פּאָר טריט געבליבן...

פון גרויס שרעק פאַרן „פּאָסטן", פאַר דער פינצטערער נאַכט — האָט לייבעלע אויפגעהערט צו וויינען. מיט די הענטלעך האָט ער אַרומגענומען דעם האַלדז פון זײַן טײַערן חבֿר, שווער געאָטעמט, געשלונגען די טרערן.

---

15. veneno. 16. שווערקייט. 17. דאָ: אָן אויפהער. 18. טייל פון קערפּער.
19. דאָ: פּאָליציאַנט. 20. דרײַסטע, בראַווע. 21. גייט שטילערהייט.

ו

אַ פֿאַרחלשטער (22) איז אריה מיט לייבעלען אויף דער פּלייצע צוגעפֿאַלן צו דער טיר פֿון דער קראַנקן־שוועסטער און גענומען רופֿן:

— שוועסטער ליזאַ, שוועסטער ליזאַ — עפֿנט אויף!

די דערצי̇ערין און שוועסטער פֿון יתומים־הויז לײַדט זינט דעם אויסברוך פֿון דער מלחמה פֿון שלאָפֿלאָזיקייט (23). לייענט זי אַזוי לאַנג בײַם קליינעם נאַפֿטלעמפּל, ביז אירע אויגן פֿאַלן צו.

איצט איז זי נאָך נישט געשלאָפֿן.

מיט אַ שפּרונג איז זי צו צום פֿענצטער. אַוועקגעשאַרט דעם פֿאָרהאַנג, אַרויסגעקוקט אינעם פֿינצטערן דרויסן און, דערזעענדיק די צוויי קינדער אין די נאַכטהעמדער, האָט זי גיך אויפֿגעמאַכט די טיר, אַרײַנגעשלעפּט זיי צו זיך און אַ צעשראָקענע אויסגעפֿרעגט:

— וואָס טוט איר דאָ אַזוי שפּעט!? וואָס איז מיט אײַך געשען?

— לייבעלע איז קראַנק! — איז אריה אַרוים מיט אַ געוויין. ער האָט פֿאַמעלעך אַראָפּגעשטעלט זײַן חבר אויף דער ערד. האָט ער מיטן געוויין אפֿשר געוואָלט פֿאַרשפּאָרן די שטראָף פֿאַר לייבעלען? ווער קאָן עס וויסן? מיט אַ שוואַכער שטים האָט אריה גערעדט:

— קאַשטאַנעס האָט ער געגעסן... און עס דריקט אים... מסתמא הונגעריק געווען... איז ער אַרויף...

די שוועסטער ליזאַ האָט שוין דעם סוף פֿון זײַנע רייד נישט געהערט. גלײַך האָט זי לייבעלען צוגעפֿירט צו איר בעט, גענומען פֿאַמעלעך מאַסאַזשירן זײַן בויך, פֿון טערמאָס געגעבן אַ ביסל וואַסער מיט אַ פּיל, אַ היים פֿלעשל וואַסער צוגעלייגט אויף דעם מאָגן, צוגעשטעלט אַ שיסל צום בעט. און דאָס אַלץ איז אַזוי שנעל געטאָן געוואָרן, אַז איידער אריה האָט אָפּגעאָטעמט און באַוויזן אויסצוטרינקען די טיי, האָט לייבעלע, אין בויך־קראַמפּן (24), אויסגעבראָכן ברוינע שטיקער פֿון נישט פֿאַרדייעטע (25) קאַשטאַנעס...

— אָט אַזוי... דאָס זענען זיי... גוט האָט זיך דאָס געענדיקט!... — האָט גערעדט די שוועסטער ליזאַ, קלאַפּנדיק אריהן אין דער פּלייצע, ווי אַ דערוואַקסענעם.

— ביסט אַן אמתער חבֿר, אַריה! קיינער וואָלט דאָס נישט באַוויזן! דו האָסט געראַטעוועט לייבעלען! ווער ווייסט, וואָס מאָרגן וואָלט געווען...

אַליין איז די שוועסטער אויך פֿריילעכער געוואָרן.

זי האָט ליב די אַלע קינדער פֿון יתומים־הויז, ווי אַ מאַמע. אָנשטאָט

---

22. זייער אָפּגעשוואַכטער. 23. נישט קאָנען שלאָפֿן. 24. ספּאַזמעס.
25. sin digerir.

אָנצושרײַען אויף זיי, ווי ביידע יונגלעך האָבן זיך פאַרגעשטעלט, קוועלט (26) זי גאָר פון איר געלונגענער שנעלער הילף.

זי פירט צו אַריהן צום בעט און רעדט צו אים ווייך און האַרציק:

— לייג זיך צו, מײַן קינד... באַלד וועט טאָגן... איך וועל שוין סײַ ווי סײַ נישט שלאָפן הײַנט... עפּעס האָבן איך הײַנט פאַרגעפילט... באמת פאַרגעפילט!

עס האָט לאַנג נישט געדויערט און אין קליינעם שטיבל פון דער שוועסטער האָט זיך געהערט אַ טיפער ריטמישער אָטעם פונעם בעטל. פון אונטער דער גראָבער, וואָלענער דעק האָבן זיך קוים אַרויסגעזען די צוויי קליינע, דאַרע פּנימלעך.

די עלנטע (27) פרוי האָט אין זיך אַרײַנגענומען זייער מידן, שלאָפן־דיקן אָטעם, וואָס האָט אַרײַנגעבראַכט לעבן און וואַרעמקייט צווישן אירע פוסטע, קאַלטע ווענט.

אײַנגעטוליעט איינער אין צווייטן זענען מיד געשלאָפן צוויי חבֿרים, אַריה און לייבעלע — קינדער פון הונגער און געטאָ.

מרדכי געבירטיג

## אונדזער פרילינג

פרילינג אויףביימער, אין פעלד און אין וואַלד.
נאָר דאָ, אין געטאָ, איז האַרבסטיק און קאַלט,
נאָר דאָ אין געטאָ, איז האַרבסטיק און טריב (1),
ווי בײַ אַן אָבֿל (2) אין שטוב...

פרילינג! אין דרויסן שוין פעלדער פאַרזייט...
דאָ, אַרום אונדז, האָט זיך יִיאוש (3) פאַרשפּרייט,
דאָ, אַרום אונדז, שטייען מויערן באַוואַכט (4),
ווי פאַר אַ תּפיסה בײַ נאַכט...

פרילינג, שוין פרילינג — באַלד קומט אָן דער מאַי...
נאָר אין דער לופט פילט זיך פולווער (5) און בלײַ (6),
ס'אַקערט (7) דער תּלין (8) מיט בלוטיקער שווערד
אײן גרויס בית־עולם — די ערד...

---

26. איז זייער צופרידן. 27. וואָס איז אַליין.

1. דאָ: טרויעריק. 2. וואָס טרויערט נאָך אַ געשטאָרבענעם. 3. פאַרצווייפלונג.
4. געהיט. 5. polvora. 6. plomo. 7. está arando. 8. verdugo.

שאול מאַלץ

# אַנאַ פּראַנק

די גאַנצע וועלט ווייסט וועגן דעם יונגן ייִדישן מיידל אַנאַ פּראַנק. שרײַבער שאַפן מעשׂיות וועגן איר; פּאָעטן זינגען לידער וועגן איר און צײַטונגען און זשור־נאַלן דרוקן איר בילד און דערציילן וועגן איר לעבן.



עס איז דאָ אַ ייִדישע פּאָלקס־ליד, וואָס הייבט זיך אָן אַזוי:

„אַמאָל איז געווען אַ מעשׂה,
די מעשׂה איז גאָר נישט
פריילעך..."

אַזוי איז אויך די מעשׂה וועגן דעם מיידל אַנאַ פּראַנק. די מעשׂה איז גאָר נישט פריילעך. אָבער אַ נישט־פריילעכע מעשׂה דאַרף מען אויך אַ מאָל הערן. אַנאַ פּראַנק האָט די טרויעריקע מעשׂה אַליין געשריבן אין דער פאָרעם פון אַ טאָגבוך אונטערן נאָמען „דאָס טאָגבוך פון אַ יונג מיידל".

אַנאַ דערציילט, ווי אין אַ זונטיק, דעם 14טן יוני 1942, איז זי געוואָרן 12 יאָר אַלט. זי האָט זיך אויפגעכאַפּט 6 אַ זייגער אין דער פרי, ווײַל אין דעם טאָג איז געווען איר געבוירן־טאָג. זי האָט אָבער נישט געטאָרט אַראָפּ־גיין פון בעט ביז 7 אין דער פרי, כּדי נישט אויפצוּוועקן איר פאַמיליע. אַנאַ האָט זיך אָבער נישט געקענט אײַנהאַלטן און אַ פערטל צו זיבן איז זי אַראָפּ־געשפרונגען פון בעט און געלאָפן אָנקוקן די מתּנות, וואָס אירע עלטערן האָבן אָנגעגרייט פאַר איר. און וואָס האָט זי אַלץ נישט געזען? זי האָט גע־זען: אַ שיינעם פאָטאָ־אַפּאַראַט, אַ לאָטאָשפּיל, אַ סך נאַשערײַען, שאָקאָ־לאַד, אַ בוך „די מעשׂיות און לעגענדעס פון האָלאַנד" פון דזשאָזעף קאָהען

(איר דאַרפט וויסן, אַז אַנאַ האָט געלעבט אין אַמסטערדאַם, האָלאַנד), אַ ביסל קלײַנגעלט, פאַר וועלכן זי וויל קויפן פאַר זיך דאָס בוך „גריכישע און רוימישע לעגענדעס“.

אָבער לאַנג איז אַנאַן נישט באַשערט געווען צו לעבן אויף דער פרײַ. די נאַצים האָבן דעמאָלט געפירט מלחמה קעגן ענגלאַנד, רוסלאַנד און שפּע־טער קעגן אַמעריקע. אָבער דעם גרעסטן צאָרן (1) האָבן זיי אויסגעלאָזט קעגן די יידן. אין יעדן לאַנד, וואָס זיי האָבן פאַרנומען, האָבן זיי געכאַפּט די יידן און זיי פאַרשיקט אין קאָנצענטראַציע־לאַגערן, ווו די מערסטע פון זיי זײַנען אומגעקומען.

אויך אין האָלאַנד האָבן די נאַצים אַרעסטירט יידן. די דײַטשע פּאָלי־ציי איז אַרומגעגאַנגען פון הויז צו הויז און אַרעסטירט יידן. די יידן האָט מען געקאָנט לײַכט דערקענען, ווײַל זיי האָבן געמוזט טראָגן געלע לאַטעס, אין דער פאָרעם פון אַ מגן־דוד, אויף זייערע קליידער.

די פאַמיליע פראַנק האָט געוווינט אין אַמסטערדאַם, האָלאַנד. די האָ־לענדער זײַנען געווען זייער פרײַנדלעך צו די יידן, אָבער וואָס האָבן זיי געקענט טאָן? די נאַצים האָבן אויך געהערשט איבער זיי און זיי שוידער־לעך (2) אונטערדריקט. אַנאַס פאָטער, אָטאָ פראַנק, האָט באַשלאָסן, אַז די בעסטע זאַך וועט זײַן ערגעץ זיך אויסבאַהאַלטן. און נאָך לאַנג זוכן האָט ער געפונען אַ גוטן פּלאַץ: דאָס איז געווען אַן אייבערשטער שטאָק אין דעם הינטערטייל פון אַ פאַבריק, וואָס איז באַשטאַנען פון עטלעכע צימערן און אַ בוידעם. אַנאַ באַשרײַבט אין איר טאָגבוך אַלץ, וואָס האָט פּאַסירט די גאַנצע צײַט, וואָס זיי האָבן זיך אויסבאַהאַלטן, ביז דעם טאָג, ווען די פּאָליציי האָט זיי אַרעסטירט.

אַנאַ באַשרײַבט, ווי גוטע האָלענדער האָבן אײַנגעשטעלט זייער לעבן און פאַר זיי געבראַכט אין באַהעלטעניש אַרײַן שפּײַז, צײַטונגען, זשורנאַלן און אויך ביכער. ווען נישט די גוטע האָלענדער וואָלטן זיי געהונגערט. אין איינעם פון די צימערלעך האָבן זיי אַפילו געהאַט אַ ראַדיאָ און זיך צוגע־הערט צו די נײַס. ווען די נאַצים האָבן געזיגט, איז די נײַס פאַר זיי געווען טרויעריק, און ווען די נאַצים האָבן פאַרלוירן, זײַנען די מענטשן געווען פריילעך — זיי האָבן געהאָפט, אַז באַלד־באַלד וועלן זיי באַפרײַט ווערן און מער נישט דאַרפן לײַדן.

אַנאַ איז געווען אַ פריילעך מיידל. זי באַשרײַבט, ווי זי האָט פריער געשטיפט אין קלאַס פון מאַטעמאַטיק און איר לערער האָט איר באַשטראָפט מיט שרײַבן אַ קאָמפּאָזיציע אויף דער טעמע: „פאַר וואָס מ'טאָר נישט רעדן אין צײַט פון לערנען“. אין דער קאָמפּאָזיציע זאָגט אַנאַ אויף זיך, אַז איר פּלאַפּלען אין קלאַס דערמאָנט אָן אַ קאַטשקע, וואָס מאַכט שטענדיק: קוואַ־קוואַ־קוואַ. פאַרשטייט זיך, אַז דער לערער האָט געלאַכט, ווען ער האָט

1. גרויסער כּעס. 2. שרעקלעך.

געלייענט די קאָמפּאָזיציע. דאָס איז געווען, ווען זי איז געווען אויף דער פרייַ און געלערנט אין אַ שול. איצט, אין באַהעלטעניש, האָט זי אויך געמוזט לערנען, אָבער אָן דער הילף פון לערער. זי האָט פאַר זיך אַליין געלערנט פראַנצויזיש, האָלענדיש, ענגליש, ליטעראַטור, געשיכטע און וויסנשאַפט — אַלץ אַליין. אַזאַ קלוג און פעיִק מיידל איז אַנאַ געווען.

מער ווי צוויי יאָר איז אַנאַ און איר משפחה געווען אויסבאַהאַלטן אין די בוידעם־צימערן און דורך די יאָרן איז אין דרויסן אָנגעגאַנגען אַ מלחמה. יעדע נאַכט זיינען ענגלישע און אַמעריקאַנער עראָפּלאַנען געפלויגן איבער אַמסטערדאַם און באָמבאַרדירט די דייַטשע פּאָזיציעס און אויך די געבייַדעס, ווו די נאַציס האָבן געהאַלטן זייערע שפּייַז־זאַפּאַסן און אַמוניציע. די נאַציס האָבן אַרויפגעשאָסן צו די עראָפּלאַנען. אין אַזעלכע נעכט האָט אַנאַ זיך זייער געשראָקן און זי האָט שטאַרק געוויינט.

שטעלט זיך פאָר: מער ווי צוויי יאָר האָבן נישט אַנאַ און נישט די אַנדערע מענטשן געקענט אַרויסגיין אין גאַס. די גוטע האָלענדער, מיעפּ און עלי, האָבן פאַר זיי געבראַכט אַלץ, וואָס זיי האָבן באַדאַרפט: שפּייַז, האָלץ צום הייצן, צייַטונגען, ביכער, אָבער אַרויסגיין אין גאַס האָבן זיי נישט געטאָרט.

אין באַהעלטעניש איז אויך געווען אַ ייִנגל, פּיטער, וואָס איז געווען אַביסל עלטער פון אַנאַן... ער איז געווען דער זון פון די וואַן דאַאַנס. אַלץ, וואָס ער האָט געטאָן, איז געווען קאָמיש. אָט האָט ער זיך אַראָפּגעגליטשט פון אַ לייטער. און אַ מאָל, ווען ער האָט אַרויפגעטראָגן אַ זעקל בעבלעך אויפן בוידעם, האָט זיך דאָס זעקל אויפגעריסן און אַלע בעבלעך האָבן זיך אויסגעשאָטן אויף אַנאָס קאָפּ, ווייַל זי איז געשטאַנען אונטן, בייַם לייטער. עס האָט גערעגנט מיט בעבלעך און אַלע האָבן געלאַכט. אויך האָט פּיטער זיך אַלע מאָל באַקלאָגט אויף עפּעס: דאָ טוט אים דער קאָפּ ווייַ, דאָ ציט אים אַ פוס, עס ברעכט אים די פּלייצע, און איין מאָל איז ער אַ דערשראָ־קענער אַרייַנגעלאָפן אַלעמען ווייַזן זיין צונג, אַז זי איז בלוי. די צונג איז טאַקע געווען בלוי, אָבער ער איז נישט געווען קראַנק. אַזאַ קאָמישער איז געווען פּיטער. אַנאַ איז געווען פרייַנד מיט אים און ביידע האָבן אויסגע־טראַכט פאַרשיידענע שפּילן כדי צו פאַרברענגען די צייַט.

וויסן דאַרפט איר, אַז די פאַמיליע פראַנק און אַלע אַנדערע, וועלכע האָבן זיך מיט זיי אויסבאַהאַלטן, זיינען געווען ייִדן. בלויז ייִדן האָבן זיך געמוזט אויסבאַהאַלטן. אַלע האָבן צוזאַמען געלעבט און געהאָפט, אַז די מלחמה וועט זיך אין גיכן ענדיקן און זיי וועלן באַפרייַט ווערן. דערווייַל איז די צייַט געלאָפן: עס איז געקומען ווינטער. ווען עס איז אויסגעפאַלן אַ ייִדישער יום־טובֿ, האָבן אַלע צוזאַמען געפייַערט דעם יום־טובֿ. אַנאַ האָט זייער ליב געהאַט דעם יום־טובֿ חנוכּה, ווייַל דעמאָלט פלעגט זי קריגן מתּנות און חנוכּה־געלט.

עס וואַלט אַלץ געווען גוט, אָבער פּלוצלינג האָט זיך אָנגערוקט אַ גרויסער אומגליק. איין מאָל האָט די פּאָליציי אָנגעהויבן שטאַרק צו קלאַפּן און דער ביכער־שאַפע, וואָס האָט פאַרשטעלט די טיר. די מענטשן אין באַהעלטעניש, דערשראָקענע אויף טויט, האָבן געוווּסט, אַז דער סוף איז געקומען. די פּאָליציי האָט אויפגעבראָכן די טיר און אַרײַן אין זייער באַהעלטעניש. עס האָט נישט געהאָלפן קיין געוויין און געבעט. זיי האָבן אַלעמען אַרעסטירט און פאַרשיקט אין בערגען־בעלזען, אַ קאָנצענטראַציע־לאַגער, ווו אַלע, אויסער אַנאַס פאָטער אָטאָ פראַנק, זײַנען אומגעקומען. אַנאַ אַליין איז דאָרטן געשטאָרבן פון הונגער און קראַנקייט.

בײַם סוף פון דער מלחמה, ווען די נאַציס זײַנען באַזיגט געוואָרן, איז אַנאַס פאָטער, אָטאָ פראַנק, באַפרײַט געוואָרן פון קאָנצענטראַציע־לאַגער. איינער אַליין איז ער צוריקגעקומען אין די צימערן פון דער באַהעלטעניש. אַלע זאַכן האָבן די נאַציס אויסגערויבט. אויף דער ערד האָבן זיך געוואַלגערט אַלטע זשורנאַלן און צווישן זיי אויך דאָס טאָגבוך פון אַנאַ. דער פאָטער האָט דאָס טאָגבוך אויפגעהויבן און עס געלייענט, געגעבן אַנדערע צו לייענען, ביז אַ שרײַבער האָט געלייענט דאָס טאָגבוך און געשריבן אַן אַרטיקל אין אַ צײַטונג, אין וועלכן ער האָט דאָס טאָגבוך שטאַרק געלויבט. באַלד האָט מען אַנאַ פראַנקס טאָגבוך אָפּגעדרוקט אין אַ בוך. ביז הײַנט האָט מען שוין פאַרקויפט 4 מיליאָן פון די ביכער אין פאַרשיידענע שפּראַכן אין 30 לענדער. דאָס הויז, ווו אַנאַ האָט זיך אויסבאַהאַלטן, איז איצט אַ מאָנומענט פאַר דעם יידישן מיידל אַנאַ פראַנק, וועמען די נאַציס האָבן אַזוי יונג אומגעבראַכט.

די יוגנט פון דער גאַנצער וועלט געדענקט אַנאַ פראַנקן. אַ סך פון זיי פאָרן קיין אַמסטערדאַם, האָלאַנד צו זען דאָס הויז, ווו זי האָט זיך אויסבאַהאַלטן. אַנאַ פראַנק איז געוואָרן אַ סימבאָל פון יידישע לײַדן אונטער די נאַציס.



„בענקשאַפט צו דער פרײַ" —

געמעל פון רפאל כוואָליעס

שמערקע
קאַטשערגינסקי

# דאָס עלנטע קינד

(שׂרהלע קרינסקין)

„ס'יאָגט מיך ווער, יאָגט
און לאָזט נישט צו רו:
אַ מאַמע, מײַן מאַמעלע,
ווּ ביסטו, ווּ?
עס זוכט דיך דײַן שׂרהלע,
ס'רופט דיך דײַן קינד"...
ס'יאָמערט (1) און וואָיעט (2)
אין פעלד נאָר דער ווינט.

„דער טאַטע — נישטאָ,
ווער ווייסט, ווּ ער איז?
עס האָט אים געפאַנגען (3)
אַ שרעקלעכער ריז (4)...
די נאַכט איז געווען שוואַרץ,
ווען דאָס איז געשען"...
נאָך שוואַרצער דאָס פּנים
דער מאַמעס געווען.

---

1. וויינט. 2. aulla. 3. פאַרכאַפּט, פאַרנומען. 4. גיגאַנט.




די פוילישע פרוי וויקטאָריא ראַדזעוויטש מיט דער יידישער מיידעלע שרהלע קרינסקי, וועמען זי האָט אויסבאַהאַלטן פון געסטאַפּאָ און געהאָדעוועט אין משך פון 4 יאָר צייט.

אין וואָגל (5) פון טאָג,
אין וואַנדער פון נאַכט,
אין אומרו פון שלאָף ליגט
דאָס קינד און עס דאַכט (6):
„אָ, קינד מײַנס!“ — זי הערט שוין
פון טאַטן די טריט;
די מאַמע פאַרוויגט זי
און זינגט איר אַ ליד:

„אַז דו וועסט אַ מאָל
אַ מאַמעלע זײַן,
זאָלסטו דײַנע קינדער
דערציילן דעם פּײַן (7),
וואָס טאַטע און מאַמע
געהאַט האָט פון פּײַנט (8).
פאַרגעס נישט דעם נעכטן,
דערמאָן אים, דעם הײַנט!“...

הענריקאַ לאַזאָווערט

## דער קלײנער שמוגלער*

דורך מויערן, לעכער און חורבֿות,
דורך דראָטן — איז איך דאָ אַ גאַנג;
הונגעריק, דאָרשטיק און באָרוועס,
גליטש איך זיך דורך, ווי אַ שלאַנג.

איך טראָג אויף די פּלייצעס אַ זעקל —
דער וועג, ער האָט גאָר נישט קיין עק;
אין האַנט שלעפּ איך אויכעט אַ פּעקל
און כ׳קוק זיך אַרום אין איין שרעק...

מע וועט אפשר כאַפּן מיך, יאָגן,
און געבן מיר בײַטשן און קלעפּ,
פאַרשליסן מיך, מאַטערן, שלאָגן, —
צו מײַן לעבן וועט נעמען אַן עק...

כ׳וועל מער צוריק שוין נישט קומען —
בלײַבסט, מאַמע, אליין דאָ אצינד,
די גאַס וועט אויך פאַרשלינגען
ס׳געשריי פון דײַן ליבן קינד...

נאָר איין זאַך פאַרשאַפט מיר גאָר זאָרגן,
נישט דלות, נישט פּיין און נישט נויט, —
נאָר ווער וועט, אָ, מאַמע, אויף מאָרגן
דיר ברענגען דאָס שטיקעלע ברויט?...

---

5. אַרומגיין אָן אַ ציל, אָן אַ היים. 6. חלומט. 7. גרויסע צרות, ווייטאָגן. 8. שׂונא.
*) קאָנטראַבאַנדיסט.

הערש דאָבין

# ביי דער אייזנבאַן-בריק

## א

ווען די יינגלעך האָבן סוף־כּל־סוף באַשטימט אָפּצוטאָן דאָס, צו וואָס זיי האָבן זיך אַזוי לאַנג געגרייט, האָט זיך דער טאָג איינגעגעבן אַזאַ, ווי עס טרעפט שניטצייט (1): אַ הייסער און אַ בלענדנדיקער (2). עפּעס איז געווען אין דעם טאָג אַזוינס, וואָס האָט דערמאָנט אין יענעם, ווען מע האָט דערהרגעט ברוכס קליין ברודערל, ליפען. גלייך ווי דעמאָלט, איז היינט דער וואַכמאַן (3) קראַנק שטאַרק צערייצט און יאָגט די מענטשן, ווי מע יאָגט אַפילו נישט קיין פּי (4). גלייך ווי דעמאָלט, זיינען אַלע דורכגעזאַפּט מיט שווייס און מיט שאַרפן ריח פון איבערגעברענטע קוילן, וואָס האָבן זיך ביי אַ מינדסטן (5) טראָט אויפגעהויבן מיט אַ דינעם שטויב פון אונטער די פיס און פאַרהאַקט דעם אָטעם, געקריצט אויף די ציין...

נישט האָבנדיק שוין קיין אַנדער אַרבעט, האָבן די דייטשן באַפוילן די יידן צוצונעמען פונעם אָט־אָט פאַרטיקן בריק די איבעריקע שטיינער, ציגל און געהילץ (6). האַרט ביי דער בריק איז געשטאַנען קראַנקע און בייז געשריגן.

ברוך איז איצט פאַרן געשריי נישט נתפּעל (7) געוואָרן. וויכטיק איז שוין געווען נישט דאָס; וויכטיק איז געווען דאָס, וואָס די מינע איז שוין דאָ, וואָס זי איז שטיל געלעגן אונטער אַ קוסט (8) און געוואַרט אויף דער נייטיקער מינוט... און ברוך האָט זיך גענומען מיט אַלעמען גלייך צו דער אַרבעט.

אַלע האָבן געקייקלט (9) פון דעם אָנשיט גרויסע שטיינער. און ער האָט זיך אויך גענומען פאַר דעם, מיט דעם אונטערשייד נאָר, וואָס ער האָט דווקא גענומען קייקלען די שטיינער, וואָס זיינען געלעגן ביים סאַמע בריק, דאָרטן וווּ דער אָנשיט בייגט אָפּ זיינעם אַ גרינעם פליגל און לאָזט זיך

---

1. ווען מע נעמט אַראָפּ די תּבֿואה. 2. מיט אַ סך זון. 3. דייטשער זשאַנדאַרם.
4. פערד, קי אד״גל. 5. קלענסטן. 6. האָלץ. 7. נישט פאַרוווּנדערט געוואָרן.
8. קליין ביימל. 9. אַראָפּגעוואָרפן.

אראָפּ מיטן לייטערל צום טײַכל צו... אַרומכאַפּנדיק, ווי אַ מורעשקע (10) אַ ברעקל, מיט די הענט און פיס אַ גרויסן שטיין, וואָס איז פעסט געזעסן צווישן אַ סך אַנדערע, האָט ברוך קלאָמערשט (11) געשוויצט. נישט קאָנענ־דיק אים רירן פונעם אָרט. און מער פון אַלץ זײַענדיק פאַרנומען מיט באַ־טראַכטן דאָס אָרט אַרום. ער האָט געזען דאָס שטעגעלע (12), וואָס האָט פון דעם לייטערל געפירט צום טײַכל. מיט וועלכן ער איז שוין נישט איין מאָל נאָך וואַסער געלאָפן, און דעם הויכן רעכטן ברעג. אַ מאָל איז דער ברעג געווען געדיכט באַוואַקסן. איצט האָט מען אַלץ אויסגעהאַקט. ער האָט געזען דעם וועג, וואָס האָט געפירט צו די מאָהילקעס (13) בײַם שטעטל. דאָרטן האָט ער אָפּגערעדט, „נאָך אַלעמען", זיך טרעפן מיט האַלפערינגען. וועט זיי כאָטש זיך אײַנגעבן אַרויס גאַנצע פון אונטערן פײַער, ווען ער וועט שוין אַוועקלייגן די מינע?... ניין, ניין, וועגן דעם וויל ער איצט אפילו נישט טראַכטן. ער טאָר נישט טראַכטן. דער עיקר איז — אָפּטאָן דאָס, צו וואָס ער גרייט זיך. ער ווייסט: מיליאָנען קומען אום... וועט ער כאָטש אומ־קומען פאַר עפּעס!... און אפשר וועט פאָרט געלינגען צו בלײַבן לעבן... זיך דורכרײַסן דורך אַזוי פיל דראָטן און בלײַבן לעבן? — דאָס קאָן געשען נאָר מיט אַ נס...

וואַרטנדיק אָנגעשטרענגט (14) אויף דער לאַנג דערוואַרטער מינוט, האָט ברוך געקוקט צו דער סטאַנציע, ווו עס האָט זיך באַוויזן אַ צוג. ער האָט געוווּסט, אַז דאָס גייט אַ פּראָוויצוג מיט ליידיקע פּלאַטפאָרמעס אָדער מיט זאַמד: ער דאַרף עפענען דעם וועג איבער דער אײַזנבאַן־בריק, וואָס איז אויפגעריסן געוואָרן דורך די פּאַרטיזאַנער און איז נאָר־וואָס פאַרריכט געוואָרן דורך די צונויפגעטריבענע ייִדן פון געטאָ.

נישט אויף דעם צוג האָט ברוך געוואַרט. נאָך פאַר פרי האָט אים שוין אַן אומרו באַהערשט... ער האָט געזען, ווי דער צוג האָט זיך אָפּ־געשטעלט בײַם סעמאַפאָר, מע האָט געקאָנט זען, ווי ער רייכערט און זעצט אַרויס דאַמף (15).

אויף דער סטאַנציע האָבן געהאַלטן אין איין אָנקומען צוגן נאָך צוגן. עס האָט געפּײַפט און געררודערט, אַלץ נײַע פּלאַטפאָרמעס מיט מאַשינעס, מיט טאַנקען, מיט מיליטער.

ברוך האָט דאָס לאָקאָמאָטיוו־פּײַפערײַ דערפילט ווי אַ לעבעדיקע זאַך, וואָס האָט די גרעסטע שײַכות צו דער זאַך, וואָס ער האָט געהאַט באַהאַלטן אונטערן קוסט, אַזאַ שטום מאָנענדיקע זאַך, וואָס האָט אים אַלע מאָל גע־צוווּנגען אַ קוק צו טאָן אַהין פון דער ווײַטנס, און וואָס האָט מיט אַן אָפּ־

---

10. hormiga. 11. געמאַכט זיך ווי ער וואָלט שטאַרק געאַרבעט. 12. שמאָלער וועג. 13. קריסטלעכער בית־עולם. 14. דאָ: אומגעדולדיק. 15.

צוזונגל (16) פון איינעם און דעם זעלבן עלעקטרע־שטראָם אויך אָנגערירט האַלפּערינגען. וויפל מאָל ער האָט זײַן בליק געוואָרפן אַהין, האָט זיך ברוך באַגעגנט מיט יענעמס אויגן.

— באַלד, באַלד, ברודער... — האָבן יענעמס בליקן גערעדט מיט זייער גאַנצער באַהאַלטענער גדולה (17)...

— זײַ זיכער! עס וועט אַלץ זײַן אויפֿן אָרט! — האָט אים אויך ברוך געענטפערט, כאָטש אַרום דער נאָז האָט זיך אים אַלץ אַ גרעסערע היץ באַזעצט און געפלעקט די באַק, ווי אַ צעגליטע שטיק אײַזן, פון רויט אויף ווײַס.

ב

...נאָך האַלבן טאָג האָט ברוכן אָנגעהויבן דאַרשטן (18). נאָר גיין נאָך וואַסער אָן איבעריק מאָל צום בריק האָט ער איצט מורא געהאַט. ער האָט געציטערט זיך צו פיל שפּילן מיטן מזל. עס האָט אים געשראָקן, אַז מיט דעם מאָל גיין קאָן ער נאָך אַרויסרופן אַ חשד (19). ווען ער האָט באַשטימט בײַ זיך, אַז ער איז נישט גערעכט, אַז פאַרקערט, טאַקע צוליב דעם, עס זאָל נישט אַרויסרופן קיין חשד, מוז ער גאָר גיין מער, — איז ער דאָך אַוועק. נאָר גייענדיק שוין מיטן עמער צוריק פון טײַכל, האָט ער געפילט, אַז ס'איז אים שווער צו גיין, אַז עס ענדיקן זיך אים די כּוחות זײַנע... ווײַל נאָך איין גאַנג דאַרף ער איבערלאָזן אויף שפּעטער... און ער דאַרף זײַן געהיט...

פאַרנאַכטלעך, ווען אין די דזאָטן (20) האָבן זיך באַוויזן ווידער די דײַטשן און האָבן אָנגעהויבן אַרויסלאָזן איינצלנע שאָסן בײַם אויספּרוּוון דאָס געווער, האָט אויך האַלפּערינען אַ בלאַסקייט באַדעקט דאָס פּנים. ברוך האָט געזען, ווי ער שטייט נישט אײַן אויף אַן אָרט. אָט לאָזט ער זיך גיין פאַרבײַ אים, וויל, ווײַזט אויס, אים זאָגן עפּעס דערמוטערנדיקס (21), נאָר נישט דערגייענדיק צו אים, קערט ער זיך אום צוריק... און ס'האָט זיך אין ברוכן אויך אַלץ אָנגעצויגן...

ענדלעך איז געקומען די מינוט. די זון האָט אָנגעהויבן פאַרגיין, שאָטנס האָבן זיך אויסגעצויגן אויף דער ערד. פונעם טײַכל האָט אַ ציִ געטאָן מיט פײַכטקייט. עס איז אַוועק דער ערשטער פּרוּווצוג, וואָס האָט די גאַנצע צײַט געפּײַפט בײַם סעמאַפאָר. איצט איז דאָ, אויפן וועג, כמעט ווינציקער געוואָרן פון די דײַטשן. קראַווזע איז געשטאַנען פון ווײַטן בײַ אַ גרופּע ייִדן און האָט זיך שוין ווידער צו עמעצן געטשעפּעט. נאָך אַ פּאָר דײַטשן מיט די טעכניקערס זײַנען געבליבן אויף יענער זײַט וועג, איבער דעם טײַכל. נעענטער צו ברוכן זײַנען בלויז געווען עטלעכע ייִדן, צווישן זיי דער טאַטע

———

16. סעקציע, טייל. 17. פרייד. 18. וועלן טרינקען. 19. sospecha. 20. פאַר־טיפיקאַציעס. 21. וואָס גיט צו מוט.

און דניאל דער גערטנער. די ייִדן זײַנען געווען אומעטיק. דניאל האָט געזען אָנקומען דעם צוג, האָט ער ביטער אַ זיפֿץ געטאָן.

— אָט האָסטו דיר, כאַטש לייג זיך אַליין אונטער און שטעל אים אָפּ...

— פּאַרטיזאַנער, ווו נעמט מען פּאַרטיזאַנער?

אומעטיקע, מיט אַראָפּגעלאָזטע קעפּ, גלײַך דערמיט וואָס די פּאַרטיזאַנער קומען שוין נישט אַ לענגערע צײַט, וואָלט בײַ זיי אָפּגענומען גע־וואָרן דאָס לעצטע ביסל חיות, האָבן די ייִדן זיך אויסגעגעסן די גאַל (22).

— מע טאָר נישט דערלאָזן, אַז אַזאַ מאַכיניע (23) זאָל דערגיין צום פֿראָנט... — נאָך אַ ביסל און עס האָט די ייִדן אָן אומרו באַהערשט. ווי זיי וואָלטן דאָ געקאָנט עפּעס פֿאַרשפּעטיקן. מע האָט אָנגעכאַפּט איינע די צווייטע פֿאַר די הענט:

— וואָס טוט מען? וואָס טוט מען?

ג

...האַלפּערין האָט אויף גיך אַראָפּגעכאַפּט פֿון זיך די שיך און האָט אַ קוק געטאָן אויף ברוכן. ברוך האָט פֿאַרשטאַנען דעם סיגנאַל און האָט זיך אַ נעם געטאָן פֿאַרן עמער...

דער צוג האָט, טראַסקענדיק מיט אַ פּוסטן קלאַנג פֿון רעדער, זיך אָנ־גערוקט, האָט פֿאַרשטעלט די דײַטשן. ס'איז געווען דער געוווּנטשענער מאָמענט, אויף וועלכן זיי האָבן געוואַרט. ברוך האָט אַרײַנגעלייגט די מינע אין עמער... און ווי כּדי זיך צו געזעגענען מיט אַלץ, מיט וואָס זײַן לעבן איז געווען געקניפּט און געבונדן, האָט ער זיך אַרומגעקוקט. מיט אַ מאָל האָט ער דערזען דעם טאַטן. יענער האָט געמאַכט אַ פֿאָר טריט צו אים. זיי האָבן זיך באַגעגנט מיט די אויגן. צי דער טאַטע האָט טאַקע פֿון עפּעס וואָס זיך אָנגעשטויסן, צי אפֿשר אַפֿילו וואָס באַמערקט, נאָר ס'האָט זיך ברוכן אויסגעדאַכט, אַז ער וויל צו אים צוקומען, און האָט עפּעס מורא, ווי איינער שרעקט זיך צו שטערן יענעם. וואָס גייט אויף אַ שמאָל בריקל איבער אַן אָפּגרונט (24)...

דאָס האָט געדויערט אַ רגע, נישט מער וויפֿל עס האָט געקאָנט גע־דויערן דער געדאַנק: „זײַ געזונט, טאַטע"! — און ברוך איז אַוועק. ער איז געגאַנגען גיך מיטן עמער אין האַנט, ווי נאָך וואַסער, אַראָפּ צום לייטערל בײַם טײַך, צום בריק, גוט וויסנדיק, אַז ער גייט אַהין, ווו צווישן טויט און לעבן איז איין טראָט...

וואָס איז געשען נאָך דעם, ווי אַזוי ער איז דורכגעלאָפֿן צווישן די דזאָטן אונטער דער שיסערײַ — האָט ער נישט געדענקט און ער האָט וועגן דעם גאָרנישט געקענט דערציילן. ער האָט נאָר געדענקט איבערן קאָפּ דעם

---

22. דאָ: זיי האָט שטאַרק פֿאַרדראָסן. 23. דאָ: אַזוי פֿיל מיליטערישע טעכניק.

24. abismo.

גערודער פון דעם אַנקומענדיקן שווער־געלאָדענעם (25) צוג, דעם מאָמענט, ווען ער האָט אָנגעהויבן צובינדן די מינע צו איינעם פון די אײַזערנע בריק־באַלקנס (26). די אַרבעט איז בײַ אים צום אָנהייב נישט געגאַנגען, עס האָט אים געקלאַפּט אַ צאָן אין אַ צאָן, אַז ער האָט נישט געקאָנט דאָס מויל צונויפשליסן.

אין אַ געוויסן מאָמענט שפּעטער, ווען ער איז, כּדי איבערצוכאַפּן דעם אָטעם פונעם געלויף, צוגעפאַלן צום הויכן ברעג, וואָס האָט זיך אָפּגעשאָטן פון אונטער זײַנע הענט און פיס, — האָט אים פאַרוווּנדערט די געדיכטע נעץ טראַסירנדיקע קוילן (27), וואָס האָט פון אַלע זײַטן אַרומגעכאַפּט דעם שטילן, טונקל־אָוונטיקן הימל. און ווײַל קיין שום שיסערײַ האָט ער בעת־מעשׂה נישט געהערט און די פלעמלעך האָבן נישט אויפגעהערט זיך אַרומטראָגן אין דער לופטן, — האָט עס געמאַכט דעם אײַנדרוק, אַז עס קומט אַלץ פאָר אין אַ חלום...

ערשט דער פאַרטויבנדיקער אויפרײַס, וואָס האָט אים אומגעוואָרפן אויף דער ערד, אַזוי אַז ער איז שוין נישט אַראָפּגעפאַלן אין טײַך אַרײַן, האָט אים אָנגעזאָגט, אַז ער חלומט נישט. אַז זיי האָבן דעם בריק טאַקע צעשטערט...

נאָך שפּעטער, בײַ נאַכט שוין, האָבן זיך ביידע יונגלעך באַגעגנט אויפן באַשטימטן אָרט, אויף די מאָהילקעס, בײַ דער שײַן פון דער שׂרפה, וואָס האָט געהאַלטן רויט דעם הימל איבער דער אײַזנבאַן־ליניע און איבער דער ווידער אויפגעריסענער בריק.

זיי האָבן זיך אַראָפּגעלאָזט בײַ די צלמים און ראָזלעכע בעריאָזעס (28), באַפאַרבטע פון דער שׂרפה, און ערשט דאָ האָט ברוך דערזען, אַז האַל־פערין איז פאַרוווּנדיקט אין האַנט.

אָפּגעריסן אַ שטיק העמד, האָט ברוך אויף דער גיך אים געגומען איבערבינדן.

די נאַכט אַרום איז געווען אויף (29). מיטן וועג פון שטעטל זײַנען געפלויגן, לײַכטנדיק מיט די פאַרעס, מאַשין נאָך מאַשין צו דעם אָרט פון אויפרײַס. פון דער באַן־סטאַנציע האָט מען געזען דאָרטן אַרויסוואַרפן ראַ־קעטע נאָך ראַקעטע. דאַן האָט מען אויף אַן אויגנבליק געקאָנט זען, ווי אַ געדיכטער רויך האָט זיך געקנוילט און האָט אַלץ פאַרשטעלט...

האַלפּערין האָט עפּעס געהאַט אָנגעהויבן רעדן, נאָר ברוך האָט בלויז געזען, ווי יענער מאַכט מיט די ליפּן.

— איך הער גאָרנישט. — האָט ברוך געזאָגט, באַווײַזנדיק מיט ביידע הענט, אַז די אויערן זײַנען אים פאַרלייגט, — עס קלינגט, עס קלינגט, ווי מיט גלעקער.

---

25. מיט אַ סך אַמוניציע. 26. קאָלומנעס. 27. וואָס לײַכטן אין פלי. 28. abedules.
29. מ׳איז נישט געשלאָפן.

דאָך זײַנען געווען זאַכן, אויף וועלכע ברוך האָט זייער געוואָלט קריגן אַן ענטפער, אַ שטייגער: „ווי אַזוי, ווי אַזוי זײַנען מיר אַרוים לעבעדיקע פון אַזאַ פײַער?"...

ענדלעך האָט ברוך געפרעגט:

— וואָס, ס'טוט דיר שטאַרק וויי?

האַלפּערין האָט זיך אַ קנייטש געטאָן:

— ניין, נישט אַזוי שטאַרק...

— איז קאָנען מיר גיין?

די ייִנגלעך זײַנען אויפגעשטאַנען און אָנשפּאַרנדיק זיך איינער אין דעם צווייטן, זײַנען זיי אַוועקגעגאַנגען אין דער נאַכט. זיי זײַנען געגאַנגען גלײַך מיט די פֿעלדער, וואָס ווײַטער פונעם וועג, וואָס ווײַטער פון דער שׂרפה...

זיי האָט איצטער נאָר געפעלט איין זאַך: דער וועג צום וואַלד — דער וועג צו די פּאַרטיזאַנער.

# חנן קיעל | דער לעצטער פון געטאָ

עס ברענען די הײַזער פון וואַרשעווער געטאָ,
ווו ס'וואַרטן נאָך ייִדן צווישן די ווענט.
נאָר נישט אויף אַ נס און נישט אויף אַ רעטונג (1) —
זיי וואַרטן צו שטאַרבן מיט וואָפן (2) אין הענט!

זיי וואַרטן מיט אויגן, וואָס גלײַען (3) און שטראַלן,
און ס'קלאַפּן די הערצער מיט ליד „אני מאַמין":
איך גלייב, יאָ, איך גלייב, אַז ס'איז נאָך נישט פֿאַרפאַלן,
אַפֿילו ווען ס'שטייען די הײַזער אין פלאַמען!

עס גיט אַנילעוויטש אַרוים נאָך באַפעלן
צו לעצטע גיבורים, ווי ליכטער, וואָס צאַנקען; (4)
און ס'פלײַען פון לעכער און פענצטער שראַפּנעלן —
און ס'ברענען די דײַטשע געפּאַנצערטע טאַנקען.

1. אויסלייזונג. 2. געווער. 3. ברענען. 4. לעשן זיך.

דאָרט הויך, אויפן דאַך האָט אַ גיבור געקלעטערט (5),
געהילט אין אַ בלוי־ווײַסער פאָן אינעם פלאַם, —
אַזוי איז געפאַלן דער לעצטער פון געטאָ,
אויף קידוש השם און אויף קידוש העם!...



„יידישע פאַרטיזאַנער“ (גראַפיק)

אַלעקסאַנדער באָגען

# יוסף אָפּאַטאָשו — פּאַרטיזאַנער

די נאַכט איז געווען אַ פינצטערע. קיין לבֿנה, קיין שטערן. דער עראָפּלאַן, וואָס איז געווען זעקס און צוואַנציק טויזנט פוס איבער דער ערד, איז געפלויגן „בלינד".

אַזוי אַ שעה, אַזוי צוויי.

ס'איז שוין געווען נאָך האַלבער נאַכט, ווען ביידע פּאַרטיזאַנער, קאָליע און אַבראַשע, האָבן דערפילט, אַז זייער עראָפּלאַן דערנעענטערט זיך צום וואַלד.

דאָס מאָל וועלן זיי נישט בלויז אַראָפּוואַרפן קאָנסערוון, אַמוניציע און צוריק פליִען, נאָר זיי וועלן זיך אַראָפּלאָזן מיטן עראָפּלאַן און אָפּטאָן אַ שטיקל אַרבעט. דער בלויזער געדאַנק, אַז מען וועט אָפּטאָן אַ „שטיקל אַרבעט", האָט ביידן צוגעגעבן פרייד.

קאָליע און אַבראַשע — ביידע אין די צוואַנציקער, ביידע קיעווער, פונעם פּאָדאָל (1), וואָס לויפט באַרג־אַראָפּ, גרענעצט זיך מיטן דניעפּער. ווען ייִדן האָבן בײַם צאַר אין קיעוו נישט געטאָרט וווינען, איז פּאָדאָל געווען די ייִדישע געטאָ. פאַר קאָליען און אַבראַשען איז דער פּאָדאָל געווען אַ טייל פון קיעוו. און מיט קיעוו האָבן זיך די יונגעלײַט איבערגענומען. גאַסן ברייטע, געפלאַסטערטע, ציִען זיך באַרג־אַרויף, באַרג־אַראָפּ. פאַר די הײַזערביימער, געערטנדלעך. אָנהייב מאַי אין די גאַנצע שטאָט אײַנגעדעקט אין גרינס.

אַזוי האָט קיעוו אויסגעזען אָנהייב מאַי נײַנצן הונדערט איין און פערציק. און איצט, אין נײַנצן הונדערט צוויי און פערציק? די שטאָט אין חורבֿות. פּאָדאָל איז אָפּגעברענט. אויף די צעבליטע ביימער הענגען ייִדן, הענגען אוקראַיִנער. דאָס נעמט דער דײַטש נקמה פון יעדן ייִד, פון יעדן אוקראַיִנער, אויב ער איז חושד (2), אַז דער ווײַטסטער קרובֿ איז אַ פּאַרטיזאַן. און דער דײַטש האָט נקמה גענומען פאַר אַבראַשקעס „חטאים", אויפגעהאַנגען אַבראַשקעס זיבעציק־יאָריקן פאָטער, אים אויפגעהאָנגען אויף אַ קאַשטאַנבוים, לעבן אַלטן בית־עולם. שוין די דריטע וואָך ווי דער זקן

1. קוואַרטאַל פון קיעוו. 2. sospecha.

הענגט. און דער דײַטש פֿאַרזיכערט, אַז דער זקן וועט אַזוי לאַנג הענגען, ביז הינט וועלן אים אויפֿפֿרעסן.

אַז אַבראַשע האָט זיך דערוווּסט פֿונעם פֿאָטערס טויט, האָט אַ היי־סער קנויל (3) אים אַ שפּאַר געטאָן אין האַלדז אַרײַן, געטריבן ס׳בלוט אין די שלייפֿן:

— פֿאַר וואָס שרײַט ער נישט, מע זאָל הערן אין אַלע הימלען?

און בשעת אַבראַשע האָט געפֿירט אין וואַלד אַרײַן פֿאַר די חבֿרים־פּאַרטיזאַנער קאָנסערוון און אַמוניציע, האָט ער מיט אַ מאָל אָפּגעלאָזט איין האַנט פֿונעם האַלבן רעדל און אַ זאָג געטאָן צום חבֿר מיט אַ פֿרעמד, אָפּגעשפּאַלטן קול:

— קאָליע?!

— וואָס, אַבראַשע?

— כ׳וויל מקבר זײַן דעם טאַטן.

ביידע האָבן געוווּסט, אַז מע שטעלט אין קאָן דעם ערראָפּלאַן, ס׳איי־גענע לעבן, אַז מען שטעלט אײַן (4) אין קאָן ס׳לעבן פֿון די פּאַרטיזאַנער.

ביידע האָבן געשוויגן, זיך געטוליעט אין די פּעלצן און געשוויגן.

און אַז זיי זײַנען שוין געווען איבערן וואַלד, האָבן ביידע געזוכט אין דער פֿינצטערניש אַ פֿײַערל, געזוכט אַ פֿלעמל — אַ צייכן, אַז מע קאָן זיך אַראָפּלאָזן. ס׳איז גאָרנישט געווען צו זען. קאָליע האָט געוויזן מיט אַ פֿינגער אויפֿן ציפֿערבלאַט און געהייסן האָט עס:

אַראָפּלאָזן זיך צו פֿופֿצן טויזנט פֿוס.

דער עראָפּלאַן איז אַ פֿאַל געטאָן צווישן געדיכטע וואָלקנס און האָט זיך גענומען טראָגן איבערן וואַלד. ערשט איצט האָבן זיי זיך געכאַפּט, אַז ס׳רעגנט. ס׳פֿינצטערניש איז געשטאַנען, ווי אַ וואַנט. דער עראָפּלאַן האָט זיך געדרייט איבערן וואַלד פֿינף מינוט, צען מינוט, פֿופֿצן מינוט. קאָליע און אַבראַשע האָבן מיט די אויגן געעגבערט (5) ס׳פֿינצטערניש, געזוכט אינעם חושך אַ פֿלעמל. ס׳איז גאָרנישט געווען צו זען. אַבראַשע האָט זיך נירעריקער אַראָפּגעלאָזט. דער ווײַזער אויפֿן ציפֿערבלאַט האָט געשלונגען טויזנטער, און אַז ער האָט דערגרייכט פֿינף טויזנט פֿוס, האָט פֿון וואַלד אַ פֿלעמל זיך אַ צונד געטאָן, באַלד אַ צווייטנס.

אַבראַשע און קאָליע האָבן אָפּגעאָטעמט.

— דער ווינט בלאָזט, דאַכט זיך, צו מערבֿ־צו? — האָט אַבראַשע זיך געפֿרעגט, נישט געוואַרט אויף קיין ענטפֿער און האָט אַ דריי געטאָן דעם עראָפּלאַן קעגן ווינט, צו מזרח־צו.

ער האָט אָפּגעשטעלט דעם מאָטאָר.

פֿון דער פּלוצעמדיקער שטילקייט זײַנען די אויערן געוואָרן טויב. אַזוי האָט אָנגעהאַלטן אַ ווײַל. באַלד האָט זיך געהערט ווי דער רעגן לויפֿט

---

3. nudo. 4. ריזיקירט. 5. דורכגענומען, דורכגעדרונגען.

איבערן עראָפּלאַן, קלאַפּט מיט קינדערשע טריטלעך. און דער עראָפּלאַן, ווי אַ ריזיקער פויגל מיט צעשפּרייטע פליגל, האָט זיך געגליטשט צווישן רעגן און פינצטערניש. פון אימפּעט אַ לויף געטאָן איבער וואַלד־אויסהאַק און איז געבליבן שטיין אָן אָטעם.

טירלעך האָבן זיך געעפנט. חבֿרשע הענט האָבן זיך געדריקט. און אַז פּאַרטיזאַנער האָבן גענומען אויסלאָדענען (6) דעם עראָפּלאַן, האָט אַבֿראַשע אַ נעם געטאָן אָן אַ זײַט דאַווידן, וואָס האָט געוווינט אויפן פּאָדאָל אַ טיר איבער אַ טיר מיט אַבֿראַשען.

— דער טאַטע הענגט נאָך?

— ער הענגט נאָך.

— איך וויל אים אַראָפּנעמען.

— איך וועל גיין מיט דיר.

און אַז ביידע האָבן זיך איבערגעטאָן, געהאַט מיט זיך דערלויבענישן אויף דײַטש, אַז זיי גייען אויף נאַכטאַרבעט, האָט אַבֿראַשע אַרומגענומען קאַליען:

— אויב איך וועל ביז פיר אַ זייגער נישט זײַן צוריק, זעץ זיך אַרײַן אינעם עראָפּלאַן און פלי אַוועק.

זיי האָבן זיך צעקושט.

דאָס קלאַפּן פון דעם רעגן אין די ביימער, אין די צווײַגן, האָט אײַנגעזאַפּט אין זיך די אַרומיקע קולות. ס'איז שווער געווען אויפצוכאַפּן, וואָס עס טוט זיך אַרום. און אין די אויערן איז געשטאַנען זיך דער רויש פון וואַסער. פון מאָל צו מאָל האָט אַ קראָ (7) זיך צעקראַקעט. זיי זײַנען געגאַנגען מיטן וואַלד איבער אַ שעה, געגאַנגען און כמעט געשוויגן. דערנאָך זײַנען זיי אַרוים אויף אַ זײַטיקן וועג, אויסגעזעצט פון ביידע זײַטן מיט קאַשטאַנביימער.

די נאַכט, אַ צעוויינטע, איז פול געווען מיטן קאַפּען פון רעגן.

— נאָך ווײַט? — האָט אַבֿראַשע געפרעגט.

— ניין, — האָט דאַוויד געענטפערט. — אָט איז דאָס בית־עולם.

ס'האָבן זיך געהערט טריט. עמעצער האָט אַ געשריי געטאָן:

— האַלט! — און צוגעגעבן אויף רוסיש: — שטיי!

אַ דײַטשישער זעלנער, מיט אַן אָנגעשטעלטער ביקס צום שיסן, האָט זיך אָפּגעשטעלט אַ צוואַנציק טריט פון זיי.

— ווּהין גייט איר?

— אויף נאַכטאַרבעט.

— ווּ איז אײַער „פּראָפּוסק" (8)?

— אָט איז ער, — האָט דאַוויד אים אַרויסגענומען פון דער אייבערשטער רעקל־קעשענע.

---

6. אַרויסטראָגן דעם באַגאַזש. 7. cuervo. 8. דערלויבעניש.

— שטעך אַן דעם "פּראָפּוסק" אויפֿן שפּיץ פֿון מײַן באַגנעט.
און ווי דאַוויד איז צוגעגאַנגען צום זעלנער און מיט דער רעכטער האַנט אַרויסגעשטאָכן ס'פֿאַפּירל אויפֿן באַגנעט, האָט ער מיט דער לינקער האַנט אַ זעץ געטאָן איבער דער ביקס. ס'איז געווען אַזוי אומדערוואַרט, אַז דער דײַטש האָט פֿאַרלוירן ס'גלײַכגעוויכט (9). אין דער זעלבער רגע האָט אַבראַשע זיך אַ וואָרף געטאָן אויפֿן דײַטש. און ווי ער האָט זיך אַ וואָרף געטאָן, האָט ער זיך געיִשובֿט (10), צי ער זאָל דעם דײַטש דערשיסן, צי דערשטיקן. פֿון פֿרייד און גבֿורה האָט ער געוואָלט בילן ווי אַ הונט, וואָיען ווי אַ וואָלף. דאָס אַלץ האָט געדויערט ווייניקער ווי אַ סעקונדע. ער האָט אַליין נישט געוווּסט, ווען ער האָט געהאַט אַרויסגעכאַפּט ס'יעגער־מעסער. אַזוי איז ער געלעגן אויפֿן דײַטש, אים געקוקט אין די קאַלטע, שטאָלענע אויגן. דערנאָך האָט ער אַ צי געטאָן מיטן מעסער און שטיל אַ זאָג געטאָן:
— דאָס האָב איך, דער ייִד אַבראַשע, נקמה גענומען פֿאַר מײַן טאַטן.
אַבראַשע און דאַוויד האָבן געשפּרײַזט מיטן טויטן דײַטש איבער קיִע־ווער בית־עולם. זיי האָבן געשפּרײַזט איבער די צעוואָרפֿענע קבֿרים.
דער רעגן איז געוואָרן שטאַרקער, געפֿאַלן איבער די מצבֿות מיט אַ פּאַטשערײַ.
פֿון פֿינצטערן בית־עולם האָט זיך געהערט אַ פֿאַרשטיקט געוויין.
האָט אַבראַשע געוויינט?
האָט דער געהאַנגענער זיך געראַנגלט מיטן שׂונא?
אַבראַשע האָט אַראָפּגענומען דעם טאַטן פֿון בוים און אויף אים אויפֿ־געהאָנגען דעם דײַטש.
געבויגענע האָבן ביידע, אַבראַשע און דאַוויד, געטראָגן דעם מת אין וואַלד אַרײַן.
אַ שטיק פֿאַר פֿיר איז אַבראַשע, אַן אָנגעפּעלצטער, שוין געזעסן אין דעם עראָפּלאַן הינטערן האַלבן ראָד. לעבן אים קאָליע.
די מאָטאָרן האָבן געסאָפּעט. דער ווײַזער אויפֿן ציפֿערבלאַט האָט זיך געהויבן: פֿינף טויזנט, צען טויזנט, פֿופֿצן טויזנט. קאָליע, אַ צעשטראָלטער, האָט געהויבן מיט דער האַנט. געהייסן האָט עס:
— אַבראַשע, האַרציקער אַבראַשע, העכער, הייב זיך העכער!
ס'פּנים בײַ אַבראַשען האָט אויפֿגעלויכטן.
די נאַכט איז אַנטקעגן געריטן אין אַן עראָפּלאַן פֿינף און צוואַנציק טויזנט פֿוס איבער דער ערד.

9. equilibrio.   10. געטראַכט.

# חנה סענעש

קאַדיע מאָלאָדאָווסקי

## א



חנה סענעש

אין מיטן פון דער צווייטער וועלט-מלחמה זײַנען אָנגעקומען ידיעות, אַז דער רשע היטלער הרגעט אויס אַלע ייִדן. מען האָט דערציילט, אַז ער האָט אויסגעבויט טויטלאַגערן, מיט גאַזקאַמערן. מע פירט אַהין אַוועק אין באַנען הונדערטער טויזנטער ייִדן פון פוילן און פון אַנדערע אייראָפּעישע לענדער און מע ברענגט זיי אום.

אַ שווידער (1) איז באַפאַלן די ייִדן איבער דער וועלט, אַ פינצטערקייט האָט זיך אַראָפּגעלאָזט אויף אַלע ייִדישע הײַזער. אַנדערע האָבן נישט געגלייבט, אַז דאָס קען זײַן אַן אמת. אָבער אין עטלעכע חדשים אַרום זײַנען אָנגעקומען זיכערע ידיעות, אַז היטלער הרגעט אויס דאָס ייִדישע פאָלק.

וואָס טוט מען? ווי קען מען זיי ראַטעווען? היטלערס אַרמייען זײַנען שטאַרק, זיי הערשן כמעט איבער גאַנץ אייראָפּע. מען קען אַהין נישט צוקומען נישט מיט שיפן און נישט מיט באַנען.

די ארץ-ישׂראלדיקע ייִדן זײַנען געווען אין טרויער, פונקט ווי אַלע ייִדן איבער דער גאָרער וועלט. עס זײַנען געווען אייניקע, וואָס האָבן נישט געקענט רוען. זיי האָבן געזאָגט: דאָרט הרגעט מען אויס אונדזער פאָלק, און מיר וועלן זיצן און גאָרנישט טאָן?

האָט מען דערגרייכט, אַז די ענגלישע אַרמיי זאָל שיקן פאַראַשוטיסטן, וואָס זאָלן זיך אַראָפּלאָזן פון עראָפּלאַנען אין די לענדער, וואָס היטלער האָט אײַנגענומען, כדי זיי זאָלן העלפן די ייִדישע פאַרטיזאַנען פון די לענדער אין זייער קאַמף קעגן די דײַטשן.

---

1. גרויסע שרעק.

אין דער הגנה האָבן זיך געפונען מענטשן, וואָס האָבן פרײַוויליק זיך אונטערגענומען צו דינען אַלס פּאַראַשוטיסטן אין דער ענגלישער אַרמיי, כאָטש עס איז געווען אַ געפאַר אַרײַנצופאַלן גלײַך אין די הענט פון היט־לער־מערדער.

זיי האָבן געוואָלט אַזוי אַרום זיך פאַרבינדן מיט די ייִדן אין די לענ־דער אונטער היטלערן און זיי העלפן. צוויי און דרײַסיק פּאַראַשוטיסטן זײַ־נען אַרויסגעפלויגן זיך צו פאַרבינדן מיט די ייִדן פון אייראָפּע. פון די צוויי און דרײַסיק זײַנען בלויז אַ צאָל געקומען לעבעדיק צוריק. אַלע אַנדערע זײַנען אומגעקומען פון די דײַטשע הענט.

## ב.

צווישן די פּאַראַשוטיסטן איז געווען אַ יונג מיידל, חנה סענעש. זי איז געווען אַ מיטגליד פון דעם קיבוץ קיסריה. זי איז געבוירן געוואָרן אין אונגאַרן. איר פאָטער איז געווען אַ שרײַבער. חנה סענעש אַליין האָט אויך געשריבן לידער און דראַמעס.

ווען די מלחמה האָט זיך אָנגעהויבן, איז זי אַוועקגעפאָרן קיין ארץ־ישׂראל. זי איז אַרײַן אין קיבוץ, און האָט זיך פאַרנומען מיט ערדאַרבעט. זי איז אויך געווען אַ מיטגליד פון דער הגנה. זי האָט שטענדיק געטראַכט וועגן די ייִדן אין אייראָפּע און וועגן איר משפחה, וואָס איז געבליבן אין אונגאַרן, אין היטלערס הענט.

ווען מען האָט זיך דערוווּסט, וואָס היטלער טוט מיט די ייִדן, האָט חנה סענעש געפילט, אַז זי מוז עפּעס טאָן — זי קען נישט בלײַבן רויִק אין דער צײַט פון גרויסן ייִדישן אומגליק. זי האָט פאַרשריבן אין איר טאָג־בוך: „אַ קול רופט מיך, און איך וועל גיין נאָך דעם קול. איך בין אַ טאָכטער פון מײַן פאָלק און דאַרף מײַן פאָלק דינען“.

עטלעכע וואָכן האָבן זיי זיך געלערנט — פינף מענער און איין פרוי, חנה סענעש — ווי זיך אַראָפּצולאָזן אויף דער ערד מיט אַ פּאַראַשוט. ווען די לערע האָט זיך געענדיקט, זײַנען זיי בײַ נאַכט אַרויסגעפלויגן מיט אַן עראָפּלאַן. עטלעכע חבֿרים פון דער הגנה האָבן זיך מיט זיי בסוד געזעגנט. דער עראָפּלאַן איז פאַרשוווּנדן אין די וואָלקנס.

זיי האָבן זיך אַראָפּגעלאָזן אין יוגאָסלאַוויע. צען טעג זײַנען זיי גע־גאַנגען צו פוס. זיך געגנבֿעט בײַ נאַכט, מען זאָל זיי נישט כאַפּן. זיי האָבן זיך דערשלאָגן צו אַ גרופּע יוגאָסלאַווישע פּאַרטיזאַנען, וואָס האָבן זיך גע־פונען אין וואַלד און געקעמפט מיט דער היטלערישער אַרמיי.

די פּאַרטיזאַנען זײַנען געווען זייער איבערגעראַשט, ווען זיי האָבן דערזען דאָס ייִדישע מיידל פון ארץ־ישׂראל בײַ זיך אין לאַגער. צווישן די פּאַרטיזאַנען זײַנען געווען אויך ייִדן. פאַר די ייִדן האָט עס אויסגעזען ווי אַ נס: ווי פון הימל זײַנען צו זיי געקומען שליחים פון ארץ־ישׂראל. דאָס

איז פאַר זיי געווען אַ דערמוטיקונג (2) און אַ טרייסט. עס האָט זיי געגעבן האָפענונג, אַז די ייִדן זײַנען נאָך נישט פאַרלוירן.

ווען חנה סענעש איז געווען מיט די פּאַרטיזאַנען, איז פאָרגעקומען אַ שלאַכט (3) מיט די דײַטשן. נאָך דער שלאַכט האָבן זיך די פּאַרטיזאַנען ווידער באַהאַלטן אין די וועלדער. חנה סענעש האָט באַשלאָסן גיין ווײַטער און אָנקומען קיין אונגאַרן. דאָרט האָט זי געוואָלט זיך פאַרבינדן מיט די אונגאַרישע ייִדן. דער קאָמאַנדיר פון די פּאַרטיזאַנען האָט באַוווּנדערט איר גבֿורה. ער האָט זי געוואָרנט (4), אַז זי גייט אויף אַ זיכערן טויט. אָבער הנה סענעש האָט באַשלאָסן גיין. זי האָט געזאָגט, אַז זי איז אַ שליח פון ייִדישן פאָלק, און אַ שליח מוז טאָן זײַן שליחות. זי און אַ צווייטער חבֿר האָבן זיך געלאָזט צו דער אונגאַרישער גרענעץ.

ג

אין אונגאַרן האָט זיך חנה סענעש פאַרבונדן מיט דער אונטערערדי־שער (5) באַוועגונג, וואָס האָט געקעמפט מיט היטלערן. זי האָט אײַנגע־שטעלט אַ געהיימע (6) ראַדיאָ־סטאַנציע אויף צו פאַרבינדן זיך מיט די פרײַע לענדער.

די דײַטשן האָבן אויסגעשפּירט (7) די ראַדיאָ־סטאַנציע און אַרעס־טירט חנה סענעש. מען האָט זיי אַרײַנגעזעצט אין תּפיסה. מען האָט איר פאָרגעלייגט, אַז זי זאָל בעטן באַגנאַדיקונג (8), וועט מען זי נישט שיסן. זי האָט זיך אָפּגעזאָגט. זי האָט זיי געענטפערט: זי בעט נישט קיין באַגנע־נאַדיקונג בײַ מערדער.

איין טאָג איז צו איר אין צעל געקומען אַן אָפיציר און האָט איר געזאָגט, אַז מען גרייט זיך זי שיסן. ער האָט איר פאָרגעלייגט, אַז מען זאָל איר פאַרבינדן די אויגן, זי זאָל נישט זען, ווי מען שיסט זי. זי האָט זיך אָפּגעזאָגט. זי האָט געזונגען די „התּקוה", ווען מען האָט זי אַרויסגע־פירט צום טויט.

זומער 1951 האָט מען חנה סענעשעס אָרון געבראַכט פון אונגאַרן קיין ארץ־ישׂראל. טויזנטער מענטשן זײַנען געפאָרן צום פאָרט פון חיפה באַגעגענען דעם אָרון. איבערן גאַנצן וועג איז מען פון אַלע ישובֿים אַרויס־געקומען באַגלייטן דעם אָרון פון חנה סענעש. מען האָט זי געפירט צום קיבוץ קיסריה, וווּ זי איז געווען אַ מיטגליד, און דערנאָך געבראַכט קיין ירושלים און זי באַערדיקט (10) אויפן הר הרצל.

נאָך איר טויט איז געבליבן צווישן אירע זאַכן אַ ליד, וואָס זי האָט אָנגעשריבן אויף העברעיִש:

---

2. צוגעבן מוט, שטאַרקונג. 3. קאַמף. 4. אָנגעזאָגט פרײַער. 5. אומלעגאַלע, וואָס האָבן געאַרבעט באַהאַלטן. 6. סעקרעטנע. 7. געפונען, אויפגעדעקט. 8. indulto. 9. מקבר געווען.

ווײַל איז דעם שוועבעלע, וואָס ברענט אין האַרצן
וואָס ווערט פאַרברענט פאַרבאָרגן.
און צעפלאַקערט אַ פלאַם. ווײַל איז דעם האַרץ,
ווײַל איז דעם פלאַם, וואָס קען שטאַרבן מיט כּבֿוד.

חנה סענעשעס העלדישער טויט האָט אָנגעצונדן מיליאָנען ייִדישע הערצער מיט איר ליבשאַפט צום פאָלק און מיט איר גרייטקייט צו שטאַרבן אַבי צו העלפן איר פאָלק.

## שמערקע קאַטשערגינסקי — יוגנט-הימען

אונדזער ליד איז פול מיט טרויער,
דרײַסט (1) און מונטער (2) אונדזער גאַנג;
כאָטש דער שׂונא וואַכט (3) בײַם טויער,
שטורעמט יוגנט מיט געזאַנג:
יונג איז יעדער, ווער עס וויל נאָר,
יאָרן האָבן קיין באַטײַט,
אַלטע קענען אויך זײַן קינדער
פון אַ נײַער, פרײַער צײַט.

ווער עס וואָגלט (4) אום אויף וועגן,
ווער מיט דרײַסטקייט ס'שטעלט זײַן פּוס
ברענגט די יוגנט זיי אַנטקעגן
פונעם געטאָ אַ גרוס.
יונג איז יעדער... (אאַ"וו.)

מיר געדענקען אַלע שׂונאים,
מיר געדענקען אַלע פרײַנד,
אייביק וועלן מיר דערמאָנען,
אונדזער נעכטן מיטן הײַנט.
יונג איז יעדער... (אאַ"וו.)

קלויבן מיר צונויף די גלידער, (5)
ווידער שטאָלן (6) מיר די ריי;
גייט אַ בויער, גייט אַ שמידער, (7)
לאָמיר אַלע גיין מיט זיי!
יונג איז יעדער... (אאַ"וו.)

---

1. בראַוו. 2. פריילעך. 3. היט אָפּ. 4. וואַנדערט. 5. טיילן פון קערפּער.
6. שטאַרקן ווי שטאָל. 7. herrero.

משה דלוזשנאַווסקי

# אַ גערשימענישפּולער
## שיפסקאַפּיטאַן *

געווען איז עס אין זומער פון יאָר נײַנצן הונדערט איין און פערציק.

אַ קליינע לאַסטשיף (1) האָט זיך אַ גאַנצע נאַכט געוויגט אין די מיטנע (2) וואַסערן פון אַטלאַנטישן אָקעאַן, אויף דער פראַנצויזיש־שפּאַנישער גרענעץ.

אין אַ רעגנדיקן פאַרנאַכט איז די שיף פון ערגעץ אָנגעקומען. איר סילועט איז אַרויסגעשווומען אויפן האָריזאָנט און ווײַטער פאַרשוווּנדן.

אין דער איינציקער קאַיוטע (3) פון דער שיף האָט זיך אַרומגעדרייט דער קאַפּיטאַן, אַ פאַרזאָרגטער, אַ פאַרטראַכטער. ווי אַ געפאַנגענער לייב האָט ער געשפּאַנט אין דעם קליינעם צימערל הין און צוריק, אַ ווײַלע אָפּגעשטעלט זיך בײַם טיש, אַרײַנגעקוקט אין אַ מאַפּע, געפאַרשט און ווידער געשפּאַנט איבער דער קאַיוטע.

עס איז אַרײַנגעקומען אַן אָפיציר און געמאָלדן:

— מיר זײַנען אויף דרום־זײַט פון באַיאָן. עס איז דאָ אַ באַפעל פון דער נײַער מאַכט אין ווישי (4), אַז קיין איין שיף טאָר נישט פאַרלאָזן דעם פּאָרט.

— מיר וועלן די סחורות נישט אויסלאָדן פאַר די דײַטשן, — האָט דער קאַפּיטאַן געברומט, — אין ים וועל איך אַלץ וואַרפן און די דײַטשן גאָרנישט געבן!

— וואָס זאָלן מיר טאָן מיט דער שיף? פאַראַנקערן (5), אָדער...

— טאַקע אין דעם האַנדלט עס זיך, — האָט זיך דעם קאַפּיטאַנס פּנים אָנגעכמורעט (6). — בײַם פּאָרט אין באַיאָן געפינען זיך הײַנט טויזנטער, טויזנטער הימלאָזע. ווי איך פאַרשטיי, שטייען זיי שוין דאָ טעג און נעכט, וואַרטן אויף אַ שיף אָדער אויף אַ נס. מען האָט מיר געלאָזט וויסן, אַז די

---

*) אומבאַוווּסטער, פול מיט סודות. 1. שיף וואָס פירט סחורות. 2. דאָ: טונקעלע. 3. קאַבינע. 4. די הויפּטשטאָט פון דער פראַנצויזישער רעגירונג, וואָס האָט קאָלאַבאָרירט מיט היטלערן. 5. anclar. 6. פאַרוואָלקנט, פינצטער געוואָרן.

מענטשן זײַנען גרייט צו שפּרינגען אין ים אַרײַן. איך טראַכט, אפשר וואָלט איך אויף דער שיף אַרויפגענומען עטלעכע הונדערט נפשות און אַוועק מיט זיי.

דער אָפיציר האָט געמאַכט אַ טראַט פאָרויס.

— מיר האָבן קוים וואַסער און שפּײַז פאַר דער מאַנשאַפט (7), — האָט ער גערעדט אין אַן אייליקן טאָן,— מיר מוזן פאַר טאָג פאַרלאָזן דעם פּאָרט. די דײַטשן זײַנען שוין אין די שטעט פון די פּירענייען. אין דער שטאָט באַיאָן פעלט אויס שפּײַז.

דער קאַפּיטאַן האָט פאַררייכערט אַ קליינע האָלענדישע פּײַקע (8), אַרויסגעלאָזט וואָלקנס רויך; זײַן שטערן האָט זיך געקנייטשט און דאָס ענערגישע פּנים, אײַנגעראַמט אין אַ קורץ געשוירן שוואַרץ בערדל, האָט געצוקט (9) פון נערוועזישע טרייסלונגען.

— איך האָב באַשלאָסן, — האָט דער קאַפּיטאַן געזאָגט געלאַסן, אָבער פעסט, — מיטצונעמען אויף מײַן שיף עטלעכע הונדערט נפשות, ראַטעווען עטלעכע הונדערט מענטשן!

— עס איז אוממעגלעך, קאַפּיטאַן!

— פאַר וואָס איז עס אוממעגלעך? עס איז אונדזער פליכט (10)!

— מע וועט דאַרפן צושווימען צום ברעג אַרויפצונעמען די מענטשן, מע וועט זיי דאַרפן שפּײַזן, געבן וואַסער צו טרינקען. מיר האָבן עס נישט, קאַפּיטאַן! און די הויפּטזאַך: ווען מיר זאָלן צושווימען צום ברעג, וועט אונדז אַ דײַטשישער פּאַטרול כאַפּן!

דער קאַפּיטאַן, אַ הויכער, אַ דאַרער, מיט גרויע שאַרפע אויגן אין זײַן ענערגישן פּנים, האָט אויסגעהערט דעם אָפיציר און ווידער גענומען שפּאַנען הין און צוריק.

— איך ווייס דאָס אַלץ, — האָט ער געזאָגט, — איך האָב אָבער באַשלאָסן מײַן שיף מיט די סחורות נישט איבערצוגעבן די דײַטשן. מיר וועלן נעמען די ריכטונג פון פּאָרטוגאַל. איך ווייס נאָך נישט וווּהין. פאַר וואָס זאָלן מיר נישט ראַטעווען עטלעכע הונדערט לעבנס?

— אַן אונטערנעמונג (11), וואָס קען זיך ענדיקן קאַטאַסטראָפאַל. די וואַסערן זײַנען פול מיט מינעס, דײַטשישע סובמאַרינען לויערן (12) פון אַלע זײַטן, — האָט דער אָפיציר גערעדט.

— מיר האָבן שוין דורכגעפירט שווערערע אונטערנעמונגען. דאָס מאָל וועלן מיר ווידער ריזיקירן. ווער ווייסט? אפשר דאָס לעצטע מאָל...

— איז דאָס אײַער ענדגילטיקער (13) באַשלוס, קאַפּיטאַן? אויב יאָ, וועלן מיר מוזן האַנדלען (14) בליץ־שנעל.

— עס איז מײַן ענדגילטיקער באַשלוס, — האָט דער קאַפּיטאַן אַ שאָקל געטאָן מיטן קאָפּ. פינף אַ זייגער פאַרטאָג שווימען מיר צו צום ברעג, פאַר־

7. מענטשן וואָס באַדינען די שיף. 8. pipa. 9. געציטערט. 10. חוב.
11. אַרבעט. 12. acechan. 13. לעצטער. 14. טאָן.

וואַרפן לייטערס און אַ בריק. די מענטשן, וואָס שטייען בײַם דרום־זײַט פון פּאָרט, האָבן זיכער געזען די שיף, זיי וועלן נישט אָפּטרעטן אַ גאַנצע נאַכט. עס איז זייער איינציקע רעטונג. אָפיציר, זעט, אַז אַלץ זאָל זײַן פּאַרטיק!

— אַלץ וועט זײַן גרייט, קאַפּיטאַן!

בײַ נאַכט האָבן טויזנטער מענטשן באַלאַגערט(15) דעם פּאָרט אין באַיאָן, אַ גאַנצן טאָג זײַנען זיי אַרומגעלאָפן איבער די קליינע געסלעך פון דער פּאָרטשטאָט, ווי מײַז אין אַ פּאַסטקע (16), אַהין און צוריק; געלאָפן אין די פאַרשידענע קאָנסולאַטן, געלאָפן צום פּאָרט. — אפשר וועט זיך געפינען אַ שיף, וואָס וואָלט זיך געוואָלט לאָזן אין ים זוכן עפּעס אַ לאַנד, וווּ זיך צו ראַטעווען.

די נאַכט איז פּאַמעלעך אויסגעגאַנגען. עס האָט גענומען זיך אויס־שיילן אַ גרויע ליכטיקייט. די לאַסטשיף האָט זיך דערנענטערט צום ברעג. בײַ דער געפּלאָגטער (17) מענטשן־מאַסע אויף דער יבשה האָט מען גע־הערט איינער דעם אַנדערנס אָטעם, דאָס קלאַפּן פון צוווייטנס האַרץ פאַר אויפרעגונג.

בײַם אַנזערנעם לייטער אויף דער שיף האָט זיך באַוויזן אַ מאַן אין אַן אוניפאָרעם. ער האָט אַ רגע באַטראַכט די צונויפגעקוועטשטע מאַסע און אויסגערופן:

— איך נעם אײַך אַלעמען אַרויף אויף דער שיף! איך האָב נישט קיין שפּײַז און וואַסער. מער ווי פאַר מײַנע מאַטראָסן (18), אָבער מיר וועלן זיך טיילן מיט אײַך אַלעמען. ווער עס קען מיטנעמען מער עסנוואַרג, זאָל עס טאָן. מיר צִיען גלײַך אויף דעם אַנקער.

ער האָט נישט פאַרענדיקט די עטלעכע פּשוטע ווערטער, און פון אַלעמענס הערצער האָבן זיך אַרויסגעריסן קולות פון פרייד און באַגײַסטער־רונג. די מענטשן האָבן געוויינט פאַר פרייד און ווי אַ שטורמישע לאַווע זיך געריסן אויף דער שיף אַרויף.

אין עטלעכע צענדליק מינוט איז דער אַנקער געוואָרן אויפגעהויבן. פון קוימען האָט געזעצט אַ געדיכטער רויך, און די שיף האָט גערירט פון אָרט, געוויגט זיך אומזיכער אויף אַלע זײַטן און אַרײַנגעשווומען אינעם ברייטן אָקעאַן.

די שיף האָט אויף זיך איצט געהאַט אַ לאַדונג פון אַכט הונדערט נפשות. זי איז געשווומען אין דער שפּאַנישער ים־זאָנע, פּאָרזיכטיק. דעם קאַפּיטאַן, וואָס האָט געראַטעוועט די אַכט הונדערט מענטשן, האָט גע־דראָט פון דער מאַכט אַ שטראָף פון טויט. די שיף האָט געהאַט איין איינ־ציקע קאַיוטע פאַרן קאַפּיטאַן און אַ צוואַנציק מאַטראָזן מיט אָפיצירן.

---

15. דאַ: פאַרפולט. 16. trampa. 17. געיאָגטער. 18. וואָס באַדינען אַ שיף.

דער דעק איז געווען באַלייגט מיט ברעטער, אײַזנס. די שיף האָט זיך געוואָרפן אין די שטורמישע כוואַליעס, ווי אַ שאָלעכץ (19) פון אַ נוס. די מענטשן זײַנען אַוועקגעפאַלן אויפן דעק מידע, פאַרמאַטערטע און פול מיט האָפענונג און בענטשונג פאַר דעם אומבאַקאַנטן רעטער (20).

די שיף איז ערשט געהאַט אָנגעקומען פון מאַרטיניק, זי האָט געפירט אַ סך קעסטלעך רויע באַנאַנעס, וואָס זײַנען געלעגן אין די קעלערן. די באַנאַנעס זײַנען נאָך נישט געווען רײַף צו עסן, האָט דער קאַפּיטאַן באַפוילן, מע זאָל די פּירות וואַרפן אין ים אַרײַן, כּדי מען זאָל מאַכן אָרט פאַר די פּרויען, אַלטע לײַט און פאַר די קינדער, זיי זאָלן קענען די קעפּ אַוועקלייגן אין די קעלערן. די מאַטראָסן האָבן זיך געטיילט מיט דעם לעצטן ביסן ברויט און מיט דעם לעצטן ביסל וואַסער.

צווישן די אַכט הונדערט נפשות האָבן זיך געפונען מענטשן פון זיבעצן נאַציאָנאַליטעטן, דער גרעסטער טייל זײַנען געווען ייִדן פון פאַרשידענע לענדער, וואָס זײַנען פריִער אַנטלאָפן קיין פראַנקרײַך.

דער קאַפּיטאַן איז אַליין געשטאַנען בײַם רודער און געפירט די שיף דורך אַלע געפערלעכע ערטער. ווען ער איז געווען פרײַ, האָט ער מיט אַלע כּוחות באַרויִקט די מענטשן־מאַסע, זיי זאָלן נישט זאָרגן, ער וועט זיי שוין ברענגען צו אַ ברעג. און בײַ זיך האָט ער אַליין נישט געוווּסט — וווּהין.

שוין עטלעכע טעג איז די שיף געשוווּמען אינעם אַטלאַנטיק. די מאַטראָסן האָבן שוין אַוועקגעגעבן זייער לעצטן ביסן ברויט. אַ סך מאָל האָט די שיף אויסגעמיטן דײַטשישע טאָרפּעדאָס און סובמאַרינען. די מענטשן אויף דער שיף זײַנען געווען פאַרזאָרגטע און בייז. זיי האָבן נישט געוווּסט, וווּהין זיי שווימען. זיי האָבן זיך געקריגט צוליב אַ טראָפּן וואַסער, צוליב אַ פאַרדאַרטער סוכאַרקע. ערשט אויפן זעקסטן טאָג איז די שיף אָנגעקומען אינעם פּאָרט פון דער שטאָט ליסאַבאָן אין פּאָרטוגאַל.

אינעם פּאָרט זײַנען געשטאַנען אַ סך שיפן פון פאַרשידענע לענדער, וואָס זײַנען איצט געווען אין מלחמה. בײַ נאַכט האָבן ריזיקע רעפלעקטאָרן געוואָרפן ליכט אויף אַלע זײַטן. די שיפן זײַנען דאָ געשטאַנען אײַנגעגליווערטע(21), אויסגעזען ווי פאַנטאַסטישע פעלדזן אין אַלערליי געשפּענסטיקע געשטאַלטן. אויף די שיפן איז דאָס לעבן געווען אויסגעלאָשן.

אין פּאָרטוגאַל האָט מען נישט געוואָלט אַרײַנלאָזן די אויסגעמאַטערטע, הונגעריקע מענטשן־מאַסע, טויזנטער נײַע פּליטים, וואָס האָבן דאָ אַהער געשטראָמט פון אַלע זײַטן וועלט. דער אומבאַקאַנטער קאַפּיטאַן פון דער לאַסטשיף „עספּעראַנס“. אויף וועלכער עס האָבן זיך געפונען אַכט הונדערט לעבנס, איז יעדן טאָג צוגעשוווּמען אין שטאָט אַרײַן, געבעטן אַ שיף, מע זאָל קאָנען די מענטשן פירן ווײַטער, ווײַל זײַן לאַסטשיף האָט

19. cáscara. 20. אויסלייזער, העלפער. 21. פאַראַליזירטע.

זיך שוין מער נישט געקענט שלעפּן איבערן ים. ענדלעך איז אים געלונגען צו באַקומען אַ נײַע לאַסטשיף. ווו מען האָט די מענטשן־מאַסע אַרויפגעלאָזן.

דער אומבאַקאַנטער קאַפּיטאַן איז אויף דער שיף נישט אַרויף.

עס איז געווען אַ פאַרנאַכט. די זון האָט זיך צעברענט אין פלאַמיקן גאָלד איבער די בלויע וואַסערן פון אַטלאַנטיק און געלאָשן אירע לעצטע שטראַלן. די אַכט הונדערט מענטשן האָבן זיך געריסן מיט זייער אָרעם ביסל באַגאַזש, ווער אַ וואַליזקעלע, ווער אַ פעקעלע, ווער אַ העמד, געריסן זיך וואָס שנעלער אַריבערצולויפן די שטריקלייטערס פון איין שיף צו דער אַנדערער.

אויף דעם דעק פון זײַן קליינער לאַסטשיף, וואָס איז איצט געווען אויסגעליידיקט פון מענטשן, איז געשטאַנען דער אומבאַקאַנטער קאַפּיטאַן, אַרומגערינגלט מיט עטלעכע מאַטראָסן. זײַן קליינע פּײַקע האָט בײַ אים געציטערט צווישן די ליפּן, און די אויגן האָבן לײַכט געטרערט פאַר אויפ־רעגונג און איבערלעבונג... ער איז געשטאַנען אין דעם בין־השמשות־ליכט (22), גערירט פון דעם אויסגעשריי פון מענטשלעכער דאַנקבאַרקייט צו דעם אומבאַקאַנטן קאַפּיטאַן.

די שיף מיט די אַכט הונדערט מענטשן האָט איצט געשניטן די וואַ־סערן צו די נאָרד־אַפריקאַנישע ברעגן, צו די פראַנצויזישע קאָלאָניעס.

ווער איז געווען דער אומבאַקאַנטער רעטער?

איין ייִד האָט געזאָגט, אַז עס איז געווען אליהו הנבֿיא אין דער גע־שטאַלט פון אַ פראַנצויזישע קאַפּיטאַן. אַ צווייטער ייִד האָט געזאָגט, אַז עס איז געווען אַ פשוטער מענטש מיט אַ וווּנדערלעך גוט האַרץ, וואָס האָט אין דער לעצטער רגע געראַטעוועט אַכט הונדערט מענטשן, נישט פאַר־לאַנגט פון זיי גאָרנישט, נישט קיין געלט, נישט קיין פּאַפּירן. אַ דריטער ייִד האָט געזאָגט, אַז ער איז געווען אַ העלד, אַ מענטש, וואָס איז אַלע מאָל גרייט צו גרויסע מעשׂים.

מען האָט מער פון אים נישט געהערט. נאָר דאָס געשטאַלט פון דעם אומבאַקאַנטן קאַפּיטאַן האָט זיך אײַנגעקריצט (23) אין מײַן זכּרון מיט טיי־פער פאַרערונג (24), ווײַל איך אַליין האָב זיך אויך געפונען אויף יענער שיף און איך אַליין בין געראַטעוועט געוואָרן אַ דאַנק דעם געהיימענישפולן פראַנצויזישן שיפסקאַפּיטאַן.

---

22. צווישן טאָג און נאַכט. 23. se grabó. 24. כּבֿוד.



## משה קנאַפּהייס

# עם ישׂראל חי

עפּנט טיר און עפּנט טויער.
שוין גענוג, גענוג דער טרויער,
מיט פּאַנען־פלאַטער שפּאַנט
אַצינד די פרײַ;
פון די בונקערס, (1) פון די לעכער,
שטײַגן (2) וועלן מיר אַלץ העכער.
ווײַל מיר זאָגן: עם ישׂראל חי!
ווידער אויפגיין וועט דאָס לעבן,
און דערמיט אַ תיקון געבן (3)

וועלן מיר דעם דור וואָס
איז פאַרבײַ!
לייג אַ ציגל (4) צו אַ ציגל,
איבער אונדז געשפּרייט אַ פליגל
האָט דער גורל: עם ישׂראל חי!
עס שײַנט די זון שוין ווידער,
דורך טרערן שײַנט דאָס גליק,
צום לעבן, שוועסטער־ברידער,
מיר קערן זיך צוריק!

ווער צום האַמער, ווער צום רידל, (5)
נעם זיך, קלעזמער, (6) צו דײַן פידל —
זאָל בײַם האַרץ אַ צופּ טאָן אַט אַזוי!
שמייכלען מאַמעס איבער וויגן,
און פאַרוויגן מיט דעם ניגון
זייערע קינדער: עם ישׂראל חי!

ווער צום שער, צום אַקעראַנײַז, (7)
וווּנדער וועלן מיר נאָך ווײַזן,
לייגט זשע אַלע צו אַ האַנט געטרײַ!
כּל־זמן מיר שטייען נאָך בײַם ראַנד (8) דאָ,
אײדער איר גייט זיך פונאַנדער,
זינגט זשע מיט אונדז: — עם ישׂראל חי!

רעפריין:
עס שײַנט... (אאַ"וו.)

---

1. באַהעלטענישן אין די געטאָס. 2. גייען אַרויף. 3. געבן אַ זינען; דערהייבן.
4. ladrillo. 5. אינסטרומענט צום גראָבן. 6. מוזיקאַנט. 7. arado.
8. ברעג.

# זופעצט

ערשטער אפטייל: שיינע, הייליקע טעג

## דריטער אָפּטייל: ג ו ט ע  מ י ד ו ת



## פערטער אָפּטייל: ב י ל ד ע ר  פ ו ן  י שׂ ר א ל

## פינפטער אָפּטייל: געשטאַלטן פון דער חורבן־צײַט



⁂

צווישן מאַטעריאַל האָב איך אויפגענומען א ריי לידער, וואָס האָבן אויך ניגונים (אין זוכצעטל זענען זיי באַצייכנט מיט א שטערנדל), און ס׳איז געווונטשן, ווע ואָל זיי נישט בלויז לערנען, נאָר אויך זינגען.